בתקופת „חומה ומגדל״ כיהן כגפיר, וכשמעוז־חיים עלתה על הקרקע, נשלח יחד עם פינקובצקי, יבדל לחיים, לשמירה על המשק.

במאורעות הדמים של שנת 1936 שמר כל הלילה על גווייתו של חיים ברוק ז״ל, שנרצח ע״י הערבים. בעלות הגרעין „משמר־הנגב״ על הקרקע, נשלח צבי לשם בתור מדריך ומארגן של החברה והמשק גם יחד. הוא קנה את האינוונטר החי וביחוד את בהמות העבודה. אסף וגיבש את החומר האנושי, שחלק מהם עבד אז בים־המלח. ארגן והדריך אותם, עד שיכלו להמשיך בעצמם.

צבי היה גם זמן קצר בעזרה ל„חמדיה״.

לצבי היתה ידיעה רחבה במדעי היהדות. בחפצי־בה עבד בהתחלה בפלחה וכחצרן. כשהתחיל לבוא הנוער אחר מלחמת העולם השניה, היה גם מדריך נוער כעיסוק צדדי והיה בא לשיעור ישר מבור הזבל ובבגדי העבודה.

ביחוד היו אהובים על תלמידיו השיעורים בתנ״ך. הוא היה מגיש אותם בצורה חיה ומעניינת. היה מאיר את הדברים מאספקטים רבים, שכן הוא עצמו קרא את טובי המפרשים והמבקרים של המקרא.

בחפצי־בה היה מראשוני מרכזי בית־הספר וגם תפקיד זה מילא לא בתור יום עבודה, כפי שהיה נהוג בימים הם, אלא כתוספת לחצרנות.

שמונה עשרה השנים האחרונות לחייו עבד במועצה האזורית גלבוע, בהתחלה בתור סגן יושב־ראש המועצה ואחר כך כמזכיר. אבל פעולתו הקיפה תחומים רבים. גם פה ריכז את שלושת בתי־הספר אשר בתשעה יישובי התע־נכים ואת גני הילדים שם. הוא ניהל את העבודה התרבותית (הצגות על במת עין־חרוד), עסק בקבלת קהל ובכל המשתמע מזה. הוא זכה להערכה רבה מטעם משרד החינוך בעד עבודתו בארגון בתי־הספר. במשך שמונה עשרה שנה ערך והוציא את „ידיעות המועצה״, החוברת החודשית על כל הנעשה בשטח שיפוט המועצה.

למרות היותו חולה לב, לא החסיר כמעט יום עבודה. עבד עד יומו האחרון. נפטר בט״ו אייר תש״ל (1970) בגיל 66. השאיר אשה, בן ובת נשואים ושמונה נכדים.



# מכלה ומוטל קלמנטינובסקי

**(שלושים למותם)**

(מתוך „למרחב")

**דמותם מלווה יומם ולילה. היד כותבת והלב מסרב להאמין. ואולי לא היה זה, אלא חלום סיוטים שנקיץ מתוכו ליום שמש. נמחה הזעה הקרה, נציץ בחלון ונראה את שניכם יוצאים או חוזרים מיום עמל. כי הרי כך הורגלנו לראותכם בכל השנים. משובצים בתוך כרי הדשא, כזוג אלונים.**

**הפלגתם מאתנו לארצות מעבר לים עמוסי שלומות וגעגועים לילדים, ראינו אתכם בנמל חיפה שוב כצעירים, מלאי סקרנות והתרגשות מהפגישה עם עולם חדש ובלתי מוכר. מכתביכם שרו שיר אושר של פגישה מחדש עם הילדים, מחוויות חדשות רשמים מסעירים. אתם כתבתם: „את הכל נספר לכם לכשנחזור..." ופתאום, הכל נקטע בצליל חד של שיחת טלפון אחת, המודיעה על תאונת דרכים. לא תשובו עוד.**

**אנשי המעשה הייתם. מאותו גזע של אנשים שאצלם ערכי החלוציות והעבודה לא מדוברים נאה, אלא נעשים שעה שעה ויום יום. מוטלה כנהג המשכים קום, והשב עם חשיכה בתום משמרת ארוכה וצבירת שעות נוספות, ומכלה, במקומות עבודה השונים, שם קיבלה את פני העובד הראשון בבוקר טוב חייכני ומאיר ורק לאחר שנפרדה מהעובד האחרון לשלום, סיימה את עבודתה. מכלה, בת דמותך עמדה לנגד משורר משלי כשכתב את שיר ההלל לאשת החיל. כל מה שמונה המשורר בדמותה, לא ממצה עדיין את כשרונותיך ויכולתך.**

**עתה, נותר החדר המטופח, פרחי הגינה בשלל גווניהם אוסף מעשה חכמת־ידייך ודמיונך היוצר ואנחנו החסרים אתכם — כעדים יחידים לחיים עשירי־המעש שנקטעו באמצע.**

**נשמור זכרכם לעד.**

קיבוץ אפק **משפחת שינמן**

## לברטובוסקי — פינקלשטיין יוסף

נולד ביאלסק־פודלאסק על יד ביאליסטוק, ב־1806. מנהל חשבונות, לפי אומנותו, ועבד בבנק עד גמר המלחמה הראשונה, לא השתייך לכל ארגון. משכיל, פעיל בשדה התרבות בעיירתו, מרבה להרצות ברבים על עניני ספרות וכדומה. ב־1918 הצטרף לתנועת פועלי ציון ועד מהרה התבלט כאחד הכוחות החשובים. היה חבר ועד גליל ביאליסטוק ופעיל בו ביותר. ציר לועידת פועלי ציון בפולין שהתכנסה בקראקא במאי 1920. עם כבוש מחוז ביאליסטוק על־ידי הצבא האדום ב־1920, היה סגן הראבקום בעיירתו. עם שוב הצבא הפולני עזב את עיירתו והסתתר בביאליסטוק. אחרי הפילוג בתנועת פועלי ציון, עבר לפועלי ציון שמאל והיה פעיל מאוד בסניף בוארשה, — פה היה חבר ועד הסניף הורשאי של מפלגתו וגם מזכיר הסניף הורשאי של אגודת הפקידים. אחרי תקופה קצרה עזב, עם שאול אמסטארדאם, את המפלגה ועבר לתנועת הקומוניסטים, ובה היה פעיל מאוד ותפס עמדות חשובות וראשיות. ביקר גם ברוסיה הסובייטית, נאסר כמה פעמים על ידי השלטונות הפולניים, ולמעלה מעשר שנים ישב בבתי הסוהר. כשבאו פעם אחת לאסרו, קפץ מחלון ביתו. ומאז צלע במקצת.

עם המלחמה יצא לביאליסטוק, והיה פעיל מאוד בימי שלטונו של הצבא האדום שם. זר לוארשה והיה שם מראשי ופעילי המחתרת היהודית. בין מארגני פארטיא רובוטניצ׳א — מפלגת הפועלים הפולנית, שמה של המפלגה הקומו־ניסטית בפולין); ממייסדי הגוש האנטי־פאשיסטי בגיטו באביב 1942. הרוח הועד היהודי הלאומי והארגון היהודי הלוחם. ממייסדי פ. פ. ר. (פאַלסקא החיה והיוזמת בהרבה פעולות במחתרת וארשה. העריך מאוד את התנועה החלוצית והתקשר לאנשיה. נרצח על ידי הנאצים בטראבלינקא, בסתיו 1942, בזמן הגירוש הגדול ושמו ברשימת 320 אנשי ציבור, מדע ואמנות יהודים, כנ״ל. הממשלה הפולנית בוארשה העניקה לו ביום הזכרון השני למרד הגיטו אות הצטיינות צבאי גבוה.

## הועד הזמני ארגון יוצאי בילסק־פודליאסקי
## בארץ ישראל

את מכתבכם מיום ה־11 לחודש זה קיבלתי והנני למלא את בקשתכם. את האוריגינאל של המכתב לדאבוני לא אוכל לשלוח לכם היות והייתי רוצה להשאירו לי, אבל הנני מעתיק אותו כפי שהוא כתוב. אהיה מאוד אסיר תודה לכם באם מדי פעם בפעם אקבל איזה שהם ידיעות מכם על גורל אנשי עירנו אשר לא זכו להגיע אלינו ויד הגורל האכזרי כה התנקם בהם.

הייתי אתמול במודינה 5 שעות נסיעה מכאן במחנה הניצולים, פגשתי שם את מאיר פקר, חבר הפרייהייט בבילסק, הוא סיפר לי על חיי אבא, אמא ומרים לפני שהובלו לטרבלינקה להשמדה. בהיווסד הגיטו בבילסק עברו ההורים לגור בגיטו וגרו באותו בית של פיקר׳. אבא היה חבר היודן ראט. תנאי החיים בזמן הראשון היו כאלו שאפשר היה להתפרנס ולהתקיים, אבא עסק במסחר, וקיבל משכורת מהיודן ראט. אמא ומרים ישבו בבית. בדצמבר 1942 במשך שלושה ימים הוצאו כל היהודים מבילסק לטריבלינקה דרך מלקינה למחנה ההשמדה. מכל הקהילה ניצלו יחידים. הוא היחידי הנמצא בחיים מעירנו. באיטליה ובגרמניה אין אף אחד שידוע עליו עד כה, כמה נשארו בחיים בהשלחם ע״י הסובייטים לפני נסיגתם ובעיקר לאחר שכבשו את סביבת בילסק לרוסיה. בעצם הצבא הסובייטי בעצמו לא הספיק להציל את עצמו. ההתקדמות הגרמנית חתכה להם את דרך הנסיגה.

על אלה שהוא יודע עליהם שניצלו. זה חרבולובסקי הקצב. משפחת טי־קוצקי שיצאה לרוסיה. וולודסקי הקצב ששני נוצרים החביאו אותו תמורת סכום זהב גדול. הוצא להורג לאחר שאחד הגויים מסר על מקום מחבואו, משום שלא יכול היה להגיע לעמק השווה עם השותף שלו בחלוקת הזהב.

מה אכתוב לך, שיבטא משהו מהצער והכאב שלי. את הרגשת החרון והאין אונים לשמיעת הפרטים כיצד הובלה משפחתנו כצאן לטבח ?

והאומללים שניצלו בנס על מצבם וגורלם, אי העט שיספר כל זאת ויתן תאור נאמן של הסבל וים הצרות בהם סובעת שארית הפליטה של יהדות אירופה.

המכתב שנמצא בידי גיסתי אינני חושב שכדאי לקבלו היות והוא מתאר את מצבם הכללי של הפליטים באיטליה ואין בו כמעט כל דבר אשר יכול היה לעזור לכם או לתת איזה שהם ידיעות על גורל אנשי עירנו. את גורל הורי הוא כותב לה בקיצור כי לא רצה שתדע את כל הפרטים מה שבטח היה מביא לה צער לא במעט.

הנני תקוה שאתה כבר הבעתי בהתחלת מכתבי להיות אתכם בקשר מכתבי ולדעת את האמת („האמת המרה״) על גורל עדתנו אשר הובלה להש־מדה על לא עוול בכפה.

העומד לשרותכם,
**אריה בילסקי**



ועדת הקק"ל בבילסק-פודליסקי
עם הד"ר **א. ברנשטין**, ציר הדירקטוריון הראשי בירושלים
13.XII.31

# התוכן:

## בילסק העיר



## בילסקאים בשואה



## אנשי יחוד בילסק

## דפים ליפה עיניים



## תנועות ומוסדות בבילסק



## מתינו במדינה



## שונות

# ביעלסק־פאדליאסקי

## יזכור בוך צום הייליקן אנדענק פון די ביעלסקער יידן וואס זענען אומגעקומען דורך די נאצישע מערדער אין די יארן 1939-1944

רעדאקטאָר:

**ח. רבין**

רעדאקציע־קאָלעגיום:

**ר. אוזשיצקי, מ. אלפערט, ד. מעלאמדאָוויטש און אהרון שטיינבערג**


ארויסגעגעבן דורך דעם ארגון עולי ביעלסק אין ישראל

און ביעלסקער רעליעף אין אמעריקע

1975

יצחק סעמיאַט

# מיין שבתדיקע ביעלסק

הירשל מיט די פּאַשליאַדקעס / לייבל מיט׳ן שבת קאַלנדאַר / ביירל חנה׳ס — דער ערוב רעוויזאָר / שבת טיי פאַר שחרית / אולי דער סאַדאוואָסער מאַכער דער ערשטער ביבליאָ־טעקאַר / עכוב הקריאה צוליב טראַטואַרן / יידישע האַרע־פּאַשניקעס.

## שבת אין ביעלסק

ווער קען באַשרייבן די הייליקייט און דערהויבנקייט וואָס האָט זיך אַרויס־געפילט פון שבתדיקן טאָג אין יענע יאָרן אונדזערע. אַזאַ שבת איז מער שוין נישטאָ, ווייל יענע יידן זענען שוין מער נישטאָ.

אייגנטליך האָט זיך שבת אָנגעהויבן נאָך פון דאָנערשטיק אָן. דאָנער־שטיק אָוונט האָבן די מאַמעס שוין געצוואָגן די קעפּעלעך פון זייערע קינ־דערלעך. דאָנערשטיק באַנאַכט האָט מען אויך געקאָכט דעם בריקווע־צימעס פאַר דעם הייליקן שבת. הערשל יודקיס וואָס פלעגט אַ גאַנצע וואָך באַקן בייגל און יינגלעך מיט מיידלעך פלעגן שטיין און וואַרטן ביי אים אויף די פרישע בייגעל, וואָס זענען נאָר וואָס אַרויס אויפן שטעקן פון ציטעריקן אויוון, פלעגט דאָנערשטיק באַקן פּאַשליאַדקעס און ווער ס׳איז געשטאַנען האָט געהערט דאָס פייפן פונם גריל, וואָס האָט דאָרט שטענדיק געפייפט. ס׳איז אַ „יש אומרים״, אַז ביי הירשלן אין בעקעריי האָט מען געשאַפן די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע פון 1905טן יאָר.

נו, און פרייטיק, דער ערב שבת אליין?

שוין פרייטיק האָט זיך פון די קיכן געטראָגן דער ריח פון געפילטע פיש און אַנדערע ריחות פון שבת׳דיקע מאכלים. די בעקערס האָבן געהייצט די אויוונס פאַר די טשאָלנטן, וואָס די בעלי בוסטעס האָבן פאַררוקט פאַר דעם שבתדיקן מאָלצייט. יידן זענען געלאָפן אין מרחץ אריין און להבדיל די אַרעש־טאַנטן זענען אַרויס פון די טורמעס מיט בעזעמער און האָבן געקערט די ברוק.

אַלע, הייסט דאָס, האָבן זיך פרייטיק שוין געגרייט מקבל פנים זיין דעם שבת. אָבער איין מענטש האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון מער ווי אַלע אַנדערע. אַ מענטש, וואָס האָט מער ווי אַלע בייגעטראָגן צו דער קדושה פון שבת אין ביעלסק. דאָס איז געווען לייבל דער מלמד זצ״ל. אַ ייד מיט אַן הדרת פנים, אַ שיינענדיקע באָרד ציכטיק געקליידעט און כולו אומר קדושה.

ער איז געווען דער גמרא מלמד אין תלמוד תורה. פרייטיק מיטאָג צייט, ווען ער האָט צעלאָזט זיין חדר קינדער איז ער אוועק אהיים אָפּעסן דעם פריי־טיקדיקן גריץ־קרופּניק. דאָס מאכל איז געווען אַ חלק פון דער מיט־שבת גע־

בונדענער טראַדיציע, אזוי ווי בריקווע־צימעס און פאשליאדקעס. גלייך נאָכן אָנבייסן פלעגט לייבל קומען צו אונדז אין שטוב, אראָפּנעמען דעם קאלענדאר פון וואנט און אָפּשרייבן מיט א קליין בליישטיפטעלע אויף א קליין פאפיר־צעטעלע די שקיעות און זריחות פון דער זון פאר דער גאנצער וואָך, און דער עיקר, די צייט פון ליכט צינדן און הבדלה שעה׳ן. מיין טאטע פלעגט יעדעס יאָר קויפן רייסקינס אפרייס קאלענדער און נאָר ווי לייבל מלמד האָט דאָס זיך דערוווסט, האָט ער דאָס געמאכט אן איינפיר, איבערשרייבן די וויכטיקע שבת צייטן פאר זיך, כדי ער זאָל חלילה נישט געשטרויכעלט ווערן און נישט דאווענען און זאָגן שמע ישראל איידער זון אויפגאנג אין דער פרי, און נישט דאַווענען חלילה מעריב פאר זון־אונטערגאנג אין די אָוונטס.

כ׳געדענק אז יעדעס יאָר, פארן קריסטלעכן ניי יאָר פלעגט ר׳ לייבל קומען צו מיין טאַטן ע״ה און זיך מיט אים מיישב זיין, ער זאָל קויפן דעם ריכטיקן לוח און מיין פאָטער פלעגט עס אים צוזאָגן און דערהאלטן. רייסקינס קאָלענדער האָט געטראָגן אויבן די רוסישע טשיסלע, אינמיטן — די פּוילישע און הינטן אונדזער לוח מיט דער סדרה, שקיעה און זריחה און אויך יעדן ערב ראש חודש, דעם מולד א. א. וו. איין יאָר אָבער געדענק איך, האָט רייסקין איינגעפירט א נייעס און אויף דער צווייטער זייט בלעטל אָפּגעדרוקט גלייכווערטלעך און וויצן, ווען לייבל איז אריינגעקומען פרייטיק צו אונדז, איבערשרייבן זיינע וויכטיקע פאר אים איינצלהייטן, האָט ער פלוצעם באמערקט די׳ ענדערונג אופן בלעטל און איבערגעלייענט די וויצן, האָט ער זיך צום ערשט צעשמייכלט. אָבער דערנאָך האָט ער געזאָגט דער מאמען ע״ה. דער טאטע איז נישט געווען אין שטוב, אז ער נעמט דעם לוח אָפּטראָגן אים אין געוועלב און אים איבערבייטן אויף אן ערנסטן קאלענדאר. ווען מיר קינדער האָבן דאָס דערהערט האָבן מיר אים אויסגעכאפּט דעם לוח אָנגענומען אים פאר ביידע הענט און נישט געלאָזט אים גייען. די מאמע האָט זיך אריינגעמישט און געפרעגט צי דער לוח איז פסול. לייבל האָט געהאלטן אז יאָ, ווייל ווי קומט עס אז אַזעלכע ערנסטע היגזיכטן זאָלן זיין באַשמירט פון הינטן מיט קלות ראש, אָבער נישט האָבדיק דערצו אן הלכה האָט ער געמוזט באשטיין, אז דער קאלענדאר זאָל בלייבן ביי אונדז. ער האָט געוואָלט אים פסלן, אָבער אין ים פון תלמוד איז נישט פאראן א דין אָדער א פסק איבער קאלענדארן מיט וויצן.

ווען לייבל פלעגט פארטיק ווערן מיט׳ן פארצייכענען די וויכטיקע זון פרטים, פלעגט ער אוועק צום וואָקזאל, אָנשטעלן זיין זייגער אויף דער ריכטיקער צייט. דער באַן־זייגער איז געווען פאררעכנט אין ביעלסק אלס אקוראטער און פינקטליכער. ווען מ׳פלעגט אים טרעפן גייענדיק פון וואָקזאל און אים פרעגן וויפיל איז דער זייגער, פלעגט ער ארויסנעמען זיין זייגער פון וועסטל טאש אויפעפענען דאָס טירעלע, די קאָפּערטע מיט א פייערלעכן דרוק אויף דעם שפרונג קעפל און ענטפערן:

— צוועלף און א האלב מינוט אויף צוויי.

ער איז געווען א גרויסער מדקדק, צו גיבן די ריכטיקע צייט צו דער

סעקונדע. און אלץ צוליב שבת, כדי א ייד זאָל נישט נכשל ווערן און זאָל חלילה נישט אריינאַרבעטן אין שבת אריין.

אז די צייט איז געקומען מ'האט געדארפט פארמאכן די קראָמען, איז לייבל ארויס פון שטוב אַן אַנדער מענטש, נאָס אויסגעצוואָגן, שיין פארקעמט די באָרד, אויסגעפוצט אין זיינע שבת'דיקע מלבושים און אוועק צו דער באַן. פון דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן די געוועלבער, ער פלעגט צוגיין צו יעדן קרע־מער און אים אריינזאָגן דריי ווערטער: „פארמאכט די קראָם".

און דער באַפעל איז באַלד אויסגעפילט געוואָרן.

אייניקע קרעמער האָבן זיך פאר אים געקלאָגט פארוואָס ר' לייב פאנגט נישט אָן זיין מארשרוט פון יענער זייט, פון ביאַליסטאָקער גאס, אזוי, האָבן זיי געזאָגט, וואָלטן מיר נאָך אביסל געלייזט ביז שבת.

אָבער ר' לייב האָט דאצו געהאַט דעם ריכטיקן ענטפער:

— דערפאַר אָבער וועט איר זוכה זיין, אז משיח וועט קומען פון אייער זייט, און איר וועט אים זעען ד'ער ערשטער.

זונטאָג ווען די קריסטן זענען געגאַנגען אין צערקווע האָט וועלטשינסקי, דער אקאַלעטשנער, געפאָדערט, אז יידן זאָלן פארמאכן די געוועלבן, אָבער ווי נאָר ער איז אַריבער די גאָס האָט מען גלייך געעפנט די קראָמען פונדאָסניי. ס'האָט אים אויפגערעגט, אָבער ער האָט נישט געסטראַשעט מיט אַרעסט אָדער שטראָף, ער פלעגט נאָר זאָגן:

— ס'אַנדערע מאָל וועל איך מיטנעמען מיט זיך לייבלען וועט מען פאָלגן.



אַ צווייטער ייד איז געווען, וואָס דער שבת אין ביעלסק איז געווען פאַר־בונדן מיט אים און ער מיט אים, דאָס איז געווען ביירל חנה'ס.

אין מיינע יאָרן איז ער געווען זער אַלט און איז צום סוף אוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל שטאַרבן, כדי אויסצומיידן נאָכדעם דאָס קייקלען זיך אונטער דר'ערד. ער האָט געוואָלט זיך פארשפאָרן דאָס גלגול מחילות. זיין אַרבעט איז געווען בודק צו זיין דעם ערוב. אין אונדזער שטאָט זענען אלע ענדע גאסן געווען פארצויגן מיט א דראָט אויף צוויי הויכע סלופעס, אלץ פאר יידישער באַקוועמליכקייט, כדי זיי זאָלן קאָנען טראָגן אים שבת און רשות הרבים. יעדן פרייטיק האָט ר' ביירל בודק געווען די דראָטן, דעם ערוב מיין איך, און ווען ער האָט געפונען אַ דראָט אַן איבערגעריסענעם, האָט ער באַלד גע־לאָזט וויסן די שמשים פון די בתי מדרשים און צו קבלת שבת פלעגן אויסרופן:

— דער ערוב איז איבערגעריסן, מ'טאָר נישט טראָגן אים שבת.

דער אויפרוף האָט דערציטערט ביעלסק, יידן האָבן שוין געהאַט פון וואָס צו רעדן און אריינטענה'ן. דאָס איז געווען ממש א קאַטאַסטראָפע. אויף צו־מאָרגנס האָט מען געזען יידן אין די גאסן גייען אין בית מדרש אריין מיט'ן טלית אָנגעטון אונטער דער קאַפּאָטע, אָדער פוטער, דעם טאשן־זייגער האָט מען איבערגעלאָזט אין דער היים. דאָס שנופ־טיכל פארדרייט אויף דער האַנט

און די פאטשיילע אויפן האלדז. אָבער דאָס אַלץ, מילא קאָן מען נאָך אויס־האלטן, אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהויבן א שרעקלעך פּראָבלעם ווי צו ברייננגען אהיים דעם טשאָלנט מיט׳ן קוגל. אהיים ברענגען פון דער בעקעריי ווו מ׳האָט זיי פארוקט ערב שבת איז געוואָרן פלוצעם א ווייטע שטרעקע. קיין סך גויים זענען אין שטאָט נישט געווען מ׳זאָל זיך קאָנען מיט זיי ארויסהעלפן. פאמי־ליעס וואָס האָבן געהאַט קליינע מינדעריעריקע קינדער האָבן די קינדער דאָס געטון פאר זייערוועגן. ביי די קינדערלעך איז עס געווען א יום טוב, מ׳האָט געגומען דאָס קינד אויף די הענט מיט׳ן טשאָלנט און ס׳איז שוין געווען א היתר. אָבער משפחות מיט דערוואקסענע קינדער זענען געווען זער אין א שווערער לאגע.

## טיי

ביי אונדז יידן אין ביעלסק איז טיי געווען אַ באזונדערע זאך, נישט סתם א גלעזל וואַרעמס ווי ביי אנדערע אומות. ווייל טיי האָט מען געמעגט טרינקען פארן דאווגען און דאָס איז געווען א ריזן פארדינסט. די בעקערייען האָבן ארייג־געשטעלט אויף שבת עטלעכע באַנקעס מיט באפארבטע וואסער, פארזיסט און יידן זענען געווען רוהיק, מ׳האָט זיך פארלאָזט אויף די בעקערייען.

איך געדענק גייענדיק שבת אינדערפרי אין בית מדרש אריין, פלעג איך פארבייגיין יוסל בעקערס הויז. ווער ס׳געדענקט יאָסל בעקער ווייסט ער וועמען איך מיין. דאָס איז געווען א טייערער ייד, ער פלעגט אריינשטעלן אויף שבת אין אויוון עטלעכע שיינע ליטער וואסער און יידן זענען שבת פרי געקומען צו אים טרינקען טיי. כ׳פלעג דאָרט טרעפן יעדן שבת אַ פּאָר מנינים יידן, וואָס האָבן געהאט א מנהג פארן דאווענען זיך אורעקזעצן און אריינשוויצן א שיינע פּאָר גלעזלעך וואַרעמס, מ׳זאָל קאָנען נאָכהער דאווגען מיט חמימות. אזא מין טראַדיציע איז דאָס געווען אין ביעלסק. ביי אונדז אין שטוב איז געווען א גוי, האָט ער דאָס פארקאָכט טיי און שכנים פון ארום זענען געקומען הנאה האָבן פון טיי פאר שחרית.

נאָך איין טיי־פלאץ איז געווען אין ביעלסק, וואָס איך געדענק, אָבער ווי קומט ער צו יענע, פון די בעקערס. ס׳איז געווען א טשייניע אין ראטהויז, דאָרט האָט מען פארקויפט טיי, ווי אויך „קיפיאטאק”, הייסע וואסער. יעדער האָט געקאָנט קומען ברייננגען א כלי און מיטנעמען אהיים וויפיל ער האָט געקויפט. די פרייז האָט זיך געוואויגן פון 1 ביז 5 קאָפּיקעס, לויט דער גרייס פון דער כלי. אָבער ווי קאָן מען שבת צאָלן געלט, ס׳איז דאָך מוקצה, א בפירושער איסור? פלעגט מען פרייטיק אינזינען האָבן צו גיין באַצאָלן, קויפן א צעטעלע און שבת האָט מען געצאָלט מיט׳ן צעטעלע, ווי דאָס הייסט אין דער גמרא כלאחר יד, שיש בו משום שינוי. מ׳האָט געהאט אן עצה, אָבער פּאָלג מיך א גאנג. און טאָמער פארגעסט מען.

אין ביעלסק זענען אויך געווען 2 קאָנדיטאָריעס, וואָס פלעגן שבת נישט נעמען קיין געלט. זענען יונגע בחורים און מיידלעך געקומען שבת און געטרינקען סאָדע וואסער מיט איינגעמאַכץ און עסן צוקערקעס. איין קאָנדי־

טאָריע אַזעלכע איז געווען אי־ אָלסטעריע און דער בעל הבית איז געווען אלתר פּיוולס. די צווייטע איז געווען אולי׳ס לעבן בריקל ווו דער דזשאַט איז געשטאַנען יעדן מאַרק־טאָג. די צוויי יידן האָבן געהאט קעסטלעך, ווו זיי האָבן געהאַלטן פאַרצייכנט די נעמען פון זייערע קליענטען. דאָרט פלעגן זיי אריינוואַרפן די נעמען מיט די סומען, וואָס יעדער האָט אָנגענומען, און אין פאַרלויף פון דער וואָך האָט יונגווארג געדענקט קומען אָפּצאָלן פאַר דעם שבת אָנגעבאָרגטן פאַרגעניגן, כדי ער זאָל קאָנען דעם צווייטן שבת ווידער מיטמאַכן מיט אַלע דאָס סאָדע־וואסער מיט וואַרעניע פאַרגעניגן. סיי די עלטערע מיט דער שבת טיי, סיי די ייִנגערע, מיט דער סאָדע וואסער, מיין איך, איז עס געגאנגען מער אין דער טראַדיציע און צוזאמענטרעף, דאָס הייסט אין דער געזעלשאַפטלעכער הנאה ווי אין דעם פּערזענלעך קערפּערלעכן געניוס.

אגב, דער זעלבער אולי איז געווען דער ערשטער ביבליאָטעקער אין שטאָט. איידער ס׳איז געווען ביי אונדז די שטאָטישע ביבליאָטעק האָט ער געהאַט ביכער, פאַרשטענדלעך יידישע, שמר׳ס מעשיות, ספּעקטאָר׳ס ראמאַנען, דינעזאָן און שפּעטער אויך מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם און אַנדערע. פאַר עטלעכע קאָפּיקעס האָט מען געקאָנט ביי אים באָרגן א בוך צו לייענען. נאָך זיין ביישפּיל, ווען מ׳האָט געזעען דעם דראַנג צום לייענען ביי אונדזערע יידן האָט דאָקטאָר עפּשטיין גענומען איניציאטיוו און אָנגעהויבן שאַפן די שטאָטישע ביבליאָטעק. מ׳קאָן זאָגן אולי דער סאָדע וואסער ייד איז געווען דער ערשטער קולטור טרעגער פון ביעלסק.

אזוי האָט מען אָפּגעהיט ביי אונדז שבת. קיינער האָט אין גאס נישט געריכערט, די קראָמען זענען געווען געשלאָסן, וואָס מ׳האָט יאָ געוואָלט קויפן אים שבת און וואָס מ׳האָט געקאָנט קויפן, האָט מען דאָס געקויפט אָן געלט. און א קדושה איז געהאָנגען איבער דער שטאָט, ווי א הייליקער פּרוכת, וואָס לאָזט זיך אראָפּ פון די הויכן און האלט אָן פון ליכט בענטשן ביז הבדלה. אין די גאסן זענען שבת געגאנגען ווייניק מענטשן, און די וואָס זענען יאָ געגאנגען האָבן געשטעלט די פיס לאנגזאם, פּאַמעלעך, געלאסן, באזאכט. נישט א גאנג, א־געיעג־נאָך־־עפּעס, נאָר א מין סתם זיך דורכגיין, א מין סאמעטענער, ווייכער שפּאציר אין פּרדס פון קדושה. מ׳איז געגאנגען צום דאַווענען, זאָגן תהלים נאָך דעם שבת דרימל, מ׳איז געגאנגען צו דעם פעטער מיט דער מומען, צו דעם זיידן מיט דער באָבען, מ׳איז געגאנגען פּראווען שלוש סעודות אין די שולן און בתי מדרשים, מ׳איז געגאנגען שבתדיק אויסגעפּוצט און אָן וועלטלעכע כוונות, אָדער וואָכעדיקע צילן. די גאס אליין האָט עפּעס גערוט און געטרוימט. שבת אין ביעלסק.

פינף בתי מדרשים זענען געווען אין ביעלסק און א פּאָר מניינים שטיבלעך. דער אלטער בית מדרש איז געווען דער עלטסטער אין שטאָט. דער אלטנייער איז געבויט געוואָרן ווען יידן האָבן זיך געמערט. דער הכנסת אורחים בית מדרש איטשעלעס שול און דער בית מדרש פון דעם „יפה עיניים״. איטשעלעס איז אין מיינע צייטן איבערגעבויט געוואָרן אויף א מויער. מיין

זיידע ישעיה שטיינבערג ע״ה האָט עס גענומען אויף זיך איבערצובויען זיין זיידעס איטשעלעס מקום קדוש און דאָס אויסגעפירט.

דער „יפה־עיניים״ האָט געהייסן אזוי אויפן נאָמען פון צווייטן ביעלסקער רב ר׳ לייבעלע יעלין, דער מחבר אָדער „בעל מחבר״ פון וויכטיקן ספר מיט׳ן נאָמען יפה עינים, ווי איינער זאָגט שיין זענען די אויגן וואָס דערזעען עפּעס אין ים פון גמרא. דאָס שיינקייט פון די אויגן דאַרף זיין א טיף שיינקייט, אן אינערלעך שיינקייט.

ס׳איז אויך געווען ביי אונדז א חסידים שטיבל מיט זער ווייניק חסידים.

פון די מנינים איז צום דערמאָנען וועלוול גלעזערס מנין אין בית מדרש גאס. אז מיין טאַטע האָט זיך פארשפּעטיקט פרייטיק צו קבלת שבת זענען מיר אריינגעגאנגען מקבל שבת זיין צו וועלוולן.

אַלע בתי תפילה זענען געווען שבת אָנגעפילט מיט מתפללים. פרייטיק צונאַכטס און שבת זענען שטעט געווען פארנומען. דער עיקר, די הויפּט אטראקציע אין די שולן איז געווען דאָס קאָנען זיך אדורכרעדן מיט שכנים, יידן סתם און אזוי זיך פריינד. דערצו האָט ספּעציעל געדינט די קריאת התורה. כ׳מיין, אז דאָס איז געווען די טרייב־קראַפט צו גיין דאַווענען.

און ווען מיר רעדן וועגן קריאת התורה, דערמאָנט זי זיך מיר נישט נאָר אלס רעליגיעזער באגריף וועלכער האָט אריינגעלערנט די תורה און די יידישע קעפּ. זי דערמאָנט זיך מיר ווי א באַסטיליע וואָס יידן געקריוודעטע האָבן געשטורעמט, ווען מ׳האָט זיי געטון א קריוודע. ווייל זי איז אייגענטלעך געווען די ווונדערבארע אפּעל־אינסטאַנציע וווהין יידן האָבן אפּעלירט פאר גערעכטיקייט און פאר יושר און גלייכקייט און דערמיט געווען אייגנטלעך א דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע. נישט אזוי זי אליין ווי דער עיכוב הקריאה. ווען איינער האָט געהאַט א קריוודע פון קהל. פון א שטאַרקן שטאָט בעל־הבית, פון א ייד א תקיף און ער האָט נישט געהאַט פאר וועמען זיך צו קלאָגן פלעגט ער ארויפגיין אויפן בעלעמער, איידער מ׳האָט געעפנט דעם ארון קודש ארויסצונעמען דאָס ספר תורה, א קלאַפּ טון מיט דער האַנט אויפן טיש און זאָגן :

— כ׳וועל נישט לאָזן לייענען די תורה ביז איר וועט אויסהערן מיין אָנקלאגע.

און מ׳האָט אויסגעהערט. ווו האָט איר דאָס היינטיקע צייטן אזא פאָלקס איסטיטוציע, ווו דער קליינער מענטש זאָל צווינגען די געזעלשאַפט אים אויסצוהערן אָדער אפילו אים צו העלפן ?

איין עיכוב הקריאה געדענק איך ווי היינט. אין ביעלסק איז דאן אָנגעקומען א שלעכטער איספּראווניק. ער האָט ארויסגעגעבן א באפעל, אז מ׳זאָל מאכן טראָטוארן אין די גאסן. האָט זיך אויפגעהויבן א הימל געשריי און א פּראָטעסט, „מיר ווילן נישט קיין טראָטוארן״, ערשטנס ווייל מיר האָבן נישט דאָס געלט דאצו, צווייטנס, און דאָס איז נאָך וויכטיקער, אז ס׳וועלן זיין טראָטוארן וועלן די פויערן נישט קאָנען צוקומען דאָנערשטיק מיט זייערע וועגענער צום מאַרק. האָט מען געמאַכט אן עיכוב הקריאה, אָבער צו וועמען

זאָל מען דאָ רעדן, און ווען מען זאָל מען דאָ צווינגען מיט קריאת התורה, אז דער איספּראווניק האָט נישט געוואָלט קיין עליה און ער האָט זיך גע־קאָנט לאָזן סטראשען מיט קריאת התורה. האָט דער איספּראווניק אויסגעפּירט. איך פון מיין זייט גיב צו:

גוט וואָס ער האָט אויסגעפּירט. ווייל נאָכדעם וואָס מ׳האָט שוין געמאַכט די טראָטואַרן האָבן מענטשן הנאה געהאט און זיך געוווּנדערט ווי אזוי זענען זיי פריער געגאנגען אָן טראָטואַרן. און געשפּרינגען אויף די שטיינער אין די טיפע בלאָטעס און קאַלוזשעס ווען יעדער שפּרונג איז געווען סכנת נפשות.

**שבת, די גויישע שולע און בעלי מלאכות**

ווען כ׳בין געווען א יינגל האָב איך געמוזט לערנען אין דער גויישער שולע. אין דער שולע האָט מען געמוזט באזוכן אויך שבת, אָבער יידן האָבן אויסגעפּועלט, אז שבת זענען די יידישע קינדער געווען פריי פון שרייבן. איז דאָך גוט? אָבער יידישע טאַטעס ווילן דאָך די קינדער זאָלן שבת אָפּ־דאווענען פאר דער שולע, האָט מען געמוזט דאווענען מיט דעם פריסטען מנין וואָס איז געווען אין שטאָט. מיין טאַטע האָט געהאט א שטאָט אין יפה עינים בית מדרש, אָבער דאָרט האָט מען געדאווענט צו שפּעט צום ערשטן מנין.

דער איינציקער בית מדרש ווו מ׳האָט אָנגעהויבן דאווענען פרי איז געווען דאָס אלטע בית מדרש. דאָ האָבן געדאווענט די בעלי מלאכות און פּורמאנעס, האָרעפּאשנע יידן, וואָס זענען געוווינט געווען פרי אויפצושטייען און פרי צו עסן. זיי האָבן אָנגעהויבן שבת תפילות ווען גאָט אליין איז נאָך געשלאָפן. האָב איך דאָרט געדאווענט און באוויזן צו גיין אין שולע צו דער צייט.

אזוי ארום האָב איך געהאט די געלעגנהייט אָבסערווירן די טייערע יידן. ס׳שטייט מיר פאר די אויגן א בילד פון יענער צייט און יענע יידן.

אלתר פּייוולס פון דער סאָדע וואסער האָט פארנומען א באזונדער פּלאץ ביי דעם עולם, ווען ער איז אריין אין בית מדרש האָבן אים אלע ארומגע־רינגלט און געגומען רעדן וועגן פּאָליטיק. צי ס׳וועט זיין א מלחמה צי ניין, ער האָט ווייזט אויס געוווּסט. אין יענער צייט זענען נאָך נישט דערשינען קיין יידישע צייטונגען. אין ווארשע און אין ביעלסק זענען געווען זער גע־ציילטע מענטשן וואָס האָבן אויסגעשריבן א צייטונג, אָבער דאָס איז געווען א העברעישע צייטונג, צי דאָס איז געווען דער „הזמן״ אָדער דער „הצופה״ און „הצפירה״. צוויי צי דריי יידן האָבן אויסגעצייכנט דעם „פריינד״, די ערשטע יידישע צייטונג פון פּעטערבורג. מיין פאָטער האָט אויך געהאט דעם „פריינד״ און אלתר פּייוולס פלעגט יעדן טאָג נעמען ביי אונדז די בלאַט־צייטונג, נאָך דעם וואָס מיין טאַטע האָט זי איבערגעלייענט. כ׳מיין אז אלתר איז געווען דער איינציקער אין אלטן בית מדרש, וואָס האָט געזען א צייטונג, ער האָט עס געטון אויס אינערלעכן דראנג, אָבער דאָס האָט אים

ארויסגערוקט העכער פון זיי אלע און ארום אים האָט זיך דאָס אלץ קאָנ־צענטרירט. ווען מ׳האָט געענדיקט די אקטועלע פּאָליטיק האָט מען זיך אוועק־געלאָזט דיסקוטירן די טערקישע קריג פון צוריק מיט 30 יאָר צוריק, ארויף אויף דער דרייפוס־דיעלע וואָס איז שוין אויך געווען אַן אלטע פארגאנגענ־הייט, און פארפאָרן צו אַלע צייטן ווען יידן האָבן אויסגעשטאַנען גזירות, צרות און עלילת דם.

פארן אלטן בית מדרש איז אלץ געווען ניי און אקטועל. און אפשר האָט עס דער אייביקער שבת אזוי פארטושט דעם זין פון צייט און יידן האָבן געטויכט אין גייסטיקער וועלט וואָס ווייס נישט פון קיין צייט גרענעצן.



דער באראק אין דער בית מדש גאָס

**ירוחם קלעשטשעלסקי**
ברוקלין, פאר. שטאַטן

# מיין ליב ביעלסק

**(מאָטי לייב פאַזשארניק / יידישע פרנסות / הילקע קצב׳ס גרויסער טאָג / סתם עפּיזאָדן)**

אָנהייבן צו דערציילן אַלץ, קאָן מען באשרייבן פיל ביכער און איך דארף זיך באגרענעצן, ווייל עס איז פאראן צופיל צו דערציילן.

צום בעסטן געדענק איך דאָס שטעטל ביעלס־פּאָדלאסקי (דערנעבן זענען געווען די גרויסע ביאַלאָוויעזשער וועלדער. פון דעם נעמט זיך דער צווייטער נאָמען). אַלס א יינגער יינגל, ווען איך פלעג ארומלויפן באָרוועס אין זומער צייט, זיך שפּילן אין די גאַסן מיט אנדערע קינדער אין פארשידענע שפּיל פאר־ויילונגען.

דאָס לעבן געווען א שווערס, די עקאָנאָמישע מיטלען פון וואָס צו מאכן אַ לעבן זענען געווען זער באגרענעצט, די איינציקע גרעסערע ווארשטאטן, ווו ס׳האָבן געארבעט מער ווי צען ארבעטער זענען געווען ווייניקע. מ׳פלעגט אויסארבעטן וואָילאקעס פון וואָל, און טראָץ דעם וואָס די בעלי־בתים זענען געווען יידן, זענען געווען קריסטלעכע אַרבעטער אויך. די יידן זענען מערסטנס געווען הענדלרס, וואָס האָבן געהאט גרעסערע אָדער קלענערע קראָמען, אנדערע מיטל־מען. מ׳פלעגט אויך קויפן א פערד ביי איין פויער און פארקויפן צום צווייטן, האנדווערקער זענען געווען יידן און סתם בעלי־מלאכות.

אויסער די עקאָנאָמישע שוועריקייטן איז דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן געווען באשווערט מיט שנאת ישראל. אַלס אַ פאַקט מוז איך דערציילן אַ פאַל, וואָס האָט איבערגעלאָזט א טיפן איינדרוק אויף מיר אין די שפּעטערדיקע יאָרן, און באַאיינפלוסט מיין געדאנקען גאנג. ווען דאָס איז געשען, בין איך אַלט געווען אומגעפער 6 יאָר. געלערנט אין דער שטאָטישער תלמוד־תורה. איינמאָל האָט מען אין די פרימאָרגן שעה׳ן איבערגעשלאָגן דעם מאָנאָטאָנעם געזאנג פון רבי׳ן מיט א גרויסן טומל. קוקנדיק דורכן פענצטער האָבן מיר געזען טראָגן א מעטנשן האלב פארחלש׳ט, מיט א פארבונדענעם קאָפּ, צום הכנסת־אורחים. שפּעטער נאָכן ענדיקן דעם טאָג לערנען, האָבן מיר געהערט פון דעם ביסל יידן, וואָס זענען זיך געשטאנען אַרום, דערציילנדיק איבער און איבער, אַז דער צעשלאָגענער ייד איז אַן אָרעמאן, איינער פון די גרופּעס קבצנים וואָס קומען אלע דאָנערשטיק נאָך נדבות. זיי גייען יעדן טאָג אין אן אנדער שטאָט. די ביעלסקער פּאָליציי האָט אים פארהאלטן, צעשלאָגן מכות רצח און ארויסגעוואָרפן אויפן גאַס, פון וואנען מען האָט אים געבראכט צום הכנסת־אורחים. ער איז געלעגן דאָרט ארום 10 טעג.

אלע יידן פון שטאָט זענען געווען אויפגעבראכט. מ׳האָט גערעדט וועגן שיקן אָנקלאַגעס צו העכערע אנשטאלטן און אזוי ווייטער. מיר האָט זער באַוואונדערט

די סאָלידאַריטעט פון דער גאַנצער שטאָט פאַר אַ פרעמדן יידן, וואָס קיינער האָט אים פערזענלעך נישט געקענט.

יאָרן זענען פאַרבייגעגאַנגען און אַזעלכע געשעענישן האָבן זיך איבערגע־חזר׳ט. אָבער אַשטאָט צו שלאָגן איינציקע, פלעגן כוליגאַנעס באַפאַלן גרופּעס יידן, און ווען נייעס פון אַזאַ געשלעג האָט זיך פאַרשפּרייט, איז באַלד געקומען צולויפן אַ גרויסע גרופּע יידן העלפן זייערע ברידער. עזוב תעזוב עמו.



דער וואַקזאַל אין ביעלסק

פיל זענען געווען אַזעלכע געשלעגן, אָבער איך וויל דאָ דערציילן איבער איינעם, וואָס איז פאַרבליבן אין זכרון מער ווי אַנדערע.

דאָס איז געווען אַן אָוונט און אַ גרופּע אַנטיסעמיטן האָבן אויסגערעכנט צו באַפאַלן די יידן נעבן טעאַטער, ווו זיי זענען געגאַנגען זען אַ גרופּע אַקטיאָרן שפּילן. די נייעס פון געשלעג האָט געבראַכט אַ סך יידן צום פּלאַץ, צווישן זיי איז געווען איינער, וואָס האָט געצויגן מער אויפמערקזאַמקייט ווי אַנדערע. אַלע האָבן אים געקענט אַלס הילקע דער קצב, ער איז געווען אַ גרויסער ייד מיט אַ שווערן קערפּער און סטאַביל אַ הייזעריקע שטימע. ער איז אַרומגעלאָפן צווישן די כוליגאַנעס, געהאַלטן אַ שטעקן אין זיין האַנט און זיי געקלאַפּט אויף רעכטס און אויף לינקס, שרייענדיק מיט יעדן קלאַפּ:

דאָס איז פאַר מיין ווייב; דאָס איז פאַר שמואל׳יקן, מאַשען, ביז ער האָט אויסגערעכנט יעדן קינד און דעם שטעקן צעבראָכן.

די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון שטעטל האָט גערעדט וואָכן לאַנג פון דעם און געווען שטאָלץ מיט הילקע דעם קצב.

אַ מאָנאַט שפּעטער איז מיין פאָטער, וואָס האָט נישט געקענט אַנרירן

אַ פליג אויף דער וואנט, געקומען צולויפן אַן אָוונט פון גאַס, זוכנדיק אַ שטעקן. איך האָב אים געפרעגט, וואָס איז געשען?

— מען שלאָגט זיך — האָט ער באוויזן צו זאָגן און איז ארויסגעלאָפן אין גאַס אריין.

עס איז מיר געוואָרן טרוקן אין האלדז און טרערן זענען מיר געשטאנען אין די אויגן. איך בין אים נאָכגעלאָפן. שפעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז עס איז געווען בלויז אַ קלאנג. ווען איך טראַכט צוריק פון יענע יאָרן, ווען די יידן פון ביעלסק האָבן אָנגעהויבן זיך פילן אין מיינע אויגן ווי איין משפחה. אויב ס'איז געשען אַן אומגליק ביי איינעם, האָט געטרויערט דאָס גאנצע שטעטל, אַ שמחה ביי אונעם — האָט זיך געפרייט דאָס גאנצע שטעטל. פיל איך דעריבער, אַז ס'איז דאָ מיט וואָס שטאָלץ צו זיין.

רייכע מענטשן זענען געווען ווינציק אין ביעלסק. וואָס הייסט רייכע? אַז אַ פאַמיליע האָט געלעבט באקוועמלעך און געהאַט אויף אַלע אויסגאַבן און געגאנגען שיין אָנגעטאָן, האָט דאָס שוין ביי אונדז געהייסן אַ רייכער מענטש. יאָ, ער האָט געדארפט דערצו האָבן זיין אייגן הויז אויך. די מערהייט האָט קוים זיך אויסגעהאלטן און געלעבט פון טאָג צו טאָג. פארשטייט זיך, עס איז נאָך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך דאָס אויך נישט געהאט און געדארפט נישט איינמאָל גיין שלאָפן הונגעריק.

עס איז געווען נאָך אַ גרופּע יידן. דער סימבאָל פון זיי איז געווען די בית־המדרש גאַס איינוווינערס, וועלכע פלעגן קריגן געלד פון אמעריקע. ביי זיי האָט זיך געדרייט אַ גראָשן. כאָטש זיי זענען געווען ווייט פון רייך.

אַלע ביעלסקער יידן האָט מען געקענט זען אין אַ יום־טוב'דיקן טאָג, ווי דער ערשטער טאָג פסח אָדער ראש־השנה, אָנגעטון אין נייע זאַכן מיט די נייסטע פאַסאָנען. די ביעלסקער פלעגן האָבן אַ צונאָמען „די זיידענע טאָרבעס" פאר זייער גיין שיין אָנגעטון. אין די יום־טוב'דיקע טעג פלעגן ארויסקומען יונג און אַלט אויף דער שפּאַציר גאַס, וואָס איז באַשטאַנען פון דער פּאָטשט הויז ביז דער בית־המדרש גאַס.

דער קולטורעלער ניוואָ פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען פון אַ גאַנץ הויכן שטאַנד.

ביעלסק האָט געהאט צוויי דראמאטישע גרופּן, וואָס זענען געווען זער גוט און געשפילט אויף דער בינע ווי פּראָפעסיאָנעלע, נישט ווי אַמאַטאָרן. דער אָוונט וואָס איינע פון זיי פלעגט אויפטרעטן, פלעגט זיין ווי אַ יום־טוב אין שטעטל. די הכנסה פון איין גרופּע פלעגט גיין פאר דער יידישער שולע, ווו די שילער פלעגן באַשטיין פון די אָרעמסטע שיכטן און די פארוואלטונג פלעגט שטענדיק האָבן אַ דעפיציט. די צווייטע גרופּע פלעגט שפּילן פאר דער לינת־הצדק, וואָס האָט געהאָלפן קראנקע, געצאָלט פאר דאָקטוירים און אַמאָל אויך געגעבן רעצעפּטן פאר די מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן.

די יידישע באפעלקערונג איז געווען נישט קיין סאך גרעסער ווי די קריסט־לעכע, אָבער דאָס לעבן פון שטעטל איז געווען זער פיל באַאיינפלוסט פון די יידן, אין אַרבעט און אין האַנדל, ווי אויך אין די שטאָטישע פונקציעס. צום

ביישפּיל, די פרייוויליקע פייערלעשער מיט זייער בלאָז אָרקעסטער, זענען געווען 80 אָדער 90 פּראָצענט יידן. עס האָט זיך געלאָזן אָנזען, ווען זיי פלעגן דעפילירן אין די צוויי טראַדיציאָנעלע פּוילישע ימים־טובים: דעם דריטן מאַי און דעם עלפטן נאָוועמבער. איינער פון די אָנפירערס איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען מאָטי־לייב, אַן אָנגעזעענער ייד, איינער פון די רייכע פון שטעטל. ער פלעגט גיין אין שפּיץ בעת א דעפילאַדע און ווען ער פלעגט געבן א געשריי: אַכטונג! פלעג זיך ביי אים די אונטערשטע ליפּ פאַרייסן און דעם בויך, וואָס איז געווען אַזוי אויך גרויס, פלעגט ער געבן אַ וואָרף פאָרויס, אויפהויבן די רעכטע האַנט צום קאַזיריק. אַלץ פלעגט זיך דאַן שאָקלען, אפילו די שטיינער אונטער אים פלעגן אויסקוקן ווי זיי באַוועגן זיך...

אין פאַל פון א פייער, ווען די סירענע פלעגט זיך צעקלינגען, איז געווען צו באַוואונדערן ווי די יידישע בעלי־עגלה׳ס פלעגן אויסשפּאַנען די פערד און לויפן מיט זיי איינצושפּאַנען אין די פייערמאַנס וואָגנס. די לעצטע יאָרן איז שוין געווען אויך אַן אויטאָמאָביל.

ביעלסק האָט אויך געהאַט אַ ספּאָרט־קלוב מיט אַ פוטבאָל־גרופּע, וואָס האָט באַלאַנגט צו א צענטראַלער ליגע, און זיי פלעגן שפּילן מיט אַנדערע שטעט פון ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדזטווע. זיי זענען געווען די שטאָלץ פון דער יוגנט.

עס האָט אויך נישט געפעלט קיין פּאַרטייען. אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען פון אַלע אָנשויאונגען זענען געווען פאַרטרעטן אין ביעלסק. עס איז געווען אָרגאַניזירטע אָוונטן, דיסקוסיעס פלעגן פּאָרקומען. איין זאַך האָט יעדער ייד געהאַט אין זיין געדאַנק, ווי צו לעזן דעם יידן פּראָבלעם. דאָס איז געווען אין דעם אונטער־באַוווסטזיין. קיין ייד האָט זיך פון דעם נישט געקאָנט באַפרייען.

איך האָב פאַרלאָזן ביעלסק צום סוף פון 1926 און איך ווייס זער ווינציק וואָס עס איז פּאָרגעקומען נאָך דעם יאָר און אין דער צייט פון דער מלחמה האָב איך זיך געפונען אין פראַנקרייך, געווען פריער מיט דער פּוילישער אַרמיי און דערנאָך מיט דער פראַנצויזישער. נאָך דעם קאַפּיטולירן פון דער פראַנצויזישער ארמיי, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין די פּאַרטיזאַנישע גרופּן. צוזאַמען מיט מיר זענען געווען א סאַך יידישע בחורים און יונגעלייט. צו דערציילן פון זייערע העלדישקייטן וועל איך זיך באַמיען אין אַ צווייטן פּלאַץ.

איין עפּיזאָד וויל איך בלויז דערציילן, וואָס איז פּאָרגעקומען מיט מיר. איך בין געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר עטלעכע פּאַרטיזאַנישע גרופּן, פון וועלכע איינע האָט זיך געפונען אין די וועלדער פון צענטראַל פראַנקרייך. איך פלעג זיי באַזוכן פון צייט צו צייט. איינמאָל, אין דער צייט פון א באַזוך, האָבן צוויי פון די אָנפירערס מיך געבעטן איך זאָל גיין מיט זיי אויף אַ מאָלצייט ביי אַ פּאַרמער, וועלכער העלפט זיי ארויס מיט שפּייז און קליידונג. ער איז אויך געווען אַן אָפיציר אין דער פראַנצויזישער אַרמיי אין צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה. נאָכן עסן, „כטוב לב המלך ביין״, האָט מען זיך צערעדט און דער פּאַרמער האָט געשטעלט א סאַך פראַגן. מען האָט אים געזאָגט, אַז איך קום פון פּאַריז און וועל האָבן די מעגלעכקייטן אים צו ענטפערן. וואָס איך האָב זיך באַמיט צו טאָן. טראָץ אלעם איז ער אַרויסגעקומען מיט אנטיסעמיטישע

פונקטן, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פון דער דייטשישער ראַדיאָ־פּראָפּאַגאַנדע. אַזעלכע זאַכן ווי יידן זענען פּחדנים, שרעקעדיקע, זיי שטעלן ארויס בלויז פּראַנצויזן צו שלאָגן זיך פאר זיי. האָב איך געפילט, אַז כ׳קאָן נישט שווייגן, אַז דאָס איז די גרענעץ, אַז ער איז איבערגעטראָטן די מאָס מער וואָס איך האָב געהאַט צום זאָגן. איך האָב אים געפרעגט, צי ער וואָלט געגלויבט אַז איך בין אַ ייד. דאָס איז געווען פאר אים ווי ס׳וואָלט אויף אים אַ באָמבע אַראָפּגעפאלן. ער איז שיעור פון שטול נישט אַראָפּגעפאלן. זיינע אויגן האָבן אָנגענומען אַרויסשטאַרצן פון שטערן און איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז אויב ער גלויבט מיר נישט, קען איך אים באווייזן מיט פאַקטן...

ער האָט מער נישט איבערגעחזרט אַזעלכע זאכן.



צ. קאדלבאווסקי

# קהילה וועזן אין ביעלסק

## (אייגנאַרטיקייטן פון ביעלסק, עפּיזאָדן פון יוגנט יאָרן)

אונדזער ביעלסק האָט נישט געהאַט קיין אינדוסטריע און פאַבריקן זענען אין איר נישט געווען. אין שפּעטערדיקע יאָרן זענען געווען עטלעכע פּאַפּיר־ריקלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט וואָילאַקעס, ווינטערדיקע פילצענע שיך, און נאָך אַנדערע אַרבעטס פלעצער, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט ציגל און קעראַמיקע. דאָס איז געווען די גאַנצע פאַבריקאַציע. ביי אונדז זענען דאַן אָבער געווען האַנטווערקער. דער פּאָוויאַט אונדזערער איז געווען א גרויסער און די מערק זענען אויך זער גרויס געווען און די גאַנצע אַרומיקע באַפעלקערונג פלעגט קומען צו די מערק און זיי האָבן געדאַרפט קויפן די פאַרשידענע פּראָדוצירטע אַרטיקלען פון די האַנטווערקער, ווי שיך, קליידונג, מעבל א. א. וו. און ביי אונדז אין ביעלסק איז געווען איינער פון די גאָר גרויסע מערק, ווו דער מסחר האָט זיך קאָנצענטרירט. אָבער א פּראָלעטאַריאַט אין פולן זין פון וואָרט האָבן מיר נישט געהאַט. דאָס איז אַלץ דערציילונגען פון ביעלסק פון פאַר דער מלחמה, פאַר דער ערשטער מלחמה.

אין ביעלסק איז געווען א גרופּע חסידים, אָבער אַ זער קליינע. חוץ די באַוווּסטע פינף בתי מדרשים, די גרויסע, האָבן מיר נאָך געהאַט מנינים. די מנינים זענען געווען געמאַכט אויף די פּעריפעריעס, ווייט פון שטאָט צענטער, ווו עס זענען געווען די גרויסע בתי מדרשים, און עס זענען געווען יידן וועלכע האָבן געוואָלט גיך דאַווענען — און אין די אַלטע גרויסע בתי מדרשים דויערט עס לאַנג און אין מנין מאַכט מען דאָס איינס־צוויי. מניינים האָבן מיר געהאַט א פינף־זעקס. שטענדיקע מניינים באַשטימט אין שטיבער; איינעם פון זיי האָט מען גערופן „דער עלעקטרישער מנין”, ווייל עלעקטרע ברענט גיך, און דאָרט האָט מען געדאַוונט גיך און שנעל אָפּגעפּאַרטיקט די תפילה. אַן אַנדער פּלאַץ האָט מען גערופן „ראָזענבערגס מנין” אויפן נאָמען פון דעם בעל־בית פון דער דירה, ווו ס׳האָט זיך געפירט דער מנין. מיר דוכט זיך, אַז אַ זון זיינער „זיצט” אין רוסלאַנד ביז היינט.

אין שטאָט זענען געווען זער א סך „חדרים”, ווייל אַלע אונדזערע יינגלאך, פאַרן גיין אַרבעטן אָדער לערנען אין גימנאַזיע, פלעגן גיין א פּאָר יאָר אין „חדר”. וועגן גיין אין „חדר” איז נישט געווען קיין אונטערשיד פון אַ יינגל צו א יינגל. דאַן איז נאָך נישט געווען אַן אַנדער שול און אַלע זענען געגאַנגען אין „חדר”. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אַלע יינגלעך פאַרבראַכט זייערע ערשטע לערן יאָרן אין „חדר”. און אַלע „חדרים” זענען געווען כמעט די זעלבע, חוץ יונגערמאַנס חדר, וואָס איז שוין דאַן געווען אַ „חדר־מתוקן”. דאָרט האָט מען געלערנט שרייבן עברית אויך. געפירט האָבן דעם „חדר” דער טאַטע מיטן זון, און דאָרט האָט זיך גערעכנט פאַר זער אַ פּראָגרעסיוון אָרט. דערצו איז נאָך געווען א „תלמוד תורה”, וואָס איז

געוועז אזא מין „חדר" נאָר פאַר אָרעמע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט צאָלן פאַר די מלמדים אין די „חדרים".

אַז יונגערמאַן דער טאַטע איז געשטאָרבן, האָט זיין זון ממשיך געווען נאָך אים ביז שפּעטער, ווען ס'האָט זיך געעפנט די יידישע שולע איז ער געוואָרן דאָרט אַ לערער. אין לויף פון דער צייט האָט זיך ביי אונדז געעפנט אויך אַ ישיבה. אָבער דאָס איז געשען נאָך דער ערשטער מלחמה. איך האָב געלערנט ביי דריי רבי'ס. מיין ערשטער רבי איז געווען ר' שמולע. דאָס חדר האָט ער געהאַט אויפן בית מדרש גאַס און ביי אים זענען געגאַנגען אַ 20 קינדער. ביי אים האָב איך אָנגעהויבן לערנען עברי. שפּעטער, נאָך איין „זמן", אָדער צוויי, בין איך אריבערגעגאַנגען אין אַן אנדער „חדר", צו משה־ברוכ'ן. ביי משה־ברוכן האָבן אויך געלערנט 20—30 תלמידים אין איין צימער. אָט דאָס „חדר", משה־ברוכס, האָט פון איין זייט זיך געגרענעצט מיט אַ פוילישן קלויסטער און פון דער צווייטער זייט פון קלויסטער איז געווען אַן אנדער „חדר". און אלס קינדער פלעגן מיר פירן „מלחמות" איין „חדר" קעגן דעם צייטן. מיט מיר אין „חדר", געדענק איך, האָט געלערנט בלאַדאָווסקי, דער טאַטע זיינער איז געווען א קצב, האָט ער אונדז געבראַכט אויסגעטריקנטע ווײדלען פון קי, וואָס מ'האָט גערופן אין יענע צייטן באָסיאַקעס, און אז מ'האָט געגעבן מיט אזא באָסיאַק אַ קלאַפּ, האָט מען אים נישט אַזוי שנעל פאַרגעסן. א דאנק די באָסיאַקעס זענען מיר געווען דער שטאַרקסטער „חדר". אין „חדר" איז מען געזעסן ביי א לאַנגן טיש, פוןביידע זייטן פּשוטע בענק און דער רבי איז געזעסן אין מיטן. ער פלעגט לייענען פון תורה און פּאַרטייטשן אויף יידיש. און אלע 20—30 קינדער — אַלע כמעט פון איין עלטער און פון איין וויסן — האָבן צוזאַמען איבערגעחזרט אויפן קול די ווערטער.

אזוי האָט מען געלערנט אין „חדר" פון בערך 5 יאָר אלט, 4—3 יאָר. נאָכדעם זענען א טייל קינדער געגאַנגען אַרבעטן.

אין ביעלסק איז פאַר דער מלחמה געווען א יידישע שול, וואָס האָט זיך אויסגעהאַלטן פון דעם קאַראַבטשי זבאָר ד. ה. פון די שטייערן אָדער אָפּצאָלן, וואָס מ'האָט געצאָלט פונעם שחטן לויט דער פאַראָרדנונג פון דער רעגירונג. אין דער יידישער שולע האָט מען געלערנט נאָר רוסיש, שרייבן, לייענען און רעדן. דער הויפּטלערער איז געווען איידלמאַן אין מיינע יאָרן, און שפּע־טער, אז ער איז געוואָרן קראַנק, האָט זיין טאָכטער איבערגענומען זיין פּלאַץ. הילף האָט זיי געגעבן שרירא. אין דער שולע האָט מען געלערנט ביז צוויי קלאַסן גימנאַזיע. חוץ דער שולע איז נאָך געווען וואָס מ'האָט גערופן אַ שטאַטישע שולע — „גאָראָצקאָיא אוטשילישטשע" אויף רוסיש. דאָס איז געווען א שולע אין וועלכער ס'האָבן געלערנט די וואָס האָבן געענדיקט די יידישע שולע, און אז מ'האָט געענדיקט די שול איז געווען אזוי ווי ענדיקן 4 קלאַסן גימנאַזיע, חוץ שפּראַכן, ד. ה. פרעמדע שפּראַכן, ווייל אין גימנאַזיע, אין דער צווייטער קלאַס, האָט מען אָנגעהויבן לערנען אויך דייטש און פראַנ־צויזיש.

אין שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך אין ביעלסק געעפנט א פּרא־גימנאזיע, ד. ה. פיר קלאַסן גימנאזיע. אין דער גימנאזיע זענען געגאנגען לערנען דער גרעסטער טייל פון אונדזער יוגנט. און די אלע ביעלסקער יוגנטלעכע, וועלכע זענען דערגאנגען ביזן אוניווערזיטעט, איז דאָס געווען א דאנק דער פּרא־גימנאַזיע, ווייל שיקן די קינדער לערנען אין גימנאזיע אין אַנדערע שטעט האָבן געקענט נאָר גבירים. איך געדענק נאָך אַז א חוץ שכר לימוד, וואָס מ׳האָט געצאָלט פאַר מיר ווו איך האָב געלערנט אין בריסק, האָט נאָך געקאָסט 25 רובל אַ חודש מיך אויסצוהאלטן אין דער פרעמד. 25 רובל א חודש איז געווען א סך געלד. אין ביעלסק איז אויך געווען אַ פּענסיאָן, נאָר פאַר מיידלעך. אַזאַ לערן־אנשטאלט פון פיר קלאַסן גימנאזיע נאָר פאר מיידלעך, יידישע און קריסטלעכע, היגע און פרעמדע. מ׳איז דאָרט געקומען אפילו פון ביאַליסטאָק, ווייל אין די רוסישע צייטן אַרייננגיין אין גימנאַזיע איז געווען זער שווער. מיך האָט מען געוואָלט פון אָנהויב אַרייננגעבן אין דער גימנאַזיע, אָבער דאָרט האָט מען יידן צוגענומען נאָר צען פּראָצענט. האָבן מיינע עלטערן באשלאָסן — אַזוי ווי זיי האָבן זיך דערוווסט, אז אין דער שטאָט סאַנדאָמיר אין פּוילן האָט זיך געעפנט אַ רוסישע גימנאזיע און דאָרט איז די באַפעלקערונג אַ פּוילישע און זיי האָבן נישט געוואָלט כ׳זאָל גיין אין דער רוסישער גימנאזיע, האָט מען מיר אוועקגעשיקט אהין. איך האָב געהאלטן אין דער גימנאַזיע די עקזאמענס און מ׳האָט מיך צוגענומען אין סאנדאָמיר. איך אָבער, אלס יינגל, האָב נישט געקענט קיין פּויליש און דעם יידיש וואָס זיי האָבן גערעדט האָב איך נישט פארשטאנען — האָב איך זיך נישט געקענט איינהאַלטן און פשוט אַנטלאָפן.

ס׳זענען אין ביעלסק ספּעציעל געווען ברייטע מעגלעכקייטן פאר בילדונג, סיי רוסישע, סיי יידישע. דאָ מוז מען צוגעבן, אַז די לערערין, די וועלכע האָט געעפנט די פּרא־גימנאזיע, באַבילאָוו האָט זי געהייסן, איז אַליין געווען אַ סאָציאַליסטקע. זי האָט געקערט צו די ס. ר. פּארטיי און די רעגירונג האָט געקוקט אויף איר זער שלעכט. די לערערס, אַלע וועלכע זי האָט אָנגענומען, זענען נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע לערערס, זי האָט געבראַכט אַ טייל באַאַמטע פון שטאָט, אַזוי ווי ליאנטייב, דער פארוואלטער פון די וועלדער ביי אונדז. ער איז געווען א לערער פאר נאַטורוויסנשאַפטן. דער צווייטער לערער איז געווען סאוויצקי, וואָס איז געווען אין שטאָט אַ קרייז־אינספּעקטאָר פון שטייער־וועזן. ער האָט געלערנט ביי אונדז מאַטעמאטיקע. עס איז נאָך געווען א לערער, דער אַדוואָקאַט גאווארסקי, וועלכער האָט ביי אונדז געלערנט רוסיש, א וועטערינארער דאָקטאָר, וואָס איז ביי אונדז געווען, האָט אין דער שולע געלערנט ביאָלאָגיע. אַלע די לערער זענען געווען סאָציאַליסטן. זיי האָבן אַרייננגעוואָרצלט אין די קינדער אַן אַנטי־קאַפּיטאַליסטישן גייסט.

אין שטאָט פליסט דורך אַ טייך — ביאלקא. און דער טייך פליסט אין שטאָט פון דער באַן איבער פעלדער, דערנאָך דורך ראביטשע — א קריסטלעכע געגנט — און קומט פון שטאָט ארויס שפּעטער. האָט מען זיך געבאָדן

אין דעם טייך יידן באַזונדער און קריסטן באַזונדער. יידן האָבן פשוט מורא געהאַט גיין זיך באָדן ווו די שקצים פלעגן זיך באָדן, ווייל דער וואָס איז געגאַנגען אַהין, האָט פשוט געכאַפּט קלעפּ. דעריבער זענען זיך יידן געגאַנגען באָדן אויף דאַביטשע אָדער אין אַנדערע ערטער, נאָענטער צו דער יידישער סביבה. דאָס באָדן זיך און שווימען איז געווען דער אייציקער יידנישער ספּאָרט. קיין אַנדערע ספּאָרטן זענען נישט געווען אין דער פאַר־מלחמה׳דיקער ביעלסק און אַלע אַנטוויקלונגען אויף דעם געביט זענען פאָרגעקומען נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה. איין שפּיל וואָס קאָן זיך יאָ רעכענען אַלס ספּאָרט איז געווען די קאָנקעס. נעבן דעם פּוילישן גלח׳ס הויז איז געווען אַ סאַ־דזעווקע — אַ פאַרפרוירענער טייכל — און אויף דעם אייז דאָרט פלעגט מען זיך גליטשן. נעבן די פּאָזשאַרניקעס איז אויך געווען עטלעכע אַזעלכע סאַ־דזעווקעס. דאָס איז געווען דער ווינטער־ספּאָרט. דער זומער־ספּאָרט איז געווען דאָס באָדן זיך.

אין 1915 בין איך מיט מיינע דריי ברידער און מוטער אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד. מורא האָבנדיק פאַר דעם דייטש, וואָס האָט זיך דאַן דערנענטערט קיין ביעלסק. דער פאָטער איז געבליבן אין ביעלסק און דער תירוץ איז געווען כלומרשט, אַז אויב דער דייטש וועט צוקומען נאָענט, וועט ער אויך אַנטלויפן און קומען צו אונדז.

מיר זענען געפאָרן קיין וואַרשע. אַזוי ווי דער דייטש איז אין יאָר 1915 זייער גיך געגאַנגען — איז כמעט די גאַנצע שטאָט אַנטלאָפן. ס׳זענען אין ביעלסק געבליבן אפשר הונדערט מענטשן. די הונדערט מענטשן זענען אויך אַוועק פון די שטיבער און זיך אויפגעקליבן אין די בתי מדרשים און דאָרטן זיך אויסבאַהאַלטן. צווישן די הונדערט מענטשן זענען געווען אפשר צען קרבנות, וועלכע זענען דערשאָסן געוואָרן און מ׳קאָן אָננעמען, אַז ווען ביעלסקער יידן וואָלטן נישט אַנטלאָפן, וואָלטן זיי געליטן אַ סך קרבנות. לויט יענע מיטלען פון קריג און לויט באַגריפן פון מלחמה, זענען געווען יידן, וועלכע זענען אַוועק ביז צען קילאָמעטער פון שטאָט, ביז אָרלי, ווייל ס׳איז געווען אַ קלענער שטעטל. אַ חוץ דער שטאָטישער באַפעלקערונג, זענען אויך די פּויערים געלאָפן. די שאָסייען זענען געווען פשוט פאַרלייגט גון מענטשן ווייל נישט נאָר ביעלסק איז געלאָפן, נאָר די גאַנצע געגנט פון ביעלסק ביזן גרענעץ. די קריסטלעכע און די יידישע באַפעלקערונג. דורך ביעלסק איז געגאַנגען דער הויפּט־שאָסיי פון יענער געגנט, אויף רוסלאַנד, אויף פּרו־זשאַנע.

דער שאָסיי איז געווען אינגאַנצן פאַרלייגט. מיר זענען געפאָרן, געפאָרן מיט אַ באַן. דער פאָטער מיינער האָט געהאַט גוטע באַקאַנטע, האָבן מיר געקריגן אַ וואַגאָן און ביז טשערוועכע זענען מיר געפאָרן. דאָרט האָט דער נאַטשאַלניק, אונדזערער אַ באַקאַנטער, אונדז נישט געלאָזט ווייטער פאָרן. מיר האָבן געוואָלט פאָרן אויף בריסק, נאָר ער האָט געהאַלטן אין איין טענה׳ן, אַז דורך בריסק קאָן מען נישט דורכפאָרן. איך וועל אייך צושטעפּן צו אַ באַן — האָט ער געזאָגט — וועלכע גייט אויף אַן אַנדער ריכטונג, אויף דער

ריכטונג פֿון וואָלקאָוויסק, און פֿון דאָרטן וועט איר אפשר דורכפֿאָרן.

מיר זענען אָנגעקומען אין דער שטאָט ארשע. דאָרט זיך באַזעצט, געוואַרט אַ פּאָר וואָכן, געמיינט אפשר וועט דער פֿאָטער אנטלויפֿן און נאָכקומען — אָבער ער איז נישט נאָכגעקומען. איז אויסגעקומען אַז מיר דארפֿן פֿאָרן ווייטער, ווייל דער דייטש רוקט זיך. אַזוי אַרום האָבן מיר אויסגעקליבן טאמבאווע גובערניא, דאָס איז טיף אין רוסלאנד. איך בין געווען דאַן דער עלטסטער מאַן אין דער משפּחה און איך האָב אויסגעקליבן דעם פּלאַץ, ווייל איך האָב געוואָלט ממשיך זיין דאָס לערנען. ביז דאַן האָב איך געלערנט אין בריסק. איך האָב געוואָלט ענדיקן די שולע און דאָרטן אין שטאָט איז געווען אַ שולע. האָבן מיר באַשלאָסן זיך באַזעצן דאָרטן. אַזוי ארום זענען מיר געבליבן אָפּגעריסן פֿונעם פֿאָטער, פֿיר יינגלעך מיט אַ מוטער, אין קירסאנאוו טאמבאווער גובערניע.

איך בין אַרייגנעטראָטן דאָרטן אין שולע און אָנגעהויבן זיך צו לערנען. די שטאָט איז באַשטאַנען פֿון ניקאָלאיעווסקע סאָלדאטן, געוועזענע און א טייל רייכע יידישע סוחרים, די ערשטע וועלכע האָבן געהאט די מעגלעכקייט דאָרטן צו וווינען לויט דער גילדע. די שטאָט איז בכלל זער א גרויסע שטאָט. אַ רוסישע האַנדל־שטאָט און די יידישע באַפֿעלקערונג איז נישט געווען קיין גרויסע. איך האָב זיך געוואָלט פֿארבינדן און דערוויסן וואָס איז מיטן פֿאָטער, האָב איך געשריבן אין טאטיאנאָווסקי קאָמיטעט — אַן אינסטיטוציע, ווו די טאָכטער פֿון קיסר, טאטיאנע, האָט געשאפֿן און אָנגעפֿירט אַ הילף־קאָמיטעט פֿאַר פּליטים. האָב איך זיי געשריבן די גאנצע מעשה און שפּעטער מיט א יאָר־אנדערהאַלבן האָב איך באַקומען אַן ענטפֿער, אַז זיי האָבן זיך דערוווסט, אַז דער פֿאָטער אונדזערער לעבט אויף דער גאַס הינדענבורג נומער 7.

הינדענבורג איז געווען דאַן אַ גענעראל וואָס האָט געפֿירט די מלחמה, האָב איך פֿארשטאנען, אַזוי ווי 7 איז געווען דער מספּר פֿון אונדזער שטוב, אז די שטוב איז געבליבן און דער פֿאָטער לעבט.

אין אַ צייט אַרום האָב איך נאָך געקראָגן א בריוו פֿון דעם קאָמיטעט, אַז דער זיידע מיינער איז געשטאָרבן. איך האָב דערווייל געלערנט, געוואָרן אין רוסלאנד א ציוניסט, א חבר אין א לערן יוגנט־קרייז מיט סטודענטן פֿון מאָסקווע. מיר האָבן געהאלטן לעקציעס, געלייענט. אין רוסלאנד האָט אָנגעהויבן די רעוואָלוציע, עס זענען געפֿירט געוואָרן וואַלן צו די יידישע קהילות אין שטעט, וואַלן צו די גרידונגס־פֿאַרזאַמלונג פֿון רוסלאנד, אַלן צו דער יידישער גרינדונגס־פֿארזאמלונג. איך בין געוואָרן טעטיק און פֿון א יינגל געוואָרן א בחור, א מענטש.

די מלחמה האָט זיך נאָך נישט געענדיקט. דער דייטש איז נאָך געזעסן אין אונדזערע קאַנטן. ביי אונדז אין רוסלאנד איז שוין געווען קערענסקיס רעגירונג און נאָכדעם די באָלשעוויסטישע רעגירונג. האָב איך באַשלאָסן פֿאָרן זען וואָס הערט זיך אין שטוב. אַזוי ווי בריסק איז געווען אין דייטשע הענט און מיר אויף דער רוסישער זייט, האָב איך זיך אַרויסגעהאָלפֿן מיט

באַקאַנטע וואָס מיר האָבן געהאַט אין שטאָט. האָט מען מיר געמאַכט אַ צעטל אַז איך פֿאָר כלומרשט דערליידיקן ענייִנים פֿון די פּליטים אין א גרענעץ־שטאָט. אין יענער צייט איז אָרשע געווען א גרענעץ־שטאָט. צופֿעליק האָט זיך געמאַכט, אַז קומענדיק קיין אָרשע בין איך געזעסן אין וואָקזאַל טרינקען טיי, איז צוגעקומען אַ בחור מיט וועלכן איך האָב געלערנט צוזאַמען אין בריסק. איך האָב אים דערציילט די מעשה, זאָגט ער מיר: רעדט נישט קיין וואָרט. קום! מיר זענען צוגעקומען צו דער טיר פֿון באַן סטאַציע. די מיליצ־יאָנערן, וועלכע זענען דאָרט געשטאַנען, האָבן געגעבן אַ סאַלוט און געעפֿנט די טיר. מיין חבר האָט מיך געפֿירט און האָט מיך אַרייַנגעזעצט אין אַ באַן. ער איז געווען אַ קאָמוניסט, דער פֿירער פֿון אוקראַניע פֿון באַן. אָרשע איז געווען צווישן די רוסן און די דייטשן. אויף איין זייט זענען די געזעסן און אויף דער צווייטער — די אַנדערע. איך בין איבערגעפֿאָרן נאָר 20 מעטער, בין איך שוין געווען אין דער דייטשער טעריטאָריע. ער האָט מיר געהייסן נישט דרייען זיך דאָרטן צופֿיל און וואָס פֿאַר אַ באַן ס׳וועט שטיין זאָל איך אַריין. בין איך אַריין אין אַ באַן, נישט וויסנדיק אַפֿילו וווּהין זי פֿאָרט. געזעצן און נישט גערעדט קיין וואָרט און מ׳האָט מיך געפֿירט. נאָכן אָפּפֿאָרן עטלעכע טעג, איז מיר געלונגען צו זען וווּהין איך פֿאָר. האָט זיך אַרויסגע־שטעלט, אַז דאָס איז געווען אַ באַן וואָס פֿירט פֿאַרווונדעטע דייטשן פֿון פֿראָנט אין פֿאָרט קיין קאָוונע. און איך דאַרף פֿאָרן קיין ביעלסק. אין קאָוונע האָט מען מיר אַרייַנגענומען אין א לאַגער, אין א טראַנזיט לאַגער און שפּע־טער האָב איך געקריגן אַ דערלויבעניש צו פֿאָרן קיין ביאַליסטאָק. פֿון ביאַ־ליסטאָק בין איך שוין זער לייכט געקומען קיין ביעלסק. דאָרט האָב איך געטראָפֿן דעם טאַטן און אַריין אין שטוב. נאָך עטלעכע טעג זיצנדיק אין שטוב, ווייל דער טאַטע האָט מורא געהאַט טאָמער כאַפּן מיך די דייטשן אויף אַרבעט פֿאַרן שטאָט־ראַט, בין איך אַרויסגעגאַנגען זיך אַרומזען מיט וועמען איך האָב דאָ צו לעבן.

דער ציל מיינער איז געווען צו זען וואָס טוט דער טאַטע און צוריקפֿאָרן. איך האָב געזען אַז דעם טאַטן פֿעלט גאָרנישט, ער האָט דורכגעלעבט די שווערע צייט, די שטוב איז ליידיק, פֿאַרשטייט זיך. מ׳דאַרף עפּעס טון. בין איך געגאַנגען צו א חבר מיינעם, גאָלדשטיין, און האָב אָנגעהויבן זיך צו טרעפֿן און זיך באַקענען מיט געזעלשאַפֿט. מיט אונדזערע חברים. זיי זענען געשטאַנען אויף אַ נידעריקער שטופֿע. די אָקופּאַציע האָט זיי איבערגעלאָזן אויף אַזאַ מדרגה, וואָס איך האָב זיך פּשוט נישט פֿאָרגעשטעלט. די יוגנט פֿון מיינע יאָרן, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזן, זענען געווען צוריקגעשטאַנען. יעדע זאַך, וואָס איך האָב זיי דערציילט פֿון יענער זייט, איז פֿאַר זיי געווען פּשוט אַ נייע וועלט. דאַגעגן האָבן זיי מיר דערציילט, אַז אינצווישן איז שוין ביי זיי אויך געשאַפֿן געוואָרן א ציוניסטישע באַוועגונג, אויך א בראַנש פֿון „בונד”. די דייטשן האָבן אין יענער געגנט געפֿירט גרויסע אַרבעטס־פּראָ־יעקטן, געבויט אַ שאָסיי פֿון ביעלסק קיין ביאַליסטאָק א. א. וו. און יידישע אַרבעטער האָבן ביי די פּראָיעקטן געאַרבעט. אַ חוץ זיי זענען געקומען א סך

אַרבעטן אַהער פון נאָענט און פון ווייט, פשוט צוליבן הונגער. ווייזט אויס, אַז אויף אַזאַ אופן זענען געקומען אין ביעלסק די נייע אידעאלן פון ארבע־טער פאריין.

איך האָב דאָרטן נישט גערעכט זיך איינאָרדענען און נישט אָנהייבן אַר־בעטן; איך האָב נאָר געזוכט אַ וועג צוריקצופאָרן. צווישן אנדערע געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס איז געווען איינע, וואָס האָט געהייסן „חברת שפת עבר". דאָרטן זענען פאָרגעקומען לעקציעס פון ציוניסטן. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז דאָרטן זענען געווען אויך אַלגעמיינע ציוניסטן, וועמענס פירער זענען געווען אפרים מלמדאָוויטש און סטופניצקי; שפעטער האָב איך זיך באַקאַנט מיט די יידן. עס זענען אויך געווען „צעירי ציון", נישט אָרגאַני־זירטע. אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן די קערנער פון דער געזעלשאַפטלע־כער טעטיקייט אין ביעלסק. דאָ איז א געלעגנהייט צוצוגעבן, אַז ווען דער דייטש האָט זיך דערנענטערט צו ביעלסק און די יידן זענען אַנטלאָפן, זענען אָבער די דייטשן גיכער געגאַנגען פון זיי און אין אַ קורצער צייט האָבן זיך די יידן געפונען אונטער א דייטשער אָקופּאַציע אין דער גאנצער געגנט. אין דער פרעמד האָבן זיי זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צוריקצוקערן. אַזוי אַרום איז צוריקגעקומען אין שטאָט אַ 40% פון די באַפעלקערונג. אַ טייל איז געבליבן אין רוסלאנד, אַ טייל איז נישט צוריקגעקומען אין שטאָט.

צו די צוריקגעקומענע זענען צוגעקומען א סך פון די ארומיקע שטעטלעך און דערפער. דער דייטש האָט געשלעפּט יידן פון ארום פּאָלעסיע. אַזוי אַז אַ סך יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין ביעלסק אין דער צייט, זענען נישט געווען קיין שטאָטישע. די פירערס פון די קהילה אָבער זענען יאָ געווען שטאָטישע.

איין פארנאכט, געדענק איך, זיץ איך אין שטוב און איך קוק אויפן באַן, זע איך אַז עס ברענט עפּעס. איך וויל ארויסגיין, לאָזט מיר נישט דער פאָטער. מ׳זאָגט אז עס איז עפּעס, זאָגט ער, אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאנד. יעדער ייד האָט דאן געהאט זיינס אַ באַקאַנטן אַ דייטש און צווישן אַלע אויך מיין פאָטער. און אַ חוץ דעם האָט ביי אונדז אין שטוב געוווינט א דייטש. זעט זיך אויס, אז פון די האָט ער זיך דערוווּסט וועגן א רעוואָלוציע. דאָס איז געווען ביי אונדז אַן אָפּקלאַנג פון דער גרויסער רעוואָלוציע. אַזוי ווי מ׳האָט דערהערט וועגן דער רעוואָלוציע, האָבן די דייטשע אָקופּאַנטן אַליין אַראָפּ־געוואָרפן די מאַכט, די אָפיצירן, און אַרויפגעשטעלט אַנדערע. אויף מאָרגן האָב איך געהערט, אַז עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַרבעטער ראַט אין ביעלסק, אַ דייטשער. פון די סאָלדאטן. נאָך אַ קורצער צייט איז פאָרגעקומען אַ מיטינג אין שטאָט, א יידישער מיטינג, דאָס איז געווען דער ערשטער מיטינג וואָס איך בין בייגעווען. אויף דעם מיטינג איז אויך אַרויסגעטראָטן סטופּניצקי. מ׳קאָן זאָגן, אַז נאָך דער דייטשער רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייַ געזעלשאַפטלעך לעבן אין ביעלסק. אַ קורצע צייט שפּעטער זענען די דייטשן אַרויס פון ביעלסק און אויף זייער פּלאַץ איז געשאַפן געוואָרן אַ פּוילישע מאַכט. די דייטשן זענען אַרויס קיין ביאַליסטאָק און דער פּוילישער כוח איז געקומען פון בריסקער ריכטונג.

ווען די פּאָלאַקן זענען אַריינגעקומען, האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַ נייער לעבן. אויך דאָס יידישע לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אונטער די פּאָלאַקן. אָבער דאָס אַלץ איז נאָך געווען צייטווייליק. עס האָט אַלץ געשמעקט מיט מלחמה. קיין לאַנגע צייט איז נישט אַריבער און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה צווישן פּוילן און רוסלאַנד. די פּאָלאַקן האָבן שוין געהאַלטן ביי קיעוו און די רוסן האָבן זיי אָנגעהויבן צו טרייבן אויף צוריק. צום סוף זענען אין ביעלסק צוריק אריין די רוסן, דאָס מאָל שוין באָלשעוויקעס און די פּאָלאַקן זענען ארויסגעטראָטן.

אזוי ווי אין אַנדערע שטעט אין יענער צייט, זענען אויך ביי אונדז אין ביעלסק שוין געווען „צעירי ציוניקעס", א גרויסע אָרגאַניזאַציע, העכער הונדערט מיטגלידער. מיט א שיינעם לאָקאַל אין צענטער פון שטאָט. אַלע שבת זענען געווען פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן געצויגן זער א גרויסע באַפעלקערונג. אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאציע איז געוואָרן גאַנץ גרויסלעך. אין יענער צייט זענען די פּועלי ציון לינקע שוין געווען א שיינע אָרגאַניזאַציע. עס איז אָנגעקומען אַ חבר פון רוסלאַנד, יאַנקל בראָנשטיין, וועלכער האָט געהאט אַ גרויסע השפּעה אויף די לינקע. אין יענער צייט איז דער בונד געווען איינער פון די שוואַכסטע פּאַרטייען. די שטארקסטע איז געווען צעירי ציון און פּועלי ציון, מיט באַזונדערע לאָקאַלן, מיט פאַרזאַמלונגען, מיט ביבליאָטעקן, מיט אַלץ. וואָס איז אייגנטלעך געווען דער אונטערשייד צווישן די פּועלי ציון און צעירי ציון? — די צעירי ציון זענען דאַן נאָך נישט געווען אַ באַזונדערע פּאַרטיי, נאָר אַ פראַקציע פון די אלגעמיינע ציוניסטן. זיי האָבן געהייסן פאָלקס־פראַקציע צעירי ציון. פּועלי ציון זענען געווען אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי מיט גרויסע נייגונגען צו קאָמוניזם.

נישט לאַנג נאָך דעם, וואָס די באָלשעוויקעס זענען אריין, האָט מען זיי געמאסערט, אַז איך בין א ייד, אַז איך בין געווען אין רוסלאנד, אַז איך בין אַ געגנער פון זיי. און מ'האָט מיר אַרעסטירט. דאָס איז דער ערשטער אַרעסט מיינער. דאָס איז געווען אין 1920. אַרעסטירט האָבן זיי מיך צוליב אַ צופאַל. איך האָב דאָ איבערגעלאָזן, איבערגעשפּרונגען אַ לאַנגע תקופה, אַ יאָר רעגירונג פון די פּאָלאַקן, אין וועלכער צייט מיר האָבן אָרגאַניזירט וואַלן פאַר דער יידישער קהילה. די וואַלן אין ביעלסק זענען אָרגאַניזירט געוואָרן הויך דעמאָקראַטיש. ס'זענען געווען רשימות, פּאַרטיי רשימות, און די גאַנצע באַפעלקערונג האָט גענומען אָנטייל אין די וואַלן. דער וואַל־קאַמף איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך שווערער. די רשימות זענען געווען פארשידענע: אָרטאָדאָקסן זענען געגאַנגען מיט א רשימה, אין וועלכער ס'איז ארויסגעשטעלט געוואָרן יונגערמאַנס טאַטע. אלגעמיינע ציוניסטן זענען אויך אַרויס מיט א רשימה. ביי זיי האָבן פיגורירט סטופּניצקי און מלמדאָוויטש. אַ באַזונדערע רשימה האָבן געהאט די צעירי ציון מיט קאדלובאָווסקי און מוישקע שטערן אַלס קאַנדידאַטן. בראָנשטיין, פּיניע, ראַבינאָוויטש (יעצט אין רוסלאַנד) זענען געווען די פיגורירנדיקע ביי די פּועלי ציון. פון די האַנטווערקער איז ארויסגעשטעלט געוואָרן גורניאצקי; די פאָלקיסטן זענען אויך געווען א כלומרשטע

פאַרטיי מיט ד״ר כהן בראש. פון „בונד״ זענען געווען אין שפּיץ פון דער ליסטע טיקאָצקי און דיידבאַק. אַזוי האָט זיך אָרגאַניזירט דער ערשטער דע־מאָקראַטישער ועד הקהילה. פאַר די וואַלן זענען געווען אפשר צוויי חדשים מיטינגען, גרויסע מיטינגען, אויסערגעוויינלעך גרויסע. די קהילה האָט דאַן געציילט אפשר 7000—8000 מענטשן.

נאָך די וואַלן האָט זיך אָנגעהויבן א שטאַרקער קריג צוליב פאַרשידענע ענייניםֿ. די ערשטע פאַרזאַמלונג פון ועד הקהילה איז געווען אַן עפנטלעכע. כמעט די גאַנצע קהילה ובראש די יוגנט זענען געקומען זען און זיך צוהערן. ס׳איז געווען אויך דער רב אונדזערער, וועלכער איז אויך געווען אין ועד הקהילה, פון די אָרטאָדאָקסן, דער רב בענדאס. זער א פרומער ייד, זער ווייט פון וועלטלעכקייט. ער האָט ווייניק פארשטאַנען אין די פּאַרטיי ענינים און זיינע קינדער זענען געווען פאַרשריבן אין פארשידענע פאַרטייען, ביזן בונד. אין געזעלשאַפטלעכן זין, רעכן איך, איז ער געווען אַן אָפּגעשטאַנענער ייד. ביים עפענונג פון דער ערשטער ישיבה פון ועד הקהילה זענען די בונד־פאַרשטייער ארויס מיט אַ דעקלאַראַציע, און ער האָט געזאָגט, אַז די ערשטע זאַך פאַר עלכער ס׳וועט קעמפן דער בונד, וועט זיין דאָס אָפּטיילן די רעליגיע פון דער קהילה. די קהילה דאַרף זיין אַ וועלטלעכע, האָבן זיי געטענה׳ט. דער רב האָט דאָס דערהערט, האָט ער געגעבן אַ כאַפּ און געריסן קריעה. דער הויפּט־קאַמף איז געווען אין שטאָט, אַז די קהילה זאָל אויך אריינעמען די פארשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. איין אינסטיטוציע איז געווען דער יידישער בית־עולם, וועלכער איז געלעגן אינגאַנצן אונטער דער השפעה פון די שווארצע אָרטאָדאָקסן. זיי האָבן געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויף דער חברה קדישא און זיי האָבן גענומען געלד אונטערן תירוץ, אז זיי דאַרפן האָבן דאָס געלד פאר די צרכים פון דער קהילה. ס׳זענען געווען פאַלן, וואָס מ׳פלעגט ביי רייכע מענטשן נעמען כמעט גאַרנישט, ווען פון די אָרעמע פלעגט מען רייסן די הויט. דעם בית עולם האָבן זיי געטיילט אויף קאַטע־גאָריעס: דאָ לייגט מען די „פני״, דאָ לייגט מען די אָרעמעלייט א. א. וו. דער דעמאָקראַטישער טייל פון דער קהילה האָט געוואָלט די ערשטע זאַך אַרויס־רייסן דעם מאָנאָפּאָל פון זיי. דער קאַמף מיט זיי איז געווען זער א שווערער, ווייל זיי האָבן געהאַט אויף זייער זייט די חברה קדישא.

מיר וואָלטן דאָך נישט געגאַנגען שאַפן א נייע חברה קדישא! אַמאָל האָט טאַקע פּאַסירט, אַז מ׳האָט געשאַפן א נייע חברה קדישא, אָבער מיר האָבן דאָך אַזאַ זאַך נישט געאָלט. ביי דער דער ערשטער פארזאמלונג האָט מען באַשלאָסן, אַז מ׳קומט זיך צוזאמען דאָרט און דאָרט צוויי פאַרשטייער פון דער פּאַרטיי, צוויי פאַרשטייער פון יענער, צוויי פאַרשטייער פון דעם בית־מדרש, צוויי פון יענעם. ווו דאָס אָרט איז געווען געדענק איך נישט, מיר האָבן זיך אויפגעקליבן. איז צוגעקומען אַ ייד און פרעגט, ווער איז דער און ווער איז דער; מיך האָט מען, פארשטייט זיך, געקענט. קומט צו מיר צו א ייד און פרעגט, פון וועמען זענט איר, פון וועמען? זאָג איך: איך בין פון צעירי ציון. אָבער פון וועמען זענט איר? וואָס הייסט, זאָגט ער, מיר זענען דאָך

פון שטאָט. זייער פאַרשטעלן איז געווען, אַז זיי זענען פון שטאָט, ד.ה. פון דער גאַנצער שטאָט און מיר אויפגעקלערטע האָבן מיט די יידן געדאַרפט זיך צוזאַמענרעדן און צו זיי אָנקומען. די קהילה פאַרזאַמלונגען זענען געווען עפנטלעכע. ס׳איז זיך צונויפגעקומען א גרויסער טייל פון דער יוגנט; מ׳האָט געהאַלטן דרשות דאָרטן און די יוגנט פלעגט לאַכן. דער סוף איז געווען, אַז מיט זער גרויסע שוועריקייטן זענען אלע אינסטיטוציעס אריבערגעגאַנגען אונטער די הענט פון דער קהילה, אויך די חברה קדישא.

אַ וויכטיקע אינסטיטוציע איז געווען די באָד. אין דער פרשה האָבן די אָרטאָדאָקסן מורא געהאַט פאַר דער מקווה און האָבן זער שטאַרק געקעמפט קעגן איבערפירן די באָד צו דער קהילה. זיי זענען אפילו געגאַנגען צו דעם שטאָט־ראַט מיט פאַרשלאָגן און טענות און ס׳איז געווען אַ סכנה, אַז דאָס וועט אַריבערגיין צו די גויים. דאָס האָט דערפירט צו דעם, אַז אויך די מקווה איז אריבער צו דער קהילה. די גויים האָבן אויך פאַרשטאַנען, אַז די קהילה איז דער יידישער כוח און נישט די אָרטאָדאָקסן, וועלכע גייען שוין אונטער.

ס׳איז געווען ביי אונדז אין שטאָט אַ הכנסת אורחים. דעם געזעלשאַפט־לעכן אינסטיטוט האָבן מיר אויך גענומען אונטער די קהילה הענט, אריינ־געשטעלט דאָרט א מענטש, ווייל ביז דאַן איז דאָרט נישט געווען אַ מענטש, וואָס זאָל אָנפירן און אַרבעטן. איין מאָל קומט אונדזער מענטש און דער־ציילט א מעשה:

— איר ווייסט, זאָגט ער, אָרעמעלייט קומען צופאָרן מיט גרויסע ווע־גענער, מיט פערד, צו די וועגענער זענען צוגעבונדן הינט, זיי ברענגען מיט זיך ווייבער און נאָך דעם וואָס זיי זענען שוין דורכגעלאָפן די גאַנצע שטאָט און געזאַמלט נדבות, זעצן זיי זיך אוועק אונטער די וועגענער, טרינקען בראָנפן און מ׳פארקויפט ווייבער.

דאָס האָט ער דערציילט.

אויף דער פאַרזאַמלונג קומט איינער פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזן און זאָגט: איר זעט צו וואָס איר דערפירט? פריער זענען אזעלכע זאַכן נישט געווען און היינט זעט איר וואָס!!! האָבן מיר אויף דער זיצונג באַשלאָסן אַז עס איז נישט שיין מיר זאָלן נישט רעאַגירן דאַרויף. האָבן מיר פאַר־אָרדנט, אַז יעדער אָרעמאַן מוז קריגן א קאַרטע מיט א שטעמפל, וואָס רע־גולירט זייערע באַזוכן אין שטאָט און אָפּגעמאכט מיט דער פּאָליציי, אַז דער וואָס וועט נישט האָבן קיין שטעמפל אויפן פּאַס פון קהילה, זאָלן זיי אַרעסטירן, כדי די אָרעמעלייט זאָלן וויסן, אַז מ׳טאָר נישט ארומגיין זאַמלען אין שטאָט סתם אַזוי. זיי האָט מען געגעבן צו פארשטיין, אַז קומענדיק אין דער פרי אין שטאָט דאַרפן זיי זיך רעגיסטרירן אין דער קהילה, אָפּנעמען וואָס מ׳האָט זיי דאָרט געגעבן — א פינף זלאָטעס — און אַוועקגעגאַנגען. רוהען אין שטאָט — יאָ; זאַמלען איבערן שטאָט — נישט! און מיר וועלן צאָלן די אָרעמעלייט פון די שטייערן, וואָס מיר נעמען פון דער באַפעלקע־רונג. איז דאָך גוט? האָט אָבער די אָרטאָדאָקסישע אָפּטיילונג אָנגעהויבן אומקערן די וועלט:

זיי גיבן איבער אין גוישע הענט די אָרעמעלייט! האָבן זיי אַלאַרמירט.

און מ׳האָט געפירט אַן אויסערגעוויינלעכן קאמף. די פּאָליציי האָט נישט געטאָרט זיך מישן אין דעם. זי האָט פון דער איינריכטונג אויך הנאה געהאַט. ווייל א חוץ די ריכטיקע אָרעמעלייט, פלעגן פריער אויף דעם זעלבן וועג אויך קומען גנבים און פארשיידענע אונטערוועלטניקעס. איצט האָט זיך דאָס געענדיקט. אונדזער שטעמפּל האָט רעגולירט די וויזיטן פון ארחי־פרחי און געשאפן א מין קאָנטראָלע, אַז דער און דער האָט שוין באַקומען זיינס און טאָר נישט זיך אַרומדרייען אין שטאָט. אַזאַ מין אָרעמאן האָט געמעגט קומען איין מאָל אין חודש. מער האָט ער בכלל נישט געמעגט אריינקומען אין שטאָט אריין (הלוואי וואָלט מען געקענט דורכפירן די סיסטעמען וואָס מיר האָבן דורכגעפירט דאַן אין ביעלסק דאָ אין תל־אביב און חיפה).

נישט לייכט האָבן מיר דאָס אויסגעפירט. ווי נאָר מ׳האָט דערציילט וועגן די ציגיינער־אָרגיעס, וואָס יידישע אָרעמעלייט פירן אויס אין שטאָט, האָבן מיר געשיקט דריי מיטגלידער פון דער קהילה, זיי זאָלן זען צי ס׳איז ריכטיק די גאנצע מעשה. די דריי זענען געווען יחיאלטשיק, קאדלובאָווסקי און פעשקע. זיי האָבן זיך אַעקגעשטעלט אונטער אַ וואַנט. געשטאַנען און אַכטונג געגעבן. און ריכטיק די מעשה. נישט ווייט איז געשטאַנען אַ ריזן גרויסער וואַגאָן, אַ פּאָר פערד איינגעשפּאַנט, אַ זעקס־זיבן אָרעמעלייט זענען געזעצן צווישן זיי צוויי ווייבער, מ׳האָט געטרונקען בראָנפן און מ׳האָט פאַרביסן. און איינער האָט דערציילט די מעשה און די דריי האָבן געהערט:

— וואָס מיינט איר, זאָגט ער, איך בין אזא נאַר ווי איר, איר גייט נאָר אין די יידישע גאַסן. איך, זאָגט ער, אַז איך קום צוגיין, טו איך אָן אַ מאַטשע־יוווקע (א פּוילישן היטל), און איך לויף אַרום אויף סינקיוויטשע גאַס, איך גיי אַריין צום רעיענט און ער גיט מיר שטענדיק אַ האַלבע זלאָטע. פון אים גיי איך ווייטער דאָרטן און קלייב נאָך געלד. דערנאָך ערשט גיי איך צו יידישע גאַסן.

און אַזוי האָט ער דערציילט ווי ער מאַכט געלד, און די דריי שליחים פון דער קהילה הערן זיך צו. דערנאָך זענען זיי געקומען אויף אַ זיצונג און דאָרט האָבן זיי דערציילט וואָס זיי האָבן געהערט.

מיר האָבן געהאַט זער א סך קעגנער צו דעם אָפּמאַך מיט דער פּאָליציי, אָבער די דערציילונג האָט אונדז א סך געהאָלפן.

ביים דורכפירן די אַלע פאַראָרדנונגען איז געווען איינער פון די גרעסטע קעגנער אונדזערע פון צווישן די אזוי גערופענע אָרטאָדאָקסן שיילם מיני־וויצקי (שלום מיניוויצקי). ער איז געווען, מוז מען זאָגן, אַן אָרנטלעכער ייד, און אַלץ וואָס ער האָט געטון איז געווען נאַיוו און לשם שמים. ער האָט געטון דאָס וואָס ער האָט געגלויבט. ער האָט באמת געמיינט, אַז ס׳איז אומ־דערהערט, אַז די קהילה זאָלן באַהערשן פאָרשטייער ווייטע פון רעליגיע. אַזעלכע יידן, אויף וועלכע דער רב האָט געריסן קריעה און וועלן ווערן בעלי־בתים אויפן בית עולם. די מתים וואָס מ׳וועט ברענגען צו קבורה וועט מען נישט מקבר זיין, מ׳וועט זיי פשוט אַוועקוואַרפן, האָט ער געמיינט. און

ער איז געווען ממש אַ דערשראָקענער. צו אים פלעגן מיר רעדן גאַנץ חבריש און בכבוד, און געוואָלט אים געבן צו פאַרשטיין, אַז מיר וועלן אויך אָפּהיטן קבורה און מצבה מיטן גרעסטן רעספּעקט צום מענטש, דערצו דאַרף מען נישט זיין רעליגיעז. מיר האָבן אים דערקלערט, אַז אויף דער גאַנצער וועלט פירט זיך אַזוי דאָס באַערדיקן טויטע — ביי די רוסן און ביי די פּאָלאַקן פירט מען אויך צו קבורה און מ'שטעלט אַ מצבה. פאַרוואָס זשע זאָל ער מיינען, אַז מיר זאָלן דאָס נישט מאַכן?! פאַרוואָס זאָלן מיר זיין ערגער?! פאַרוואָס דאַרף ביי אונדז דער מת ליגן און וואַרטן אויף זיין קבורה בשעת די חברה־קדישא וויל אַרויספּרעסן געלד פון די משפּחה?! ווער פירט זיך ערגער, מיר אָדער איר?! מיט אַזעלכע עפּטנלעכע וויכוחים זענען מיר גע־קומען צו א פאַרשטענדיקונג.

א סך איבערגעפירט האָט אונדז אַמעריקע. זיי, די פרומע, האָבן זיך גע־ווענדעט צו די אמעריקאַנער. דאָרטן, די אמעריקאַנער אונדזערע, זענען נישט



יידישע קינדער־קיך — 1920

קיין פרומע, מיר קענען זיי. נאָר מיינען האָבן זיי געמיינט, אַז מיטן קריגן אַ בריף פון אַ פרומען ייד קויפן זיי יענע וועלט. האָבן זיי זייער געלד־שפּענ־דונג געשיקט זיי. אַזוי אַז זיי האָבן געהאט דאָס געלד און מיר האָבן געהאט די מאַכט.

נאָך דער מלחמה איז דער בית עולם געוואָרן אָפּגעלאָזן. ס׳זענען נישט געווען קיין מצבות; מ׳האָט געדאַרפט שטעלן מצבות. און אויף אונדזער זייט איז געווען די מאַכט; די פּוילישע באַפעלקערונג און מאַכט האָט געוואָלט האָבן אַן אָרגאַניזירטע יידישע קהילה. אַ קהילה מיט מאַכט, אויף וועלכער מ׳זאָל זיך קענען שטיצן דאָס איז געווען דער פּלוס מיט וועלכן מיר האָבן מצליח געווען. דער בית עולם אין יעדער יידישער שטאָט אין פּוילן האָט געקערט צו דער קהילה פאַרוואַלטונג. די קריסטן האָבן געהאט אַ באַזונדערן בית עולם, באַזונדער פאַר פּראַוואָסלאַוון, באַזונדער פאַר קאַטאָליקן. אין אַנ־דערע שטעט איז דער בית עולם געווען אַ שותפותדיקער פאַר אַלע קריסטן. דעם קריסטלעכן בית עולם האָט געהאלטן די רוסישע אָדער פּוילישע געזעל־שאַפט, אַזוי גוט ווי זי האָט געהאלטן זייערע שולעס. דאָס זעלבע האָט דאָך געטון די יידישע קהילה.

דער ערשטער ועד הקהילה האָט נישט לאַנג אויסגעהאַלטן, ווייל אין יאָר 1920 זענען אַריין די באָלשעוויקעס. האָבן זיי גערופן דעם ועד הקהילה און געזאָגט:

— דאָס וואָס איר האָט געטון ביז היינט — האָט איר געטון, אָבער איצט איז דאָס שוין רוסלאַנד און אַלץ וועט זיך ענדערן.

מיט דעם האָבן זיי צעלאָזן דעם ועד הקהילה. די קהילה האָט ביז דאַן אויסגעהאלטן א קיך פאַר אָרעמע קינדער. זיי זאָלן עסן פרישטיק און מיטאָג. די פּראָדוקטן פלעגן מיר קריגן אַ טייל פון דזשאָינט און עס איז געווען איינ־געאָרדנט אַ זאַל און אַ קיך, ווו די קינדער זענען געקומען עסן. מיידלעך פון אונדזערע מיטגלידער האָבן דאָרט באַדינט אַן געצאָלט. אָבער די באָלשעווי־קעס האָבן זיך מיט דעם נישט גערעכנט און אויך די קיך איז ליקווידירט געוואָרן.

ווען די באָלשעוויקעס זענען אריין און געשאפן די אַזוי גערופענע רע־וואָלוציאָנערע קאָמיטעטן, בין איך געבליבן זיצן אין שטוב. זיך אויפגעהערט צו מישן אין געזעלשאַפטלעכע און פּאַרטייאישע ענייִנים. פּשוט ווייל איך האָב געקענט די באָלשעוויקעס פון אַמאָליקע צייטן און איך האָב געוווסט מיט וואָס עס שמעקט. אין איין פרימאָרגן איז געקומען צו גיין צו מיר אברומע וויינשטיין, אַ מיטגליד פון די לינקע פועלי־ציון, וועלכער איז געווען אַ סעקרעטאַר ביי זיי אין געשאפענעם רעווקאָם — רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן און זאָגט מיר: קאָדלובאָווסקי, דו וועסט האָבן צרות. מ׳רעדט שוין וועגן דיר אַז מ׳דאַרף דיר שיקן אַרבעטן. קום אַרבעט מיט מיר, וועסט ווערן אַ מזכיר אין אַן אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלע פאַרזאָרגונגען, וועלכע איך נעם איבער און דאָס איז כשרע אַרבעט. קום, וועסט אַרבעטן!

איך האָב דאָס גוט פאַרשטאַנען און בין מסכים געווען צו גיין, און גע־

וואָרן דער מזכיר פֿון דער אָפּטיילונג. אַזוי ווי ס׳זענען געבליבן פּראָדוקטן האָבן מיר באַשלאָסן אַז מיר עפֿענען ווייטער אַ קיך פֿאַר יידישע קינדער. און די קיך האָט זיך געעפֿנט. דאָס איז געווען דער פּועל־יוצא פֿון דער קהילה. מיר האָבן נאָך געהאַט פֿאַרשידענע פֿאַלן. קראַנקע, אָרעמע, משוגענע א. א. וו. די לאַגע אין שטאָט איז געווען אַ זער שלעכטע. ס׳האָט געפֿעלט עסן, ברויט און ס׳איז גאָרנישט געווען; איינמאָל קומט דער וויינשטיין און מעלדעט אונדז, אַז מ׳האָט באַשלאָסן, אַז יעדער פּאַרוואַלטער אין זיין אָפּטיילונג קאָן פֿאַרזאָרגן זיינע מיטאַרבעטער מיט עסנוואַרג. איז אַזוי ווי מיר האָבן קאַקאַאָ, קאָן מען נעמען יעדן טאָג אַ פֿערטל קילאָ קאַקאַאָ, און מ׳וועט טרינקען קאַקאַאָ. אַנדערע אָפּטיילונגען האָבן געמאַכט ענלעכע זאַכן מיט אַנדערע אַרטיקלען. דער פּאַרוואַלטער פֿון קיך איז געווען שעפּסל אייזנבערג פֿון די לינקע פּועלי־ציון און דער הויפּט־פֿירער איז געווען וויינשטיין און נאָך עטלעכע מיטגלידער וועלכע האָבן געדאַרפֿט זאָרגן פֿאַר דער אַרמיי און געהאַט פּראָוויאַנט איבער גענוג.

מ׳האָט אַזוי געטרונקען קאַקאַאָ און הנאה געהאַט איבער אַ וואָך. דאַן קומען אַריין צוויי יידישע בחורים, מיליציאָנערן און זאָגן: „די קאַקאַאָ איז אַרעסטירט״. האָבן מיר אַביסל געלאַכט פֿון דעם אויסדרוק. איך האָב גלייך געזאָגט אברומען, אַז פֿון דעם וועט זיך פֿאַרקאָכן אַ מיאוסע מעשה. סטייטש, זאָגט ער, מ׳האָט דאָך דערלויבט! עס איז דאָך אַלץ געשריבן! אָבער איך בין געווען גערעכט.

אין עטלעכע שעה אַרום קלינגט מען — מ׳רופֿט אברומען צום רעווקאָם. אין רעווקאָם איז געזעסן א גוי, אויך אַ שטאָטישער אונדזערער. זאָגט צו מיר אברומע:

— ביסט דאָך געווען אין רוסלאַנד, קענסט דאָך גוט די רוסן און רוסיש. איך וויל דו זאָלסט קומען מיט מיר. זאָלסט זיי זאָגן, אַז אלע באשלוסן זענען געווען קאָלעקטיווע, און אַליין האָבן מיר גאָרנישט געמאַכט.

מיר קומען צוגיין, מ׳ברענגט אונדז אַריין צו דעם פֿאָרזיצער און די ערשטע ווערטער וואָס זיי האָבן געזאָגט איז געווען:

— מיר אַרבעטן אין סאָוויעטישן רוסלאַנד.

וויינשטיין הויבט אָן צו רעדן, דערקלערט אים, אַז מיר האָבן געטון לויטן באַשלוס און יענער לאָזט אים גאָרנישט רעדן און שיקט אונדז אַוועק. גייענ־דיק צו דער טיר האָב איך שוין פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז שלעכט. און באַלד טאַקע איז צוגעקומען אַ מיליציאָנער און געזאָגט, אַז מיר גייען אין טורמע. האָט מען אונדז טאַקע אַוועקגעפֿירט אין טורעמ און מיר זענען דאָרט געזעסן עטלעכע טעג. דערווייל, אין דער צייט, האָבן די באָלשעוויקעס אָנגעהויבן ביי אונדז אין שטאָט צו אַרעסטירן די גבירים. האָבן זיי אונדז דערציילט. אַז די לאַגע „אינדרויסן״ איז דווקא א גוטע. די באָלשעוויקעס אנטלויפֿן, די וועגע־נער גייען שוין פֿיר־פֿינף אין דער ברייט פֿון וועג. זיי עוואַקואירן די שטאָט. צווישן אונדז איז אויך געזעסן שעפּסל אייזנבערג. הערנדיק די נייעס, האָט ער אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר. קומט צו דער טורמע עלטסטער. זאָגט אים

אייזנבערג: זאָלסט וויסן זיין, איך קאָן מיט די מענטשן נישט זיצן. פרעגט ער אים: פאַרוואָס, ענטפערט ער: זיי זענען אַלע קאָנטררעוואָלוציאָנערן! איך קאָן נישט הערן זייערע רעדעס. איך קאָן דאָס נישט פאַרטראָגן! פיר מיך אַריבער אין אן אנדער קאַמער. אַ טאָג שפּעטער קומט צו לויפן אהרון־יוסף לעווארטאָווסקי און זאָגט: וויינשטיין, זאָלסט וויסן זיין, אייזנבערגן און דיך לאָזט מען ארויס. קאדלובאָווסקי וויל מען נישט. ענטפערט אים וויינשטיין: גיב איבער. אַז אָן קאדלובאָווסקין גיי איך נישט. אויב מ'וועט אים נישט ארויס־לאָזן, בלייבן מיר זיצן.

ער איז ווייטער אוועקגעלאָפן. זאָגט מיר וויינשטיין: וואָס זאָל איך טון, איצט אז די רוסן גייען ארויס און די פּאָלאַקן קומען אריין! זאָג איך אים: אברומע, זאָרג זיך נישט! ס'וועט גאָרנישט זיין, איר בלייבט בעסער אין טורמע, ווען די פּאָליאקן זען, אַז איר זענט געווען א געגנער פון רוסישן רעזשים. אַזוי האָב איך אים איינגערעדט ער זאָל בלייבן, ביז דער לעצטער מינוט ממש פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט אין שטאָט. דאַן זענען מיר אַלע באפרייט געוואָרן. וויינשטיין איז גלייך אַוועק קיין ביאַליסטאָק. ער האָט מורא געהאט צו בלייבן אין שטאָט. אייזנבערג איז געבליבן. אונדזערע בחורים זענען אויך אַנטלאָפן. מורא געהאַט פאַר די פּאָלאקן. אינגאנצן זענען די באָלשעוויקעס ביי אונדז געווען דריי וואָכן.

אַז עס איז געוואָרן צוריק פּוילן, האָבן מיר שוין נישט געקאָנט צוריק שאַפן דעם ועד הקהילה אַזוי ווי פריער, ווייל אַ טייל איז שוין נישט געווען. אַנטלאָפן. בראָנשטיין און פּיניע ראבינאָוויטש פון די לינקע פּועלי ציון זענען געגאנגען מיט די רוסן. די פּראָפּאָרציע צווישן די פארשידענע פּאַרטייען האָט זיך געענדערט — האָבן מיר באַשלאָסן צו שאַפן אַ פּאַריטעטן ועד קהילה. צו צוויי פאָרשטייער פון יעדער פּאַרטיי.

אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג איז געווען דער ערשטער פּאָרזיצנדער ד״ר כהן (קאָהן). ד״ר כהן איז נישט געווען קיין ביעלסקער. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז ער געקומען זיך אויסבאַהאַלטן אין ביעלסק. חברים פון דער פּאָלקיסטישער רשימה האָבן אים געקליבן פאַר אַ פּאָרזיצנדן, כדי ער זאָל נישט זיין קיין קעגנער. געווען איז ער אזוי צו זאָגן „נישט מילכיק און נישט פליישיק" — „פּאַרווע".

א חוץ פון דערמאָנטן פּאָרזיצער ד״ר כהן איז אויך געווען א וויצע־פּאָרזי־צנדער און א סעקרעטאַר. צו דעם סעקרעטאַר איז אויך געווען אַ באַאַמטער צו שרייבן, צוצוגרייטן און אדורכקוקן די פּראָטאָקאָלן. די ארבעט אין קהילה איז דאַן געגאַנגען גאַנץ נאָרמאַל. מ'האָט אויפגעשטעלט אַ רשימה פון דער גאַנצער באַפעלקערונג און אויף אַלע אַרויפגעלייגט שטייערן, לויט די מעגלעכקייטן פון יעדן איינעם. רייכע האָבן באַצאָלט מער, אָרעמע האָבן באַצאָלט ווייניקער. על כל פנים. דער גאַנצער שטייערן סיסטעם איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף ריין דעמאָקראטישע און פּראָגרעסיווע יסודות. און דאָס איז ממש געווען אַ רעוואָ־לוציע אינם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט. מיר האָבן געמאַכט אַ שטאָטישע קאָמיסיע, מיר האָבן געקליבן מענטשן, וועלכע האָבן באַאַרבעט

רשימות און פעסטגעשטעלט, ווער און וואָס קען צאָלן. ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז דער הויפּט־קאַמף געווען אויספירן, אַז די קהילה זאָל זיין דער בעל־הבית פון יידישן לעבן אין שטאָט. איין פונקט איז געווען, אין וועלכן מיר האָבן נישט געקאָנט קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג: דאָס איז געווען דאָס שול־וועזן. אין שטאָט איז אין יענער צייט שוין געווען אַ העברעאישע שול, אַ יידישע שול און אַ תלמוד־תורה. יידן האָבן געקלערט, אַז נאָר די תלמוד־תורה דארף אויסגעהאַלטן ווערן פון דער קהילה, בעת די אַנדערע אינסטיטוציעס גייען זיי נישט אָן. די אָרטאָדאָקסיע האָט געפירט אַ ביטערן קאַמף און נישט דערלאָזט, אַז אויך די וועלטלעכע שולן זאָלן אונטערגעשטיצט ווערן דורך דער קהילה.

אַ חוץ דעם שול־וועזן. וואָס איז נישט אַדורכגעגאנגען, זענען אלע אַנדערע אינסטיטוציעס, ווי די פאַרוואַלטונג פון בית־עולם, ארונטער אונטער דער השפּעה פון דער קהילה. די קהילה האָט אויך פארוואלטעט מיט אַלע קערפּערשאַפטן פון ערשטער הילף. איך דאַרף דאָ באַצייכענען, אַז נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע איז געווען אַ גרויסע נויט צווישן דער באַפעלקערונג אין שטאָט, אַ זער גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט באדארפט פשוט האָלץ צו באהייצן די שטיבער, קליידונג און שיך, און די אלע מענטשן האָט מען באַדאַרפט באַזאָרגן מיט אַלעם נויטיקן. דאַן איז געקומען די הילף פון דעם ביעלסקער אַמעריקאנער רעליעף. ער האָט אָבער געשיקט זיין הילף דירעקט צו די אָרטאָדאָקסן און דאָס האָט אַריינגעבראַכט א פּירוד אין דער קהילה. ס׳זענען אויך געווען א סך שטעטישע ויעלכע האָבן געהאט קינדער און קרובים אין אמעריקע און געשריבן צו זיי נאָך הילף. האָבן די אַמעריקאנער באַשלאָסן צונויפצוקלייבן ביי די אַלע ביעלס־קער קרובים א סומע געלט און דאָס אַריבערברענגען צו אונדז דורך אַ דעלעגאַט, אַ געוויסער האָכמאַן. ער איז געקומען קיין ביעלסק זיך פארשטענדיקן מיט דער קהילה און מיט איר אַרומרעדן די פראגע פון רעליעף הילף. דאָס געלט וואָס דער דעלעגאט האָט געבראכט איז געווען א גרויסע הילף. ער האָט אָבער געמאכט אַ גרויסן פעלער. די וואַלוטע האָט זיך ביי אונדז דאַן זער אָפט געוואַקלט און האָכמאַן האָט גאָרנישט געדענקט דערין. ווייסנדיק, אַז אין אַמעריקע האָט דער דאָלאר אַלעמאָל זיין ווערט. האָט ער אויפן וועג אַהער צעביטן אין דייטשלאנד דאָס געלט. די קינדער פון די ביעלסקער עלטערן, האָבן געשריבן, למשל: טאַטע, איך שיק דיר הונדערט דאָלאר און דער דעלעגאט האָט נישט געוווּסט, אַז דאָ האַלט שוין דער דאָלאר אזוי הויך און ער האָט נישט מער געבראַכט ווי דאָס צעביטענע געלט. האָט די קהילה געהאט גרויס עגמת נפש. בלויז אויפצוקלערן יעדן איינעם, פאַרוואָס ער קריגט אַזוי ווייניק געלט. די קהילה האָט געהאַט צרות פון דער באַפעלקערונג. ס׳זענען געווען אַזעלכע, וועלכע זענען געקומען מיט געשרייען, אַז מ׳דאַרף אַזעלכעס נישט דערלאָזן, גלייך ווי מ׳וואָלט זיי בכיוון בע׳עוולט.

איך האָב געאַרבעט אין דער סאָציאלער קאָמיסיע און ביז היינט בין איך שטאָלץ מיט דער טעטיקייט פון דער קהילה. זי האָט איבערגענומען די דזשאָינט פּראָדוקטן, געשאפן א קיך פאר אָרעמע, און אַ לאַנגע צייט ווייטער האָט מען אַרויסגעגעבן פאָרציעס עסן פאר קינדער.

א גרויסע טעטיקייט האָבן מיר אויסגעפירט פאַר פסח. ס׳איז נישט געווען אַזוי ווי אַמאָל „מעות חיטים״, וואָס יעדער קלייזל האָט געזאַמלט און איינער האָט יאָ געקריגן און דער צווייטער נישט. מיר האָבן נישט געלאָזט יעדער זאָל מאַכן „פסח פאַר זיך״. מיר האָבן גענומען די אָרעמע־לייט אונטער דער שורץ פון דער קהילה אין אַלע הינזיכטן. עס איז נאָך געווען „מעות חטים״ און מ׳פלעגט קומען אין שטוב צום זיידן מיינעם זאַמלען דערויף געלד. אָבער דאָס איז געווען נאָר פאַר פסח. אַ טייל געלד האָט געגעבן די קאַראָפקע.

אין שטאָט זענען געווען עטלעכע פּאַרטייען און יעדע פון זיי האָט געהאַט, פאַרשטייט זיך, איר איינשטעלונג צו יעדער פראַגע, אָבער די געמיינזאַמע אַר־בעט איז געווען אַ נאָרמאַלע. ס׳זענען פאָרגעקומען גרויסע געשרייען און אויפ־רעגונגען, די באפעלקערונג פלעגט לאַכן פון דעם. נאָר דאָס זענען געווען עפּי־זאָדן פון קאַמף צווישן די פּאַרטייען. אין אַלגעמיין אָבער איז די קהילה געווען איינע פון די אינסטיטוציעס, וואָס האָט אינגאַנצן געענדערט דאָס אויסזען פון אונדזער באַפעלקערונג. דער אָרעמאַן האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אַ גלייכער מיטגליד פון דער קהילה.



די קינדער פון יתומים־אַנשטאַלט מיט ד״ר כהן — 1920

דאָס איבערפירן די פאַרשידענע אינסטיטוציעס צו דער קהילה איז געווען אַ פּשוטע. עס איז נישט געווען קיין קעגנערשאַפט צו ווענמען די איסטיטוציעס האָבן געקערט. עס איז געשטאַנען למשל א געביידע אין שטאָט און קיין בעל־בית אויף איר איז נישט געווען. עס איז געווען א יתומים־הויז — אַ כלל געביידע אָן אַ בעל־בית. אין יענער צייט איז נישט געווען איינגעפירט אַזוי ווי איצט. די אַזוי־גערופענע טאַבו. ביי אונדז דאָן איז גאָרנישט געווען פאַרשריבן. די באָד,

צום ביישפּיל, האָט נישט געקערט צו דעם בעדער אָדער צום צווייטן. דער באָדן פון די געביידעס האָט נישט געקערט צו קיינעם, נאָר על פּי חזקה האָט עס געקערט צו דער יידישער קהילה. אַז דער ועד הקהילה איז געשאפן געוואָרן, האָט מען געמאָלדן אָפיציעל אין דעם מאַגיסטראַט, אַז פון דעם און דעם טאָג הויבט אָן דער ועד הקהילה צו צאָלן שטייערן פאַר דעם באָדן. און אַלע געביידעס זענען אריבער צו דער אפּוטרופּסות פון ועד הקהילה. אַנדערע פאַרמעגנס וואָס זענען על פּי צוואה פאַרשריבן געוואָרן פאַר דעם כלל, זענען אויך קאָאָפּטירט געוואָרן צו דער קהילה. אַמאָל האָט איינער איבערגעלאָזט אַ קראָם. האָבן מיר דאָס דורכגעפירט יורידיש און אַזוי איז דער ועד הקהילה געוואָרן א יורידישע קערפּערשאַפט, אָנערקענט דורך דער מאַכט. אפילו אויף צו זאַמלען שטייערן האָבן מיר געהאַט יורידישע רעכט. בכלל, אין אונדזער געגנט האָט פּוילן געוואָלט, אַז אַזעלכע קערפּערשאַפטן זאָלן וואקסן, די קהילות זאָלן זיין דעמאָקראַטיש אָרגאַניזירט.

אונדזער טעטיקייט אין דער קהילה האָט געבראַכט אויך אירע פּרוכטן אין געביטן, אין וועלכע די קהילה האָט נישט איינגעשטימט צו ווירקן. די קהילה האָט נישט געוואָלט זיך אנגאזשירן אין דעם שול־וועזן, ווי כ׳האָב דאָס פריער דערמאָנט, צוליב ריין פאַנאַטיש־עגאָאיסטישע צוועקן. מיר אָבער, ציוניסטישע פאַרשטייער אין דער קהילה, האָבן נישט געקאָנט לאַנג דולדן אַזאַ לאַגע און זעענדיק, אַז אינערהאלב דער קהילה וועלן מיר נישט קאָנען ווירקן אין דער ריכטונג פון אַנטוויקלען פאָרגעשריטענע דערציונגס־אינסטיטוציעס. האָבן מיר באַשלאָסן דאָס אויסצופירן אויף אייגענער איניציאַטיוו און פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר האָבן אויפגעשטעלט די העברעאישע שולע. אונדזער צוזאַמענאַרבעט אין דער קהילה האָט אונדז צוזאמענגעקלאמערט און מיר האָבן אונדזער קאָלעקטיוו־ענערגיע פאַרווענדעט אויך אויף אַנדערע געביטן און דערגרייכונגען. די בולטע איז געווען דאָס אנטוויקלען און שטיצן די העברעאישע שולע. מיר זענען געווען אַ גרופּע צעירי ציון און אַלגעמיינע ציוניסטן, האָבן מיר צוזאַמען גענומען אַרבעטן אין שול־וועזן און מען האָט געשאַפן אַן העברעאישע שולע, אַ מאָדערנע, אַן אייגן געדונגענער לאָקלאַ מיט בענק און מעבל, אָן קיינעמס הילף. קיין צענטראַלע איז נישט געווען, וואָס האָט געקאָנט געבן הילף. האָבן מיר זיך אַליין אַן עצה געגעבן. לערערס, צום ביישפּיל, האָבן זיך געשטעלט פרייוויליק צו טאָג טעגלעכער אַרבעט און נישט גענומען קיין געהאַלט. אלע זענען זיי געווען שטאָטישע — פון ביעלסק. שפּעטער אָבער, ווען די שולן האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען און עס איז צוגעקומען תלמידים און מען האָט אָנגעהויבן צאָלן שכר־לימוד — האָט מען געבראַכט אַ דירעקטאָר, אַ פרעמדן. דאָס איז געווען אין יאָר 1920. די פּוילישע רעגירונג אין יענער צייט האָט נישט אַרויסגעגעבן קיין דערלויבעניש פאר קיין שולע, אויב אין דער שפּיץ פון איר איז נישט געשטאַנען אַ „קיעראָווניק”, אַזאַ דירעקטאָר, וועלכער האָט געדאַרפט קענען גוט די פּוילישע שפּראַך און האָט געהאַט דאָס רעכט צו פירן אַ שולע. אַזוי אַרום איז שטענדיק געווען אַרום דער שולע פרעמדע מענטשן. לערערס צומייסטנס, וועלכע מען פלעגט ברענגען פון גאַליציען. אין אונדזער געגנט האָט מען בכלל זער קנאַפּ

געקענט די פוילישע שפּראַך. מען האָט דאַן געפונען אַ מיידל פון לאָדזש, וועלכע האָט געענדיקט אַ גימנאַזיע און געקענט גוט פּויליש. זי איז געווען די ערשטע „קיעראָווניטשקע״ (מנהלת) פון דער יידישער שולע אין שטאָט. אין יענער צייט איז געלמאַן געווען דער מנהל פאר העברעאיש און די דערלויבעניש פאר די שולע איז געווען אויפן נאָמען פון אַ קאַטוילישע לערערקע, וועלכע האָט געלערנט פּויליש. מיט געלמאנס אָנקומען האָט די שולע זיך שיין אַנטוויקלט און געקראָגן אַ נאָמען. ווייל געלמאן איז געווען אַ מענטש, וועלכער פלעגט ארויסטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען, ער האָט געהאַלטן א סך רעפעראטן אין שטאָט און דאָס האָט געווירקט. אַרום דער העברעאישער שולע האָט זיך פארזאמלט די מערסטנס יידישע באַפעלקערונג פון שטאָט. ביסלעכווייז איז מען איבערגעגאנגען פון די פּרייוויליקע לערערס צו סשאַבילע, קוואליפיצירטע לערערס.

אין אלגעמיין לאָזט זיך זאָגן, א דאנק אונדזער געזעלשאַפטלעכער אינטו־איציע זענען מיר אַריין אין קאַמף פאַר אַ פאָרגעשריטענער קהילה און נישט ווייניק פון ציוניסטישע דערגרייכונגען איז צו פארדאנקען אָט דער אינטואיציע.



חוה קעסטין

# קרבנות פון דער קאמוניסטישער אידיי אין ביעלסק

ווען איך בין געקומען קיין ביעלסק. בין איך פּאָליטיש געווען זער נאָענט צו א גרופּע יוגלטנעכע, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער שול־אָרגאַניזאַציע וועלכע האָט געהערט צום בונד. די שול־אָרגאַניזאַציע האָט געהייסן אויף פּויליש „שוויאַטלאָ" (ליכט). מיר זענען אָבער גיך ארויס און אָפּגעריסן זיך פון זיי. די לינקע יוגנט האָט מיך געזוכט. איך בין געקומען לערנען אין גימנאַזיע. די קרייזן האָבן מיך ארייגענומען און איך האָב א געוויסע צייט ביי זיי געלערנט די פּאָליטישע עקאָנאָמיע. אַלע זענען געווען יונגע און זער גוטע מענטשן. איך בין שוין געווען דאַן 19 יאָר אַלט — די איבעריקע יונגערע פאר מיר — 16־17 יאָריקע. אָבער נאָר א געוויסע צייט בין איך געווען מיט זיי. מיר פלעגן זיך — געדענק איך — צונויפקומען אין אָרגאַניזאַציע. שפּעטער צו האָב איך זיך דערווייטערט און מער נישט געהאַט קיין פערזענלעכע־אינטימערע באַציאונגען מיט זיי. ווייל איך בין דאַן אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט ביי דער גימנאַזיע ווו איך האָב געלערנט. איך בין געוואָרן זער טעטיק אין גימנאַזיע און צו 24 יאָר בין איך שוין געווען א קאַנדידאַטין פארן שטאָט־ראַט. פון דאַן בין איך פון די קרייזן אוועק אינגאַנצן.

אין ביעלסק איז די קאָמוניסטישע באַוועגונג געווען שטאַרק פאַרבונדן מיט דער ווייס־רוסישער באַוועגונג. אַלץ וואָס האָט זיך דאָ געטאָן איז געקומען פון דאָרטן. זייער ארבעט איז געווען א זער אינטענסיווע און טראָץ דעם גרויסן טעראָר קעגן זיי, האָבן זיי געקלעפּט פלאַקאַטן און פּראָקלאַמאַציעס אין שטאָט און געדרוקט אויפרופן אין א סך שפּראַכן, אויך יידיש, רוסיש, פּויליש. איך האָב זיך דאָס דערוווּסט שפּעטער דורך יוגנט, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין ראַטן־פאַרבאַנד אומלעגאַל, ווי צוויי ברידער אלפּערטס, צוויי ברידער פון אייזנבערגס משפחה, אַ שוועסטערס אַ טאָכטער פון די אייזנבערגס. זיי זענען געקומען צו מיר זיך געזעגענען און דערפון האָב איך זיך דאָס דערוווּסט. ס׳זענען געווען אויך צוויי ברידער בריקער, וועלכע האָבן געלאָזט אַ מאַמען אין ביעלסק. זיי זענען שפּעטער געקומען צוריק און זיי האָבן אַגיטירט פאר פאָרן קיין רוסלאַנד. אין ביעלסק איז אינצווישן אונטערגעוואַקסן אַ דור יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געלערנט אין שולע. איך אַליין, זייענדיק אין גימנאַזיע, האָב גע־אַרבעט פארן ראַטן־פאַרבאַנד. מיינע שילער זענען צוגעשטאַנען צו דער קאָ־מוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט. אויך לערערס פון די שולע זענען געווען קאָמוניסטן: שעפּסל אייזנבערג, סאָניע אייזנבערג, עטל, שעפּסל אייזעבערגס פרוי, איינער פון די ברידער בעדער איז אויך געווען אַ קאָמוניסט, זיין נאָמען איז געווען דוד.

אַלע לערערס כמעט זענען געווען סאָציאַליסטיש געשטימט, אָבער אקטיוו און רעפּרעזענטאַטיוו זענען געווען שפּסל און שרה אייזענבערג.

איינער פון די יונגע קאָמוניסטן, אבעדאַן, איז פאַראורטיילט געוואָרן אין

אַ פּראָצעס אויף 7 יאָר אין „שוויענטע־קשיזש”, דאָס הייסט „הייליקער קרייץ”, דאָס איז געווען איינע פון די שווערסטע תפיסות אין פּוילן. די ארעסטאַנטן האָבן, זיצנדיק דאָרטן, נישט געזען קיין טאָגליכט פאר זייערע אויגן. ער איז אויסגעזעסן די פולע 7 יאָר. וואָס איז מיט אים שפּעטער געוואָרן, ווייס איך נישט. פאר דער צווייטער מלחמה איז ער ערשט באפרייט געוואָרן. אחוץ זיי זענען אויך געווען אַ פּאָר מיינע שילערינס, איינע דאָבע זינגער — זי איז היינט אין ווילנע און איך קאָרעספּאָנדיר זיך מיט איר — זי איז דאָרט אָפּגע־זעסן א גרויסע שטראָף. זי איז קראנק — דאָרטן האָט זי חתונה געהאט און לעבט דאָרטן. די צווייטע שילערין, וועלכע איז אוועק און געקומען צוריק, איז מינע פעשקין. זי איז איצט אין פּוילן. זי איז געווען דאָ ביי מיר צו גאסט. איך האָב מיט איר נישט געקאָנט אָנבינדן אַ נענטערן קאָנטאקט — זי איז געקומען אַהער זער צעבראָכן און מיר האָבן נישט געפונען קיין געמיינזאמע שפּראַך.

די גרופּע צו וועלכע עס האָט געערט דאָבע זינגער, ליובע פעשקין און אגרעס, האָבן געלערנט אין יידישן ווילנער סעמינאר און זענען אוועקגעפאָרן אין די 30־ער יאָרן. אויך מנוחה אַגרעס און טייבקע אגרעס. די צוויי שוועסטער זענען געפאָרן פאר דער לעצטער מלחמה קיין פּאריז מיט קאָסאָווסקין (איצטער איז קאָסאָווסקי אין אמעריקע). זי איז היינט די נאציאָנאַלע העלדין פון דער פראנצויזישער „רעזיסטאנס”. עס איז פאראן אַ בוך וועגן איר. זי איז געוואָרן באלוינט מיט א אָרדן־טיטל אַלס נאַציאָנאַלער העלד פון פראנקרייך. איר מאַן קאָן דערציילן בעסער און מערער, ווייל ער ווייסט וועגן אַלע אירע העלדנטאטן. אויך ער איז געווען אין דער „רעזיסטאנס”. זי הייסט איצטער קאָסאָווסקי (אָדער אָסאָווסקי).

אין 25—1920 האָבן די פּאָליאקן געמאַכט „פּאַציפיקאציע”, כדי צו אויס־רייניקן די געגנט פון קאָמוניסטן און אַזוי ווי ביעלסק האָט זיך געקרייצט אַרום מיט א סך דערפער, האָט מען באשלאָסן אַז אין ביעלסק וועט מען מאכן אַ תפיסה און מען האָט געבראַכט אַהער אַלע ארעסטירטע קאָמוניסטן און די וועלכע האָבן זיי געהאָלפן. הינטער ביעלסק האָט מען אָנגעהויבן בויען גרויסע מויערן פאר שפּיטעלער און מ׳האָט זיי פארוואנדלט אין טורמעס ווּהין מ׳האָט איינגעשפּארט אַלע פאַרדעכטיקטע פון אלע שטעט, שטעטלעך און דערפער און זיי שרעקלעך געפייניקט. אַהינצו האָט מען גענומען פאַקטיש אַלעמען אויף וועמען מען האָט נאָר געוויזן מיט א פינגער, אַז דער און דער איז אָנגעשמעקט מיט קאָמוניזם, אָדער עפּעס וואָס א שייכות צו אים.

זיי זענען אַריין צו אונדז אַלע צוויי חדשים אויף רעוויזיעס. איך בין געווען ביי זיי אונטער שטענדיקער אויפזיכט. געווען ביי זיי אַ פּראָטאָקאָל וועגן מיר און מיט רויטן שריפט איז געווען אונטערגעשטראָכן, אַז איך בין א לערערין און בין קיינמאָל אין שולע נישט געגאנגען.

יאָ, אויך חיה גיטל גאָלדע איז מיין שילערין. זי איז היינט אין פּאריס און אַרבעט אין דער „נייער פּרעסע”. איר מאן איז א קינסטלער. זי איז געקומען צום קאָמוניזם דורך פּראָפּאגאנדע אין די צייטונגען און דורך דעם איינפלוס פון אירע חברטעס, וואָס האָבן אויף איר משפיע געווען. זי איז אייגנטלעך שוין

נישט געווען צווישן מיינע שילערינס. זי האָט געענדיקט אַ יאָר פאַר דעם ווי איך בין אָנגעקומען.

דאָס קולטור־לעבן אין ביעלסק איז געווען באַגלייט מיט פעסטע טראַדיציעס פון אַמאָל. פון ביעלסק זענען ארויס די סירקינס, יאַשאַ בראָנשטיין, וואָס איז געווען אין ראַטן־פאַרבאַנד, איצט איז ער רעהאביליטירט געוואָרן — ער איז געווען א באַוווּסטער ליטעראַטור־קריטיקער און בכלל א טעטיקער מענטש. ווייזט אויס, אז דער איינפלוס פון דער דעמאָקראַטישער ריכטונג אין דער רוסישער ליטעראַטור איז געווען זער איינגעוואָרצלט אין ביעלסק. אַ סך יוגנטלעכע אין שטעטל זענען געווען פאַבונדן מיט דער רוסישער ליטעראַטור און די אַלע שטרעמונגען פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און פון לערמאָנטאָוון, פּושקינען, פון די גאַנצע דעמאָקראַטישע רוסישער פּראָגרעסיווע טענדענצן — די אַלע האָבן געמאַכט אויף זיי א גרויסע ווירקונג.

דער אַלגעמיינער לעבנס ניוואָ אין ביעלסק איז געווען א נידעריקער, טראָץ דעם וואָס ס׳זענען געווען אויך גבירים. עס איז געווען ווי מען רופט עס פּעריפעריעס אין שטאָט און אַרום שטאָט. עס איז געווען א סך אָרעמעלייט. געווען אויך א מיטל־שטאַנד, צו וועלכן עס האָבן געהערט די גרעסערע סוחרים פון שטעטל, צווישן זיי מילנערס אדג. און מ׳קאָן זאָגן, אַז ביעלסק איז נישט געווען דער פּאַסיקער פלאַץ פאר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. טאָ ווו קום איך אַהין? איך בין געקומען קיין ביעלסק גאַנץ צופעליק. איך האָב געענדיקט דעם סעמינאַר, געזוכט באַשעפטיקונג און שעפסל אייזענבערג האָט זיך אויף מיר אָנגעזעצט, אַז איך בין פונקט פּאַסיק פאַר ביעלסק. וואָס איז? אי קען יידיש און פּויליש און איך קען זיין די פּאַרוואַלטערין פון דער שולע מיט מיין מלוכה־צייגניש; איך האָב געהאַט פאָרשלאָגן פון פאַרשידענע שטעט, ווי בריסק אדג. אָבער ער האָט מיך כמעט געצווונגען אז איך מוז פאָרן קיין ביעלסק. ווען איך בין אַהינצו געקומען — ביי מיר איז דאָן געווען אַזאַ מנהג, אַז איך פלעג אַרומגיין מיט א שטעקן אַלס פאנטאזיע — קומענדיק האָב איך מיטן שטעקן מיינעם געטריבן די הינער. ווען מען האָט מיר געבראַכט אין ביעלסק האָב איך געזאָגט מיינע מלווים: פירט מיך גלייך אין שטאָט אריין. זאָגן זיי מיר, אַז דאָס איז די שטאָט. איך האָב דאָס אָנגענומען ווי דאָס איז און געבליבן.

די מענטשן האָבן געלעבט רואיק, שטיל, זער זער באַשיידן און גלייכצייטיק איז די קולטור־שטופע פון די ביעלסקער געווען פון די העכסטע ארום. אפילו מיין שוויגער האָט געליינט אַ בלאַט. זי האָט געשריבן אַ פּרעכטיקן יידיש, געווען באַהאַוונט אין יידישן פאָלקלאָר, הלוואי וואָלט איך דאן האָבן דעם שכל צו פאַרשרייבן אירע דערציילונגען, וויצן און מאָטיוון פון פאָלק. דאָס אלץ איז געווען אַן אויסדרוק פון אינערלעכער גייסטיקער נויטווענדיקייט ביי די מענטשן אין שטעטל. אַזוי האָבן זיי אויך פארשטאנען דעם קאָמוניזם און די קרבנות פון דעם רעוואָלוציאָנערן דראַנג. זיי האָבן נישט געטאַדלט און פארשטאנען, אַז אין געזוך נאָך תקון נשמה און געזעלשאַפט פאַרבלאָנדזשען זיי צו עקסטרעמע לעזונגען. אַן אינטערעסאנטן פאקט פון העלפן יידישע קאָמוניסטן דורך יידן וועל איך דערציילן: דער פארשטאָרבענער חנא טיקאָצקי איז געווען אַ פּאָד־

ראטשיק (א קבלן) פון שטאָט ראט. איידער עס איז געווען עלעקטרישע ליכט נאָך ביי די ערשטע דייטשן, איז ער געווען א קבלן. צו אים האָט מען געהאט אביסל צוטרוי, בשעת מען האָט ביי מיר צוגענומען אלע בריף וואָס חיים פלעגט שרייבן פון ווארשע. אין די בריף האָט ער אויך געשריבן וועגן דעמאָנ־סטראַציעס און צעשריבן דאָס מיט אַלע פיטשעווקעס. מען האָט ביי מיר צוגענומען א גאנצן פעקל בריף און מ׳האָט זיי אריינגעטראָגן אין שטאָט־ראט. האָט מען געזוכט א יידן ער זאָל איבערלייענען די אנטי־פוילישע בריף און גענומען דערצו חנא טיקאָצקין. מ׳האָט אים פארמאכט אין א צימער און געזאָגט ער זאָל לייענען די בריף. מיר זענען דאן ביידע געווען נאָענטע פריינט, האָט ער גענומען לייענען פון אָנפאנג אָנשטאָט „ליבע עוועטשקע" „לייזער־בעטשקע". און ער האָט איבערגעדרייט דעם גאנצן טעקסט פון די בריף, אזוי אַרום האָט ער פשוט מיר ארויסגעהאָלפן נישט אריינצופאלן אין זייערע הענט. א צווייטער פאל: אין ביעלסק איז געווען א גרויסע יידישע ביבליאָטעק ווו קאפּלאנסקי איז געווען די ביבליאָטעקארין. די ביבליאָטעק איז געווען גרויס און אינהאַלטסרייך, אז דאָס איז געווען א זעלטנהייט פאר אזא שטעטל. איך פלעג אַריינקומען לייענען, בייטן ביכער און דאָרט האָט געארבעט יאָכע, איר מאַן האָט געהייסן מעלאמעד. דערווייל האָט מען זיך דערוווּסט, אַז מיין חיים איז געזעסן אין דער שפּיטאָל־תפיסה. אַ פוילישער פּאָליציאנט איז געקומען מיר אָפּגעבן פון אים א גרוס און דערציילט, אַז היינט פירט מען אים צו דער אויספאָרשונג. צי דער פּאָליציאנט איז געווען א קאָמוניסט, ווייסן מיר נישט. האָט דער מעלאמעד זיך משתדל געווען ביי דעם פּראָקוראָר און פארשטייט זיך, אַז נישט אָן געלט איז די גאנצע געשיכטע פאָרגעקומען. מ׳האָט אים באפרייט. דאָרטן האָט מען דעם שוחד אוועקגעלייגט אויפן טיש עפנטלעך און דאָס האָט געהאָלפן. די באציונג פון דער באפעלקערונג צו די מענטשן, וועלכע מען פלעגט פירן הונערטערווייז צו דער באן, איז נישט געווען קיין פיינטלעכע, די ביעלסקער גאס, קען מען זאָגן, איז נישט געווען פיינטלעך צו די מענטשן. ווייל ביעלסק האָט געהאט אַ זעלטענעם קאדער פון ציוניסטישע טוער און סתם פערזענלעכקייטן און זיי האָבן נישט געקענט זיין ענגהארציק.

משה טייכמאַן איז געווען א סטודענט פון פּראגער אוניווערסיטעט און ער האָט שפּעטער חתונה געהאט מיט חנה׳ן, א לאנג־יעריקע לערערין אין דייטש. איר טאַטע איז געווען א דיין. משה טייכמאן איז געווען א צוגעקומענער אין ביעלסק, א גרויסער ליטעראטור־קענער, פון פאַך אַ מאַטעמאטיקער, ער איז אויך געווען א שרייבער, א איבערזעצער, ער איז געווען א שיינע פערזענלעכ־קייט. ער אַליין האָט שפּעטער צוזאמען מיט הרמאנען אין ווארשע ארויסגעגעבן א קינדער־זשורנאל. ער איז געווען רעדאקטאָר און שרייבער, געווען אַן אָנגע־זעענער לערער. געווען א צאָן־דאָקטאָרין מיטן נאָמען גערמאיזע, זי איז אויך געווען א בולטע פערזענלעכקייט אין שטאָט — א טוערין אין דער העברעישער שולע. מעלאמעדאָוויטש איז אויך געווען פון די, וועלכע האָבן באַזיצט קולטור. אויך אפּעלבוים, וועלכער איז געווען א ציוניסט, א טוער, א שרייבער, ווו מען האָט באדארפט עפּעס טאָן אויף הויכן קול, האָט מען געשיקט אפּלבוימען.

ס׳איז געווען סטופּניצקי, אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט, הגם זיין צוגאַנג צו פאַרשידענע ענינים איז געווען מער אָן ענגע. דער רב פון שטאָט איז נישט געווען קיין בולטע, טיפע פּערזענלעכקייט, אָבער אַ פיינער, גוטער מענטש, זער אַ באַשיידענער.

שטעלט אייך פאָר, אַז איך, די לינק געשטימטע, בין ביי אים תמיד געווען אַ בת־בית. אין זיין שטוב איז געווען די פּערזענלעכקייט די מאַמע. זי איז געווען 19 דורות רבנית. דער רב בענדאַס איז, ווי געזאָגט, געווען אַ גוטער און טאָלעראַנטער מענטש. ער איז געווען געשעצט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג נישט אַזוי צוליב זיינע מעשים, נאָר צוליב זיין כאַראַקטער — אַ גוטמוטיקער און מילדער. אוודאי האָט ער אויך געפירט אַ ברייטע שתדלנות, אָבער אַלס פּערזענלעכקייט אין זיין ווייב געווען אַ שטאַרקערע.

די שולע איז געווען אַ גרויסער פאַקטאָר אין יידישן לעבן אין שטאָט. קינדער פון בעלי־מלאכות האָבן זיך געלערנט אין שולע און קינדער פון קליינע קרעמערלעך, אפילו קינדער פון אונטערשטן מיטלשטאַנד האָבן דאָרט געלערנט. קינדער פון מיטלשטאַנדס עלטערן האָבן שוין געלערנט אין דער העברעאישער שולע. אין דער אַלגעמיינער שולע האָבן עמך־קינדער געלערנט. מען האָט געקוקט אויף דער שולע פון פּרנסה־שטאַנדפּונקט. אַ שולע פאַר אָרעמע־לייט — די יידישע שולע האָט געהאַט זער באַגרענעצטע מיטלען צום אויסהאַלטן זיך. איר צענטראַלע איז געווען די אָרגאַניזאַציע ציש״אָ, וועלכע האָט געשטיצט די שולן און אָט די אַלע דערמאָנטע קינדער האָבן געלערנט פאַר אַ מינימאַלן שכר־לימוד, ממש געצאָלט נאָר סימבאָליש. אַ סך קינדער האָבן גאָר געלערנט אָן געלט. אין דעם זין האָט געשפּילט אַ ראָלע דער פאָלקס־כאַראַקטער פון דער שולע. די נאָענטקייט צום פאָלק האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער טעטיקייט וואָס די שולע האָט געפירט. זי האָט אויפגעהויבן דעם ניוואָ פון דער אָרעמער באַפעלקערונג מיט דער אונערמידלעכער דערציונגס אַרבעט פון דער שולע. זי איז געווען דער דופק פון דעם קליינעם וועלטל, וואָס הייסט ביעלסק און איר סביבה.

די שולע איז געווען הינטערן שטאָט. אָבער דאָס האָט נישט געשפּילט קיין ראָלע, ווייל דאָס שטעטל איז דאָך נישט געווען גרויס. די שולע האָט אדורכגעמאַכט זער אַ סך הינדערנישן און שטרויכלונגען. איינמאָל האָט מען צוגענומען דעם לאָקאַל פאַר דער פּוילישער גימנאַזיע און די שולע האָט אָנגעהויבן וואַנדערן פון איין לאָקאַל צום אַנדערן. דערנאָך האָבן מיר געהאַט אַנדערע צרות מיט אונדזער שולע, למשל אַנטקעגן איר איז געווען אַ קירכע און מען האָט דאָרט זונטיק נישט געטאָרט לערנען. שבת האָט מען אויך נישט געטאָרט לערנען. האָבן מיר געמוזט קירצן די לערן־שטונדן און אַזוי ווי עס איז געווען אַ חשד, אַז די שולע שטייט אונטער סאָציאַליסטישער־קאָמוניסטישער השפּעה, האָבן שטאָטישע קרייזן געלעגט שטיינער אין וועג און געזוכט מיטלען די שולע איינגאַנצן צו שליסן, פּשוט פּטור צו ווערן פון איר. אָבער אַזוי ווי איך בין געווען די לערערין, עלכע מען האָט רעספּעקטירט פאַר מיינע פּוילישע לימודים און דער פּוילישער שול־אינספּעקטאָר האָט זער געלויבט דעם ניוואָ פון דער שולע, האָט מען זי נישט געשלאָסן. אין גאַנץ פּוילן זענען געווען 2—3 שולן, וואָס

האָבן באַקומען מלוכהשע סובסידיעס, טאַקע מינימאַלע, סימבאָלישע, אָבער דאָס האָט עפּעס געזאָגט. און שטעלט אײַך פֿאָר, אַז אונדזער שולע איז געווען אײנע פֿון זײ.

דער דערציִונגס־ניוואָ, ווי געזאָגט, איז פֿאַרהעלטניסמעסיק צו אַנדערע שולן, בײַ אונדז געשטאַנען הויך, ווײַל די לערער פֿון דער שולע האָבן געהאַט אַ העכערע בילדונג. לערער האָבן געהאַלטן פֿאַר אַ כּבֿוד צו אַרבעטן אין אונדזער שולע. עס פֿלעגן זיך אָנבאָטן בײַ אונדז די בעסטע לערער. די שטאָט פֿאַרזאָרגער האָבן נישט געהאַט קײן ספּעציעלע אַפּוטרופּסות איבער אונדז. מיר זענען בײַ זײ געווען די טרפֿה'ניקעס, די שקצים, איך קאָן זיך נישט דערמאָנען, אַז דער ועד־הקהילה האָט מיט וואָס אונטערשטיצט די שולע. איך בין געווען ווײַט פֿון צו וויסן אַזעלכעס. די שולע איז געווען נאָרמאַל, מיט אַ נאָמאַלן פּראָגראַם, ווי אַלע פּויליש־ייִדישע שולן. אָבער ווי געזאָגט, האָט זי זיך אויסגעצײכנט מיט דעם, וואָס זי האָט געהאַט זער טאַלענטירטע פּעדאַגאָגן און דער עיקר — איבערגעגעבענע אַרבעטער צו זײער אויפֿגאַבע. אין דער שולע האָבן אויך געאַרבעט צוויי שוועסטער בערעזינסקי, אײנע פֿון זײ האָט געהאַט אַפֿילו אוניווערסיטעט בילדונג. געלערנט האָבן אין דער שולע ווי אַמאָל, בײַ אַ 150 קינדער. די העכערע קלאַסן האָבן געהאַט ווײניקער קינדער. עס איז געווען אַ צוואַנגס־לערן־רעזשים פֿון אַן אַלגעמײנער נאָרמאַלער שולע. עס איז אין פּוילן געווען אַ געזעץ, אַז יעדעס קינד מוז לערנען, אָבער ס'זענען געווען עלטערן, וועלכע האָבן דאָס געזעץ נישט אַזוי אָפּגעהיט. ס'איז טאַקע געווען אַ פֿליכט, אָבער די מאַכט האָט נישט באַשטראָפֿט די עלטערן, וואָס האָבן זײערע קינדער נישט געשיקט אין שולע.

געווען, פֿאַרשטענדלעך, הײזער וווּ מ'האָט געשיקט קינדער צו פֿאַרדינען געלט. אוודאי זענען געווען אויך אַזעלכע. פֿון דער אַנדערער זײַט זענען געווען פֿאַלן, וואָס עלטערן האָבן געשיקט זײערע קינדער אין לערער־סעמינאַר. וועלוול קאַפּלאַנסקי איז געווען אַ מאָלער־קינסטלער, אויך אַ לערער און ער האָט זיך געלערנט אין ווילנער סעמינאַר. דאָרט האָט זיך געלערנט יאָסל כּץ, פּיִנשקין, אַגנעס און לעוואַרטאָווסקי, וועלכער געפֿינט זיך הײַנט אין כּפֿר־סבא. יעדנפֿאַלס זענען געווען אַ סך קינדער אין שטאָט, וועלכע האָבן געהאַט אַ דראַנג ווײַטער צו לערנען.

אַרום דער שולע איז געווען אַ שול־קאָמיטעט פֿון הויכן ניוואָ. כּדי צו שילדערן ווי הויך ס'איז געווען זײער קולטור־אַרבעט אין דער שולע איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז דער שול־קאָמיטעט האָט געפֿלעגט אײַנלאַדן פּערזענלעכקײטן צו האַלטן רעפֿעראַטן און דער באַוווּסטער פּרץ מאַרקיש האָט רעפֿערירט אין ביעלסק איבער מאַיאַקאָווסקי און אַלץ וואָס ער האָט געשריבן פֿון דער ערשטער רוסישער עפּאָכע.

ווען מיר דערצײלן פֿון דער שולע אַלס געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַקטאָר אין שטאָט, מוז דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די שולע האָט דווקא געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפֿן קולטורעלן לעבן אין שטאָט. דער שול־קאָמיטעט איז געווען רעפּרעזענטירט דורכן בונד, פּועלי־ציון און אויך פֿון אומפּאַרטײיִשע

קרייזן, ווי האנטווערקער. די האנטווערקער האָבן געהאט אַן אייגענע אָרגאַ־ניזאַציע און זייער אָנפירער איז געווען א טוער מיט ברייטע קולטור. דער שול־קאָמיטעט איז געווען אזוי צו זאָגן דער טאטע פון דער שולע. זיי האָבן זיך פארנומען מיט זאַמלען געלט פאר דער שולע און די גאנצע עקאָנאָמישע און אדמיניסטראטיווע אַרבעט פון דער שולע האָט געפירט דער שול־קאָמיטעט. די לערער האָבן באקומען זייער געהאלט רעגולער. נישט אַלעמאָל האָט דאָס זיי געקלעקט צום לעבן. דאָך האָבן זיי ווי עס איז געצאָלט.

אַז מען פלעגט אַמאָל איינאָרדענען אַן עפנטלעכן שול־אָוונט, איז דאָס געווען א יום־טוב פאר דער גאַנצער שטאָט. אויף די אונטערנעמונגען פלעגן זיך פארזאמלען מאַסן מענטשן און די לערער האָבן געאַרבעט מיט מסירות־נפש, אַז ס'זאָל געלונגען דער אָוונט. איך אַליין בין געווען א מיטגליד אין דעם שול־קאָמיטעט אין אויפטראג פון די לינקע פועלי־ציון. מיר אַליין איז צום ביישפיל אויסגעקומען אנטיילנעמען ביים איינריכטן פאָרשטעלונגען — ס'איז ביי דער שולע געווען א דראמאטישער קרייז מיט באגאבטע שפילער, צווישן זיי איינער מיטן נאָמען דוקסין, אַ פאָטאָגראַפיסט. ער איז אפילו געווען דער רעזשיסער. אויך קאש אברהמל און ליפקין.ליידער זענען דאָס אלץ אַזעלכע מענטשן, וועלכע לעבן נישט מער. די אָוונטן וואָס די דראמאטישע קרייזן האָבן איינגעאָרדנט האָבן געקאָסט א סך צייט, מי און גרויסע אָנשטרענגונג, סיי פון די אַקטיאָרן און סיי פון די אָרגאניזאטאָרן. איך אליין בין נישט געווען קיין אַקטיאָרין, אָבער אַרבעט האָב איך גענוג אוועקגעלייגט דערביי. די אינסטיטוציע האָט זיך גע־שאַפן אַלס ריין קולטורעל־דערציערישער פאַקטאָר ביי דער שולע. אמת, די אָוונטן זענען אויסער דעם ריינעם קולטור־ציל געווען געווענדעט אַלס מיטל צו זאמלען געלט צום דערשטיקעווען דעם לעכעריקן בודזשעט, אָבער נישט בלויז צוליב דעם איז דער קרייז געשאפן געוואָרן. די שולע איז אויך אונטערגעשטיצט געווען פון געוויסע יידיש־אמעריקאנישע קרייזן, וועלכע האָבן אויך געשטיצט די העברעישע שולע אין שטאָט.

אַ תלמיד אונדזערער, וועלכער האָט געענדיקט, האָט נאָר געקאָנט אריבער־גיין אין א יידישער גימנאזיע, ווייל אלע אנדערע האָבן געקאָסט א וועלט מיט געלט. אָבער פון אונדזערע שילער איז זעלטן ווער געגאנגען אין גימנאזיע. דער וועלכער האָט געוואָלט ווייטער שטודירן איז אוועק אין רעאל־גימנאזיע אין ווילנא. פאַרוואָס קיין ווילנע? קודם כל זענען ביי אונדז געווען שוועריקייטן ביים אָנקומען. ווייל אלע געגנשטאנדן ביי אונדז האָט מען געלערנט אין יידיש און אין גימנאזיעס האָט מען אלץ געלערנט אין דער פוילישער שפראַך. פויליש איז אין אונדזער שולע נישט געווען קיין פליכט. מען האָט איר געלערנט אַלס צווייטע שפראַך, מיט וועלכער די אלגעמיינע יידישע באַפעלקערונג האָט זיך זעלטן באַנוצט. געווען טיילן אין פוילן, למשל, וואָס זענען געווען גאָר רוסיפי־צירט, איז טאקע די קינדער געווען שווערער ווי אַן אנדער אָרט. מיין טאָכטער האָט אויך געענדיקט א יידישע פאָלקסשולע, אָבער זי האָט געקאָנט פויליש פון דער היים, איז זי אריבער אין ערשטן קלאַס אין ווילנער רעאל־גימנאזיע און זי איז אריין אין דער פוילישער גימנאזיע אָן שום שוועריקייטן, ווייל זי האָט

באַציזט די שפּראַך. אין די פּוילישע גימנאַזיעס האָבן יידן נישט אַזוי לייכט געקאָנט אריין. אין ביעלסק איז געווען נאָר אַ פּויליש־מלוכהשע גימנאַזיע — קיין יידישע גימנאַזיע איז אין ביעלסק נישט געווען. ווער איז יאָ געגאַנגען אין דער ביעלסקער גימנאַזיע קינדער פון רייכע עלטרן האָבן געזוכט און געפונען וועגן, ווי אַזוי אַנצוקומען אין גימנאַזיע, עס איז אָבער געווען נישט קיין אַלגעמיינע דערשיינונג. יעדער תלמיד, אפילו דער בעסטער אָן אונטערשיד פון שטאַנד, האָט געהאט שרעקלעכע שוועריקייטן אָנגענומען צו ווערן אין דער פּוילישער גימנאַזיע. די וואָס האָבן געוואָלט ווייטער לערנען, זענען בדרך כלל געפאָרן קיין ווילנע אָדער ביאַליסטאָק, וווּ ס'איז געווען א יידישע גימנאַזיע.

אין אַלגעמיין איז ביעלסק געווען א שטאָט, וואָס האָט אָפּגעשאצט בילדונג און קולטור און געטון אַלץ, אַז די קינדער זייערע זאָלן לערנען און שטודירן. ווען ביעלסק וואָלט עקזיסטירט, וואָלט זי געווען אַ מוסטער פון אַ שטאָט, וווּ ס'איז געפונען געוואָרן די סינטעזע פון יידישקייט מיט אלגעמיינער קולטור. ליידער איז ביעלסק אומגעקומען און מיט איר אַ זעלטענער יידישער עקספּע־רימענט פון דערציאונג און קולטור. ס'האַרץ ווייטיקט אויף דער שיינער יידישער ביעלסק.



די גימנאַזיע אין ביעלסק

**יצחק קריסטאל**
אַמעריקע

## געווען אמאל

**געווידמעט מיין ליבער טאָכטער מינדל**

קום אהער, מיין קינד,
זעץ זיך אַט־דאָ לעבן מיר.
כ׳וועל א געשיכטעלע אצינד
דערציילן דיר, און מיר.

ערגעץ ווייט. ווייט אויף אַ בערגעלע
איבער ים און בארג און טאָל.
איז א שטעטעלע
געווען אַמאָל.

ארומגערינגלט פארבאָרגן
מיט אייזנבאנען, שאָסייען
מיט פעלד און גאָרטן
און שאָטן־דיקע אַלייען.

א שטאָטישער זייגער,
וואָס האָט געשלאָגן יעדע שעה,
איז געשטאַנען מיט זיין שלעגער
ביים מאַרק אָט אָט אָ דאָ.

אַלטע שטיבעלעך אין ליכט־געשמינקל
וואָס געבויט האָבן אַלטע זיידעס
האַלטן באַהאַלטן אין יעדן ווינקל
דורותדיקע סודות.

פון דור דורות לאנג
האָבן יידן דאָ געלעבט.
און יעדער האַט אין באַנג
חלומות דאָ געוועבט.

דאָ געווען זענען אנשטאַלטן
שילן, שולן און פאַרטייען —
דאָ געביטן האָבן זיך געשטאַלטן
טרוימען מיט אידייען.

געלעבט האָבן דאָ אלע
סוחר און בעל־מלאכה
ווי אין אן אייגענער משפחה.
ווי שוועסטער, ברידער, חתן און כלה.

און אויב אַמאָל, יאָרן צוריק
איז געווען א קריוודע, א פאראיבל,
איז אויך קיין אומגליק
ס'איז דאָך געווען א בית־דין שטיבל.

און אויב אַ „פרעמדער" פון נישט דאָ
האָט וועמען פון די ביעלסקער אַטאַקירט
האָט עס אלעמען ווי געטאָן,
אַלעמען גלייך שאָקירט.

אָט אזוי זענען יאָרן זיך געגאנגען,
געמיינט האָט מען אזוי וועט זיין שטענדיק.
איז אָבער דער דייטש אַהער דערגאנגען,
און אַלץ האָט זיך געענדיקט!

נישטאָ מער ביעלסק. מיין הארץ
ניטאָ מער מיינע ליבע —
נאָר אין האַרצן שווארצט
אַ ווייטיק און א וווּנד א טריבע.

טייער איז דאָס אָנדענק פון דעם שטעטעלע
ביי דיינע טאַטע־מאמען,
ווייל דאָס איז ס'זיסע ערטעלע
פון וועלכן זיי שטאַמען.

טאָ געדענק זשע מיין קינד
וואָס כ'האָב דיר דאָ דערציילט.
ביעלסק איז איצט אין הארץ א ווינד
וואָס ווערט שוין נישט פארהיילט.

**צ. קאדלאבאָווסקי**

# א ביעלסקער לעגענדעלע

ביעלסק איז געשיכטלעך אן אלטע שטאָט מיט אַ פילצאָליקער קולטור, אָדער שפורן פון פילצאָליקער קולטור.

אין דער שטאָט איז געווען אַ מאָל א קאראליעווא באנא און די שטאָט האָט געהערט אַ מאָל צו די שוועדן.

ביעלסק איז אָנגעשפארט אויף אַ ריין פוילישער געגנט פון דרום. ארום איר זענען געווען ברייַנסק, טשישעוו, סימיאַטיץ׳, נאָענט צום בוג ביי דער פוילישער גרענעץ. פון מזרח זענען מיר געווען זער נאָענט צו רוסלאנד און פון דאָרט איז געקומען די רוסישע השפעה. פון דאָרט זענען געקומען די ווייס־רוסן אונדזערע. דער ביעלסקער פאוויאט (מחוז) איז געווען דער גרעסטער אין טעריטאָריע אין גאַנץ רוסלאנד. און פון איר דער גרעסטער טייל איז געווען ארום ביעלאוועזש, ווו עס איז געווען דער קייזערלעכער פּאַלאַץ, דאָרט איז גווען די גאַנצע באַפלקערונג א ווייסרוסישע. אויף דער זייט האָבן מיר געהאַט קלעטשעל, אָרלי, פרוזשענע, גאינעווקע. אויף צפון פון בילסק איז ביאַליסטאָק. אין ביאַליסטאָק איז שוין געווען אַ השפעה פון ליטאָ, ליטווינער האָבן פארנומען גרויסע טיילן נאָענטע צו ביעלסק.

אין שטאָט אין מיטן איז דאָ א בערגל, א קליין בערגל, און אויפן בערגל איז געשטאַנען א קלויסטער. דאָס בערגל האָט געהייסן ליסאיא גארא, ד. ה. דאָס נאַקעטע הוילע בערגל. לויט די געשיכטלעכע מעשיות, וואָס איך געדענק איז דאָרט אַמאָל געשטאנען א געביידע, ווו ס׳האָט געווױנט א ליטווישער באָיאר. שפעטער, אז די רוסן האָבן אָקופירט די געגנט האָט עס פארנומען א רוס. די געשיכטע דערציילט וועגן דעם בערגל און זיין הויז אזא מעשה :

די יידישע באַפעלקערונג האָט נישט געוווינט אין ביעלסק גופא נאָר אין דער געגנט, גאַנץ ווייט הינטער דער שטאָט. די קהילה די ביעלסקער האָט זיך געשאַפן זער שפעט. ווייל מ׳האָט זיי פשוט נישט געלאָזט וווינען אין שטאָט. אַז מ׳האָט געדארפט פירן א מת אַמאָליקע צייטן פלעגן די קריסטן פשוט נישט לאָזן אים פירן דורך די הויפט־גאסן. האָבן יידן די מתים זייערע געפירט דורך הינטער־גאסן. נאָענט צו ליסאיא גארא. אַמאָל איז געשטאָרבן א גרויסער צדיק און מ׳האָט אים געפירט נאָענט צו ליסאיא גארא, האָבן די גויים נישט געזאָלט אים דורכפירן. האָט דער צדיק אונדזערע זיך אויפ־געזעצט און געגעבן א קללה און נאָך דער קללה איז די געביידע איינגעפאַלן. שפעטער האָבן די קריסטן געבויט אויף דעם פלאץ א קליינע צערקווע (כנסיה). לויט אונדזערע מעשיות און לעגענדעס איז דער שפיץ בארג נאָך דער קללה איינגעפאַלן און געוואָרן א גרוב. איך בין אליין געגאַנגען אהין באַקוקן דאָס פלאַץ, האָב איך געזען, אז די צערקווע איז געבויט געוואָרן אויפן שפיץ באַרג אפשר א מעטער טיף אין דעם באָדן און מ׳האָט געדארפט אהין אראָפגיין.

**ב. שטערן**

# ביעלסק מיט פופציק יאָר צוריק

דער אומגאליק פון ביעלסק איז געווען די געאָגראַפישע לאַגע, דאָס געפינען זיך צווישן בריסק און ביאַליסטאָק. הגם נענטער צו ביאַליסטאָק — צווישן ביאַליסטאָק און ביעלסק — געפינט זיך די טייך ביאַלע. צווישן ביעלסק און בריסק געפינט זיך די בריסקער פעסטונג. אזוי ארום, איז די שטאָט ביעלסק געלעגן צווישן צוויי גרויסע פייערן אין דער צייט פוןביידע וועלט־מלחמות דורך די לעצטע פופציק יאָר, און זי איז טאַקע ארויס „בשן ועין" — וואָס איין ארמיי האָט נישט באוויזן צו פארניכטן און צעשטערן האָט די אַנדערע פארענדיקט. ביז היטלער האָט לסוף אלץ צונישט געמאַכט.

אין מיין זכרון איז אָבער געבליבן איינגעקריצט די שטאָט ביעלסק ווי זי האָט אויסגעזען מיט אַ האלבן יאָרהונדערט צוריק. צו יענער צייט ווי איך האָב דאָס געזען און באַנומען, אין די איבער צוואַנציק יאָר, וואָס איך האָב דאָרטן פארבראכט, און אזוי וועל איך דאָס פרווון שילדערן.

ביעלסק איז געווען א „אויעזדנע שטאָט", די הויפט־שטאָט פון אַ צאָל קלענערע שטעט אין איר נאָכבאַרשאַפט ווי אָרלע, באָדקע, ברײַנסק, סעמי־אַטיטש, טשעכאַנאָוועצ, קלישטשעל — פונוואַנען עס איז געקומען דער פאר־שטאָרבענער דיכטער פרץ הירשביין, — און אַ סך דערפער ארום די שטעט. קיין גרויסן שטח לאנד האָט די שטאָט ביעלסק נישט פארנומען: ארום אַ וויאָרסט און אַ האַלב די לענג און עטוואָס ווייניקער אין דער ברייט. אויס־געלייגט איז זי געווען קען מען זאָגן, אין אַ גוטע אָרדענונג: א גרויסע לאַנגע גאַס האָט דורכגעשניטן די שטאָט פון איין עק ביזן צווייטן, האָט זי צעטיילט אין צוויי טיילן. פּאַראַלעל מיט אָט דער הויפט־גאַס האָבן זיך געצויגן לענג־אויס צוויי קלענערע גאַסן, געסלעך און הינטער־געסלעך אין דער לענג און אין דער ברייט. אַ שמאָלער קאַנאַל האָט זיך געשלענגלט דורך דער גאַנצער לענג פון שטאָט. א גרויסער טייך, וואָס האָט געהייסן „דוביטשער טייך", אויפן נאָמען פונם דאָרטיקן קריסטלעך־באַוווינטן געגנט מיט זעלבן נאָמען — האָט ארומגענומען איין זייט פון שטאָט — און האָט אָפּגעטיילט דעם גרעסטן קריסט־לעכן געגנט פונם יידישן אויפן אַנדערן זייט טייך, וואָס האָט זיך געפונען אינם צענטער פון שטאָט און אין די גאַסן ארום.

עס זענען געווען נאָך עטלעכע קריסטלעכע געגנטן אין אַנדערע טיילן פון שטאָט, ווי פאַזאַמשע, פאַשוואַנטע, וויפוסט האַלעוווסק — ווו ס׳האָט זיך גע־פונען סמאָלסקיס הויף, וועלכער איז געווען ארומגערינגלט מיט פרוכט־בוימער, געדיכט פונקט ווי אַ וואַלד.

די גאַסן אין ביעלסק זענען געווען ברוקירט מיט שטיינער און אין גע־וויסע פלעצער מיט אַספאַלט. די הייזער זענען געווען אין זייער גרעסטן צאָל הילצערנע, געבויט פון קלעצער. אַ קליינער צאָל געמויערט פון ציגל. די גרעסטע צאָל איז אויך געווען איין גאָרנדיקע, אַ קלענערע צאָל פון צוויי גאָרן

און אפילו מער. אייניקע הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן געוווינט אָרימערע קריסטן זענען געווען באַדעקט מיט שטרויענע דעכער. אינם צענטער פון שטאָט איז געשטאַנען א גרויסע געמויערטע געביידע מיט אַ הויכן טורעם איבער איר, אין וועלכן ס׳איז געווען ארייננגעזעצט א גרויסער זייגער וואָס מען האָט גערופן דער „שטאָט־זייגער״. אין אָט דער גרויסער געביידע מיטן זייגער האָט זיך געפונען די ביעלסקער שטאָט־פאַרוואלטונג, וואָס מ׳האָט גערופן: „גאָראָד־סקאַיא דומאַ״. ארום און ארום דער גרויסער געביידע איז געווען א גרויסער ליידיקער פלאַץ, „דער פלאָשטשאַד״, ווי מען האָט דאָס גערופן, פאר מערק וואָס פלעגן פאָרקומען יעדע וואָך ווי אויך פאַר יאַרידן פון צייט צו צייט. ארום און ארום אָט דעם פלאָשטשאַד זענען געווען אָנגעפיקעוועט קראָמען מיט פאַרשיידענע סחורות; געשעפטן קלענערע און גרעסערע. צוויי געביידעס האַרט ביים צענטער פון שטאָט האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אייגנאַרטיקייט. דאָס זענען געווען הילצערנע גרויסע געביידעס. יעדע פון זיי האָט פארנומען אַ האַלבן קוואַרטאַל און זיי זענען געווען אָנגעפילט (אָנגעפיקעוועט) מיט קראָמען און וווינונגען הינטער זיי. איינע האָט געהייסן די „שאלעגוידע״, ווו עס האָבן זיך געפונען שניט־קראָמען, סחורה פאר קליידער און קאָסטיומען און א וויינגעשעפט, וועמענס אייגנטימער איז געווען איצע מינקענס — אַ מלוכה פאָדריאטשיק, וועלכער האָט צוגעשטעלט אַלע נויטווענדיקייטן צום קייזערלעכן שלאָס אין ביעלאָוועזש, א צוואַנציק וויאָרסט פון ביעלסק. די צווייטע געביידע האָט געהייסן „די לאנסטעריע״ ווו עס האָבן זיך געפונען קלענערע, אָרימערע קראָמען, פון וועלכע ס׳איז שווער געווען צו ציען חיונה.

ביעלסק האָט פארמאָגט אַ באַן סטאציע, א וואָקזאל. צוגן פון דער „יוגאָ־זאַפּאַדנאַיאַ זשעלעזנאַיאַ דאָראָגאַ״ (מערב־דרומדיקע אייזנ־באַן) פלעגן דורכפאָרן הין און צוריק פיר מאָל אין מעת לעת. צוויי מאָל בייטאָג און צוויי מאָל ביינאַכט, לויפנדיק פון בריסק נאָך ביאליסטאָק — און פלעגן זיך אָפּשטעלן א געוויסע צייט ארויסצושטייגן און ארויפצונעמען פּאַסאַזשירן. ביעלסק האָט געהאַט צוויי שאָסייען: איינער האָט זיך געצויגן פון ביעלסק ביז ווארשע, דער אנדערע פון ביעלסק ביז ביעלאָוויעזש. צום קייזערלעכן שלאָס, כדי לייכטער צו מאַכן דער קייזערלעכער פאמיליע אהינצו צו קומען.

## די באפעלקערונג און זייערע פרנסות

די באפעלקערונג פון ביעלסק האָט מען געשאַצט אויף פינף טויזנט נפשות, יידן און קריסטן. דעם גרעסטן טייל האָבן אויסגעמאַכט די יידישע משפחות. פרנסות פון וואַנען די באַפעלקערונג האָט געצויגן איר חיונה זענען געווען פארשיידענע. קריסטן האָבן געצויגן זייער חיונה פון די תבואות, וואָס זיי האָבן ארונטערגענומען פון זייערע פעלדער, האָבן דאָס פארקויפט אויף די מערק און יאַרידן. יידן האָבן געהאַט פארשיידענע פרנסות. א גרויסער טייל זענען געווען קרעמער מיט פארשיידענע סאָרטן סחורות: געווען שפּייז־קראָמען, בשמים־קראָמען, קראָמען מיט נויטיקייטן פאַרן נאָדל־פאַך, שניט־קראָמען,

פלייש־קראָמען, צירונג און זייגערמאכער קראָמען, שיינקען, טראַקטירן, טשיי־נעס. אַכסאַניעס, גאָסטיניצעס (פאר פארמעגלעכע געסט). אַ טייל ווידער זענען געווען הענדלער. זיי האָבן געהאַנדלט מיט אַלץ, וואָס איז נאָר געקומען אונ־טער דער האַנט. איבערהויפּט אין די מערק און יאַרידן: מיט הינער, אייער, פעלכלעך, חזיר־האָר, פארשיידענע תבואות. אייניקע פלעגן נישט וואַרטן ביז מען וועט דאָס ברענגען אויף די מערק און יאַרידן. זיי פלעגן גיין אין די דערפער דאָס איינצוקויפן. אַנדערע האָבן געלעבט פון אַרבעט אין „מייסטער־קאַיעס", פאַבריקן, און פון שוואַרצע טאָג־אַרבעט. ביעלסק האָט פארמאָגט אַ טאַבאַק־פאַבריק, צוויי גילדזין־פאבריקן, אַ גלאַנציקע־ציגל פאבריק פאר אויוונס, דריי אויל־פאבריקן. וואָס מען האָט גענוצט צום באַקן און פרעגלען, און צוויי פיוואָוואַרניעס.

„מייסטערסקאַיעס" זענען געווען אין ביעלסק אין גרעסטן צאָל פון פרויען און מענער קליידער, וועש נייטערינס, פון שוסטער פאר מענער און פרויען שיך, פון היטל־מאַכער, און פון טאַנדעט מלאכה, וואָס האָט נישט געאַרבעט פאר באַשטעלונגען, נאָר פאַרן מאַרק, פון סטאָליערס, שלאָסערס, טאָקערס, שניצערס, בלעכערס און שמידן. עס זענען געווען מאַליאַרעס וואָס האָבן געפּאַרבט, גע־קאַלכט הייזער און צימערן, טשעסלערס וואָס האָבן געבויט הילצערנע הייזער, מוליאַרעס, וואָס האָבן געבויט ציגלנע געמויערטע הייזער. אויך אויוונס אין די הייזער. עס זענען געווען פריקאַזטשיקעס אין גרעסערע געשעפטן — ווי אין די מעל און אַנדערע שפּייכלערס, שרייבערס, בוכהאַלטערס אין די קאַנ־טאָרן און פאַרזיכערונגס געזעלשאַפטן. די גאַנצע אַרבעטערשאַפט אין ביעלסק איז געשאַצט געוואָרן ארום פינף הונדערט. דער גרעסטער טייל אין די נאָדל־פאַכן זענען געווען יידן.

מיט די אַלע אויסגערעכנטע פרנסות האָט דער גרעסטער טייל פון דער ביעלסקער באַפעלקערונג געלעבט אין אָרעמקייט און נויט. אַ קליינער טייל איינגעפונדעוועטע בעלי־בתים, אייגנטימער פון גרעסערע קראָמען, פון מאַס־טערסקאַיעס און פאַבריקן — האָט געלעבט אַ באַקוועמען לעבן. בלויז גע־ציילטע פאַמיליעס האָבן געלעבט אין לוקסוס און רייכקייט. דאָס זענען געווען אזוי צו זאָגן די גבירישע פאַמיליעס, ווי שליאָסבערג, סירקין, מאַזיע, זאַם, מאַלצאָווע, זייערע איידעמס בראַמס און ניימאַרק, לערמאַן און אַנדערע. אָט דער אונטערשייד פון עקאָנאָמישן צושטאַנד האָט געבילדעט שטאַנדן. קאַסטעס צווישן דער באַפעלקערונג. די עלטערע רייכערע פאַמיליעס זענען געווען די מיוחסים, די אַריסטאָקראַטיע פון שטאָט, האָט געהאַט די גאנצע דעה אין שטאָ־טישע ענינים אין שול און בית מדרש. און האָבן געקוקט פון אויבן ארונטער אויף אַלע אַנדערע. די בעלי בתים און גרעסערע געשעפטסלייט האָבן געהאַט דעם זעלבן בליק אויף אָרעמערע פון זיי און אַלע צוזאמען האָבן זיי פאראכ־טעט די אַרבעטער: מען האָט זיי אינגאַנצן איגנאָרירט, מען האָט זיך גע־שעמט צוזאמען מיט זיי צו גיין אין גאַס. צו ריידן צו זיי, שוין אָפּגערעדט פון זיך משדך זיין מיט זיי.

כדי צו לינדערן די נויט פון דער באַפעלקערונג האָט ביעלסק פאַרמאָגט דריי אינסטיטוציעס:

1) א „קאָמיטעט", וואָס האָט געזאַמלט יעדע וואָך פינף־צען קאָפּיקעס פון אַלע די וואָס האָבן געוואָלט צאָלן. די געזאַמלטע געלדער פלעגן צעטיילט ווערן אין קליינע סומען צו נויטבאַדערפטיקע.

2) א „ביקור חולים", וואָס פלעגט באַזאָרגן קראַנקע, וואָס האָבן זיך גע־פונען אין איינער פון די צוויי „באָלניצעס" אין ביעלסק — א יידישע אויף אָרלער גאַס, און אַ שטאָטישע אויף ברייִנסקער גאַס, קעגנאיבער דעם קאַ־טוילישן קאָשטשאָל. אויך די קראַנקע וואָס זענען געלעגן ביי זיך אין הויז האָט מען געהאָלפן מיט רעצעפּטן, מעדיקאַמענטן, מיט אַ פעלדשער אָדער אַ דאָקטאָר.

3) א „לינת הצדק", וואָס פלעגט שיקן מענטשן, איבערהויפּט אויף די נעכט, צו העלפן די שוין אויסגעמאַטערטע פאַמיליע־מענטשן ארומגיין ארום די קראַנקע.

אָבער דאָס איז ווייט נישט געווען גענוג, ווייל אָרעמקייט און קראַנקהייט איז געווען אַן אַלגעמיינע פּלאָג. די פאַראָרעמטע בעלי־בתים, די קלענערע קרעמערס, די הענדלער — האָבן זיך געשעמט מיט זייער אָרעמקייט און זיך געשטיקט מיט זייער נויט, האָבן געליטן און געשוויגן. איידעלע פרויען האָבן באַזאָרגט א סך משפחות מיט שפּייז באַקליידונג און באַשוכונג. ערב יעדן שבת. יום־טוב, פלעגן די דאָזיקע פרויען זיך ארויסלאָזן איבער די הייזער, געשעפטן, בעקערייען, קצבים, און פלעגן זאַמלען שפּייז, מלבושים, שיך און אַנדערעס און פאַרטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע — שטיל, פיין. די זעלבע פרויען פלעגן זיך ארויסלאָזן פורים איבער די רייכערע הייזער שפּילן, טאַנצן, זינגען, און פלעגן באַקומען עטלעכע רובל כדי העלפן חתונה צו מאַכן אָרעמע כלות. גאַנץ אָפט פלעגט דער רב פון שטאָט, ר בנציון, ארויסגיין מיט אַ פּאָר בכבודיקע בעלי־בתים איבערן שטאָט זאַמלען געלט, כדי צו קויפן האָלץ פאר אָרעמע פאַמיליעס. אָט די דאָזיקע איידעלע הילפס־ארבעט איז זיכער געווען דער שענסטער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער אַמאָליקער ביעלסק.

## דער גייסטיקער צושטאַנד פון דער באפעלקערונג

די ביעלסקער יידישע באַפעלקערונג איז געווען אַ טראַדיציאָנעל־אָרטאָ־דאָקסישע. קיינער האָט נישט געוואַגט זיך קעגן־צושטעלן, אָדער פּראָטעסטירן קעגן דער הסכמה פון די רבנים. פאָלגנדיקע פאַקטן װעלן װאַרפן אַ ביסל ליכט אויף יענעם צושטאַנד:

לייבל דער מלמד, למשל, איינער פון די תלמוד תורה מלמדים, פלעגט יעדן פרייטיק פארנאכט אַ האַלבע שעה פאַר ליכט בענטשן, אַן אויסגעצוואָ־גענער און א„רומגעוואַשענער, מיט אָפּגעפּוצטע שטיוול און לאַנגער קאַפּאָטע, דורכמארשירן הין און צוריק דער לאַנגער הויפּט גאַס פון שטאָט, ווו ס'האָבן זיך געפונען די מערסטע קראָמען און געשעפטן, און הייסן צומאַכן: — ס'איז שוין שבת! — פלעגט ער אין אַ באַפעלנדיקן טאָן זאָגן — מאכט צו! — און

טאָמער האָט נאָך ווער נישט צוגעמאַכט צו דער צייט, ווען ער איז שוין גע־גאַנגען צוריק, פלעגט ער ארייַנגיין אין קראָם אָדער געשעפט אַ צעבייזערטער און זאָגן מיט כעס: — שוין שפעט! איר מוזט גלייך צומאַכן! — און מען האָט אים געפאָלגט און צוגעמאַכט. עס איז אויך נישט געווען קיין זעלטענע דערשיינונג, אז פרייטיק צו נאַכט, נאָכדעם ווי די טשאָלענטן און קוגלען זענען שוין לאַנג געווען פארוקט אין די אויוונס, האָבן זיך געבראָטן און גע־שמאָלצן אין זייער אייגענעם פעטס, און דער עולם איז שוין געווען פאַר־זאַמלט אין די בתי מדרשות צו קבלת שבת, פלעגט דער שמש אַ קלאַפּ טאָן מיט דער האַנט אין באַלעמער און אויסרופן א כרוז, אז ער איז מכריז ומודיע אין נאָמען פון רב, און לאָזט וויסן די אַלע, וואָס האָבן געקויפט פלייש ביי דעם און דעם קצב (און פלעגט דערביי אָנגעבן דעם נאָמען פון קצב), אז זייער טשאָלנט און קוגל איז „טריף״, מען טאָר דאָס נישט עסן! די ערדענע טעפּלעך דאַרפן ארויסגעוואָרפן ווערן, און די טשוגונענע — דאַרפן אויסגע׳כשר׳ט ווערן!... און אַ טייל פון דער באַפעלקערונג איז (נאָך דעם כרוז) געבליבן יענעם שבת אָן עסן.

## רבנים, חברות, בתי־מדרשים און תלמוד תורה

ביעלסק האָט פאַרמאָגט דריי רבנים און דריי שוחטים. אויסגעהאַלטן זענען זיי געוואָרן פון די וואָס האָבן געהאלטן אין אַרענדע די באָד, וואָס האָבן גע־דאַרפט ביישטייערן פאַר דעם צוועק א געוויסע סומע געלט, און אויך פון אַ קאָראָבקע, וואָס פלעגט פאַרקויפן קוויטלעך צו די וואָס האָבן געוואָלט שעכטן עופות. די פרייזן פון די קוויטלעך זענען געווען פון דריי ביז פינף קאָפּיקעס. די פרייזן פאַר שעכטן אַ בהמה איז — פאַרשטייט זיך — געווען א גרעסערע. פון אָט די געלדער האָט די קאָראָבקע געהאַט גענוג צו צאָלן די רבנים און שוחטים און עס איז נאָך געבליבן א גוטער פּראָפיט פאַר זיך.

ביעלסק האָט אויך פארמאָגט פינף בתי־מדרשים צום דאַוונען און לערנען, און בלויז איין חסידים־שטיבל. יעדער בית־מדרש האָט געהאַט זיינע חברות. די גרעסערע לומדים האָבן געהאַט א „חברה ש״ס. יעדן אָוונט, צווישן מנחה און מעריב, פלעגן זיי לערנען אַ בלאַט גמרא מיט תוספות און מהרש״א. די קלענערע לומדים האָבן געהאַט א „חברה משניות״, וואָס פלעגט יעדן אָוונט לערנען. א חברה „חיי אדם״ פון ווייניקער געלערנטע האָט געהאַט א רבין, וואָס פלעגט לערנען מיט זיי יעדן אָוונט. א „חברה תהלים״ וואָס פלעגט יעדן פרימאָרגן, פאַרן דאַוונען, און צווישן מנחה און מעריב, אויך שבת נאָכן „עונג־שבת״־שלאָף זאָגן תהלים. דאָס זענען געווען די אזוי גערופענע קולטור־חברות, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט „רוחניות״. עס זענען אָבער געווען אַנדערע חברות אויך: אַ חברה קדישא און א חברה לויה וואָס פלעגט פאַרזאָרגן א מנין כדי צו באַגלייטן די פארשטאָרבענע ביז צום בית עלמין; בית־עלמינס האָט ביעלסק פארמאָגט צוויי — אַן אַלטן און אַ נייעם. אייגנטלעך איז דאָס געווען איינער און דערזעלבער: צום אלטן פלעגט מען פאָרן מיט יאגוסטאָוווער

וועג, צום נייעם — דורך בריינסקער שאָסעי. דער בית עלמין האָט זיך געצויגן דורך דער גאנצער ברייט פון שטאָט. ווען איין זייט איז צו פיל פארלייגט געוואָרן — האָט מען אָנגעפאנגען מקבר זיין פון דער צווייטער זייט און אַ נאָמען געגעבן: דער נייער בית עלמין.

ביעלסק האָט געהאַט א תלמוד תורה וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער שטאָט. די לימודים זענען געווען פון אלף־בית ביז א בלאַט גמרא מיט תוספות. קינדער פון אָרימע עלטערן פלעגן נישט צאָלן קיין שכר־לימוד. קינדער פון פארמעגלעכע עלטערן פלעגן יאָ צאָלן. אָבער זייער צאָל איז געווען זער קליין. זיי פלעגן זיך לערנען אין פריוואַטע חדרים. אין אייניקע פון די חדרים פלעגט מען אויך לערנער יידיש און העברעאיש. רוסיש, פויליש אָדער דייטש פלעגט מען זיך לערנען ביי פריוואַטע לערערס, אָדער אין איינע פון די „אוטשילישטשעס", וואָס עס האָבן זיך געפונען אין ביעלסק, צווישן זיי איינע נאָר פאר יידישע קינדער, מיט ווייניק תלמידים, דערפאַר ווייל מען האָט באַדאַרפט טראָגן אַ „רובאַשקע" מיט אַ פּאַס אַרום און אַ היטל מיט אַ ליאַקירענעם קאַזיראָק, וואָס איז צו יענער צייט באַטראַכט געוואָרן אין דער אָרטאָדאָקסישער ביעלסק פאר אַ פאַרברעכן, ווייל די קריסטלעכע יינגלעך, די „שקצים", האָבן דאָס געטראָגן. די רייכערע בעלי־בתים האָבן געהאַלטן פּריוואַטע לערערס פאר זייערע קינדער און פלעגן שיקן זייערע קינדער אין די גרעסערע שטעט אין די גימנאַזיעס, אוניווערזיטעטן, א. אז. וו.

## מיין שטעטעלע ביעלסק

פון **דאָבע קריסטעל**

כ׳קום פון אַ שטעטעלע — ביעלסק איז דער נאָמען,
נישט גרויס, אָבער אויך נישט צו־קליין;
מיט גאָר שיינע שטיבער און ציכטיקע גאסן,
אַ שטעטל מיט גאָר א סך חן.

אָט זע איך דאָס שטיבל ווו איך בין געבוירן,
און גליקלעך מיין יוגנט פארבראַכט;
אז ס׳וועט פון מיין שטעטל קיין זכר נישט בלייבן —
ווער האָט אזוינס גאָר געטראַכט!

דאָס שטיבעלע אלט, איינגעבויגן,
די פענסטער — ביז דער ערד נאָר א שפאַן.
אָבער אַלץ איז געווען אזוי ליב, — געמיינט
אז קיין שענערס איז גאָר נישט פאַראַן.

ווי גוט איך געדענק נאָך די שבת־פאַרנאַכטן.
דעם שפאציר אויפ׳ן ניעוווסקי פראָספעקט,
ווו ס׳האָט זיך די יוגנט באַגעגנט
און ליבע אין הערצער געוועקט.

און די „גוליאניעס״ אין שטאָטישן גאָרטן
וואָס יוגנט פלעגט מאַכן אמאָל;
בלומען פאַרקויפן און געבן דאָס געלט
פאַר׳ן אידישן ביעלסקער שפּיטאָל.

דאָס איז דאָס שטעטל פון וועלכן איך קום,
וואָס געווען מיר אזוי ליב און טייער;
דאָס שטעטל, וואָס כ׳האָב געהאָפט נאָך צו זען,
אַוועק איז שוין לאַנג מיט׳ן פייער.

(„דער טאָג״, ניו־יאָרק, מערץ 1952)

# א צעטל פון די ערשטע ביעלסקער רעוואלוציאניירן

ביים אָנפאנג פון דער ערשטער עפּאָכע פון דער ביעלסקער ארבעטער־באַוועגונג זענען פארצייכנט געוואָרן די גאָר ערשטע, די „פּאָרקעמפּער" פון דער באַוועגונג. דאָס זענען געוועזן: קעלמאַן טאָדרעס יאָסלס, משה קאַפּעליאָ־וועס, צאַלקע דער טאָקער און מענדל דער שניצער, גרשון דער טאָקער און דער שרייבער פון ציילן.

ביים אָנהויב פון דער צווייטער תקופה האָט זיך קיינער פון זיי, חוץ מיר, זיך נישט געפונען אין ביעלסק. עס זענען אָבער געווען אַ צאָל אנדערע, וואָס האָבן פאַרדינט פארצייכנט צו ווערן אין דער געשיכטע פון דער ביעלסקער אַרבעטער באוועגונג. אייניקע פון זיי זענען געשטאַנען ביים רודער פון דער באוועגונג. דאָס זענען געווען:

רופקע, דער אינגסטער ברודער פון קעלמאנען. ער האָט געהאַט אַ ראזיר־פּלאַץ ביי זיך אין דער היים;

מיישקע, לייבל דעם מלמדס, האָט געהאָלפן גרינדן די אָרגאניזאציע. געווען ארעסטירט צוזאמען מיט יהושע דעם שערער;

הערש לייב דער שניידער, א זון פון איטשע דעם גרעבער, האָט מיטגע־האָלפן ביים אָרגאניזירן זיין פאך;

משה חיים דער שניידער, א זון פון כאצקל דעם איזוואָזשטשיק, ער האָט געהאט די זעלבע פארדינסטן, וואָס זיין אינטימער פריינד הערש לייב;

די ברידער וואשינסקי. בערקע, יואלקע און דוד, זין פון יהודה זאַוועליס. די ערשטע צוויי זענען געווען סטאָליארעס, דער לעצטער איז געווען א שניי־דער. אלע זענען זיי געווען איבערגעגעבן דער באוועגונג;

יודעל סאָנעס, א זון פון סאָנע דעם מענער שניידער, האָט זיך באַטייליקט אין דער אָרגאניזירונג פון זיין פאך, געווען א מיטגליד פון דער צענטראַלער סכאָדקע, די אָרגאניזאציע האָט זיך באַנוצט מיט זיין פּאָטערס מאַסטערסקאַיע פאר קלענערע פארזאמלונגען;

חיים׳קי, א זון פון ווידעווער שענקער יאָסל, ער האָט געהאט א קינדערשן פנים — האָט מען אים דערפאר גערופן „חיים׳קי". שפּעטער איז ער געשטיגן און געוואָרן געהילף בוכהאלטער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גע־וואגטקייט. געווען ארעסטירט פאר טיילן פּראָקלאַמאַציעס צו סאָלדאטן;

איטשע דער שטומער, א זון פון תנחום דעם פעל־קרעמער, אַן אָנגעזעענער פרומער ייד אין ביעלסק. דער דאָזיקער שטומער האָט אויפגעטאָן פאר דער באַוועגונג מער ווי אייניקע ריידעוודיקע. ער איז געווען אַן אלזייטיקער טוער. פון פאָך איז ער געווען א טאַבאַק־שניידער. ער האָט געאַרבעט אין אייזענ־בערגס מאַכאָרקע פאבריק. ער איז ארעסטירט געוואָרן פאר באזיצן אומלע־גאלע ליטעראטור;

שעפּסעל, דער זון פון זלמן שאַיעס דעם שניידער. אליין אויך אַ שניידער. א גאנץ אינטעליגענטער, שארפער קאָפּ. האָט זיך באַטייליקט אין די לעקציעס און קרוזשקעס;

שמעון פליאַמבע, דעם נאָמען פליאַמבע האָט ער זיך דערוואָרבן אַ דאַנק זיין שווערער וואָג. שווער ווי בליי פון וואָס פלאַמבעס ווערן געמאַכט. ער איז געווען דער זון פון פייוול רעבעלער. פון פאַך איז ער געווען אַ פּריקאַזטשיק. ער האָט פיל געהאָלפן אין אָרגאַניזירן זיין פאַך. ער איז געווען איינער פון די ארעסטירטע אינם מאַסן אַרעסט;

בענדעט, אַ זון פון דוד סטאָלער. ער איז אויך געווען אַ סטאָלער. ער האָט געהאָלפן אַ סך אין אָרגאַניזירן דעם סטאָלער פאַך אין ביעלסק. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער סכאָדקע און איז געווען איינער פון די ארעסטירטע אינם מאַסן ארעסט;

יצחקל, זיין נאָמען איז געווען יצחק, אַ קליין געוועקסיקער מיט אַן אויסזען פון אַ יונגן יונגל, האָט מען אים גערופן „יצחקל". ער איז געווען דער זון פון נחום סופר, פון פאַך איז ער געווען אַ בלעכער. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער אנארכיסטישער גרופע. יצחקל האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן פאַר אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין ביאַליסטאָק, ווו מען האָט אים געוואָלט ארעסטירן.

## מיידלעך פיאנערקעס

עטלעכע מיידלעך, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָליע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין ביעלסק פאַרדינען פאַרצייכנט צו ווערן. זיי זענען געווען די. וואָס האָבן געמאַכט די פאַרבינדונגען ביט די ארבעטער מיידלעך פון פאַרשיידענע פאַכן און האָבן זיי אריינגעבראַכט אין דער אָרגאַניזאַציע. דאָס זענען:

ראַכטשע. די טאָכטער פון פישקע דעם שניידער. פון פאַך איז זי געווען אַ הוטן־מאַכערין, אַ גאַנץ אינטעליגענטע מיידל. זי איז געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער סכאָדקע. זי האָט אויסגעאיבט אַ גוטן איינפלוס אויף די ארבעטער־מיידלעך און האָט געטאָן אַ סך אגיטאַציע־ארבעט.

שרה פייגע, אַ טאָכטער פון גרשון דעם שוסטער. פון פאַך איז זי געווען אַ שניידערקע. איז געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער סכאָדקע, האָט פיל בייגעשטייערט אין אָרגאַניזירן איר פאַך.

יענטע, אַ טאָכטער פון בריסקער מאַליער, פון פאַך אַ שניידערקע, האָט געהאַט איר אייגענע מאַסטערסקאַיע. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך פיל באַנוצט מיט איר וואָרשטאַט פאַר פאַרשיידענע צוועקן. זי איז געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער סכאָדקע.

שרהקע, די טאָכטער פון קלמן בער דעם בעקער, די פרוי פון שרייבער פון די דאָזיקע שורות. זי האָט געאַרבעט ביי איר פאָטער אין בעקעריי, האָט געהאָלפן פאַרקויפן די געבעקס; איז געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער סכאָדקע, איז געווען באַליבט ביי די ארבעטער מיידלעך.

גאָלדע, אַ טאָכטער פון נחום דעם מלמד, אַ שניידערקע, האָט פיל געהאָלפן אין אָרגאַניזירן איר פאַך, איז געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער סכאָדקע.

**אליעזר דאווידאָוויטש**

# „קלייניקייטן״ פון דער גרויסער מענטשן־קאטאסטראָפע

ווען מיר האָבן געהערט אז די דייטשן זענען אריבער די גרענעץ פון דייטשלאנד און אריין אין דער פוילישער טעריטאָריע האָט נאָך פוילן געהאלטן פון זיך זייער שטאַרק. זי האָט געזאָגט, אז די מלחמה וועלן מיר געווינען. אָן שום צווייפל. אזוי האָט זיך פוילן געהאלטן. אָבער אזוי ווי אין ביעלסק זענען געווען ראדיאָ אפאראטן זענען מיר געזעסן ביים ראדיאָ און א גאנצן טאָג געהערט די נייעס. מ׳האָט געוואָלט הערן דעם ראדיאָ, ווייל קיין צייטונג איז שוין נישט געווען, איז מען זיך געזעסן צוזאמען נאָענט צום ראדיאָ און געהערט די נייעס. אָנפאנג אָוונט זענען מיר שוין געזעסן ביי די ראדיאָס, הונדערטער מענטשן און פלעגן ארומרעדן די לאגע פון דער מלחמה. אָבער לויט ווי מיר האָבן געהערט דורכן ראדיאָ איז אלע טאָג געוואָרן ערגער די מלחמה איז געגאנגען לויטן דייטשן פלאן און דער דייטש האָט געהאלטן אין איין גיין פאָרויס, די פוילישע ארמיי האָט געהאלטן אין איין אנטלויפן וואָס ווייטער און ווייטער. באלד האָבן מיר שויז געזען ביי אונדז אין ביעלסק ווי די פוילישע ארמיי לויפט. קיין טראנספּאָרט צום לויפן האָבן זיי נישט געהאט, זענען זיי געלאָפן מיט וואָגנס, וועלכע זיי האָבן צוגענומען בא די פויערים אין די דערפער. מיט די צעבראָכענע וועגענער, מיט די ברעטער האָבן מיר געזען ווי זיי זענען אַנטלאָפן דורך ביעלסק אויף גראדנאָ, נישט דוקא אויף גראָדנא נאָר אויך אויף וואלקאָוויסק. נישט נאָר מאשינען האָבן זיי נישט געהאַט, נאָר אפילו בענזין אויך נישט. און ווען א מאשין איז יאָ געווען איז זי געבליבן שטיין אויפן וועג אָן בענזין. טאָמער האָט דער שאָפער געהאט א פּאנטשער — האָט ער נישט געהאַט א צווייטן ראָד. אזוי ארום איז די פוילישע ארמיי אינגאנצן דערשלאָגן געוואָרן. קיין שום פירער האָבן זיי נישט געהאט, ווייל די פירער זענען פריער אנטלאָפן. צוזאמען מיט דער ארמיי איז אויך מיט פאניק געלאָפן די ציווילע באפעלקערונג. א סך זענען געגאנגען צופוס. די וואָס האָבן געקענט — זענען געפאָרן מיט וואָס מ׳האָט נאָר געקאָנט.

אין א שיינעם פרימאָרגן האַבן מיר געזעען ס׳דרייען זיך ארום ביי אונדז פרעמדע מענטשן, דאָס האָט דער דייטש געוואָרפן דעסאנטן און מ׳האָט נישט געוווסט ווער זיי זענען.

זיי זענען ארום געגאנגען אין שטאָט אזוי ווי גלחים אָדער פריצים און מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן ווער זיי זענען. פּאָליאקן אין ביעלסק האָבן געכאפט איינעם פון זיי, האָבן זיי געזאָגט, אז ער איז א שפּיאָן — א גלח, מ׳האָט אים געפירט און די גאנצע שטאָט איז אים נאָכגעלאָפן. די פּאָליציי האָט אים באַפרייט און ווער ער איז געווען ווייסט מען נישט ביז היינט. אזוי זענען געווען הונדערטער מענטשן וואָס מ׳האָט זיי חושד געווען, און מ׳האָט

נישט געוווסט צי דער חשד איז א באגרינדעטער. אזא פאניק־פסיכאָזע איז געווען.

ווי איז דאָס געשען? — ווייל פוילן מיט דייטשלאנד האָבן געלעבט זער גוט פאר דער מלחמה. גערינג איז געווען ביי אונדז. געבעלס איז געפאָרן דורך ביעלסק אויף יאגד אין בעלאָוויעזש און די פוילישע מאכט האָט זיך מיט זיי באפריינדעט. במילא זענען זיי געווען „היימישע" מיט די פאליאקן, ווייל דער אנטיסעמיטיזם איז אויך אין פוילן געווען זער גרויס. מ'האָט גע־שלאָגן, מ'האָט געהארגעט יידן אין פוילן אויף דעם שטייגער פון דייטשלאנד. ווייל פוילן און דייטשלאנד האָבן געלעבט אידייאיש צוזאמען. אזוי ארום איז דער שפיאָנאזש געווען אויך א לייכטער און א גרויסער. די לעצטע טעג האָבן זיי שטאַרק באָמבארדירט ווארשע. ווארשע איז געפאלן און ווארשע איז שוין געווען פארנומען. און יידן לויפן ווייטער צווישן די אנדערע פליטים זענען געקומען אין ביעלסק א סאַך פון ווארשע װאָס זענען אנטלאָפן פון די דייטשען און פון ביעלסק אנטלאָפן ווייטער. מיר האָבן נישט געוואָלט גלויבן די גרויזאמקייטן וואָס זיי האָבן דערציילט. ווייל אין 1918 יאָר האָבן מיר געהאט א דייטשן אָקופאנט א גאנץ אנדערן. יענער דייטש האָט געגעבן די זעלבע רעכט יידן ווי אלע מענטשן. שפעטער האָבן מיר דערקענט דעם דייטש ווייס מען דאָך און מ'דארף נישט דערציילן די רעכט וואָס די יידן האָבן ביי אים געהאט.

דערווייל האָט מען באָמבארדירט אזוי שטאַרק און שווער ביז די גאנצע פוילישע ארמיי איז צעשלאָגן געוואָרן און דער דייטש איז אריין אין פוילן און אויך צו אונדז אין שטאָט. אזוי ווי ער האָט פארנומען ביעלסק איז ער אדורך אין שטאָט מיט דער גאנצער ארמיי און איז געגאנגען ווייטער. ער איז געגאנגען ווייטער — און אלע זענען אנטלאָפן פון אים. אָבער נישט אלע האָבן געהאט ווו צו גיין זענען זיי צוריקגעקומען.

4 וואָכן זענען מיר געווען מיט די דייטשן און נאָך די 4 וואָכן איז געווען אַן אָפּמאַך צווישן סטאַלינען און היטלערן זיי האָב זיך צעטיילט מיט פוילן און דער דייטש האָט זיך געצויגן צוריק, און עס איז אריין קיין ביעלסק די רוסישע ארמיי.

פארשטייט זיך אז ווען דער דייטש איז געווען האָבן זיך אסאך פאר־באהאלטן פון אים און אזוי ווי די רוסן זענען אריין איז געווען א פרייד און א סך מענטשן האָבן זיך צוריקגעקערט אין שטאָט אריין. אין אונדזער שטאָט איז באלד אויפגעשטעלט געוואָרן א ציווילע מאכט מיט פאָליציי און דאָס לעבן איז צוביסלעך אריין אין א נאָרמאלער נאָרמע. שפעטער האָבן אָנגעהויבן זיך גרינדן קאָאָפּעראטיוון: שניידערישע, שוסטערישע, און אנ־דערע און יעדער איינער איז געגאנגען ארבעטן אין זיי. ווייל ס'איז שוין נישט געווען קיין פריוואטע אייגנטום, און יעדער האָט געדארפט לויטן געזעץ ארבעטן. אזוי בין איך אויך געגאנגען ארבעטן. אזוי ווי אין רוסלאנד האָט מען דאָ אויך אָנגעהייבן שטיין אין די „קאלייקעס" און ווי אמאָל האָט מען געטיילט צוקער, צוקערקעס, ברויט, א. א. וו. דאָ האָט מען נישט גע־

קענט אריינגיין אין א קראָם אפקויפן, באצאָלן און אוועקגיין. דאָרט האָט מען געמוזט שטיין אין א קאלייקע פאר יעדער זאך, און אזא קאלייקע איז נישט געווען פון 10 מענטשן נאָר פון 500 מענטשן און אפילו פון טויזנטער מענטשן און מ׳האָט געקענט שטיין גאנצע נעכט און טעג אין דער קאלייקע אין די גרעסטע פרעסט. מ׳פלעגט אויפשטיין אינמיטן דער נאכט, אָנטון זיך ווארעם און זיך שטעלן אין דער קאלייקע, און צום סוף פלעגט מען קריגן א פלעשל בראָנפן — אַ פראָבלעמע איז געווען א פלעשל בראָנפן. או א סאך מאָל אז עס איז געקומען דיין ריי פלעגט מען זאָגן: „ניטשעווא נייעט סעוואדני, סעוואדניע ניטשעווא״ (עס איז מער היינט נישטאָ, גאָרנישט). און מ׳איז אוועק געגאנגען אין שטוב אריין. אזוי איז אוועק די צייט. אז עס איז אוועק די צייט אזוי און פון דער ארבעט האָט מען דאָרטן נישט געקענט לעבן, האָט מענטשן געלוינט שטיין אין די קאלייקעס נאָר צוליב ספעקולאציע. אז איינער איז געשטאנען אין א קאלייקע און געקראָגן א פלעשל בראָנפן און האָט עס פארקויפט האָט ער פון דעם געהאט דריי מאָל אזויפיל מער ווי ווען ער וואָלט אין דער צייט געארבעט. אזוי האָט זיך דאָס אנטוויקלט אז מ׳האָט נישט געוואָלט ארבעטן און מ׳האָט געוואָלט שטיין אין די קאלייקעס. יידן זענען אויך געפאָרן אין ביאליסטאָק שטיין דאָרט אין די קאלייקעס. דאָרט איז געווען אלצדינג. איך אליין בין געפאָרן עטלעכע מאָל קיין ביאליסטאָק שטיין אין קאלייקע און גיכער קריגן צוקער, הערינג, צוקערקעס און נאָך זאכן.

### אָנפאנג פון נאצישן רעזשים

אין א שיינעם פרימאָרגן (אין 22־טן יוני 1941) האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן און גאָר נישט געוווסט. מ׳האָט גערעדט יאָ מלחמה נישט מלחמה, אָבער מ׳איז געשלאָפן ביי נאַכט, די גאנצע באפעלקערונג פון ביעלסק. פלוצ־לינג ביינאכט — מ׳באָמבאַרדירט! מיר האָבן מלכתחילה נישט געוווסט ווער עס באָמבאַרדירט. מ׳האָט געמיינט אז דאָס איז מאנעווערעס, ווייל מיין וווינונג איז געווען רעכט אַנטקעגן דער שול און אין שול איז געווען מילי־טער, פליערס. דאָס איז געווען יאָ ריכטיק אנטקעגן מיין שטוב, אויף דער בית מדרש גאס, האָבן זיי געשאָסן און באָמבארדירט, זיי האָבן געוואָלט וויסן וווּ עס איז דאָ מיליטער. אָבער דאָך האָט מען געמיינט אז דאָס איז מאניעווורעס. אז עס איז געקומען נאָך אייניקע באָמבעס האָבן זיך ביי מיר — גערעדנק איך — אָנגעהויבן אויפרייסן די לאָדנס. איך גיב זיך א הויב אויף, איך לויף אין גאס, כ׳זע דאָס מיליטער פליט נאַקעטערהייט און עס ליגן שוין קרבנות און מ׳אנטלויפט. מ׳ווייסט אָבער נישט אווו צו לויפן. דאן האָט מען שוין געזעען אז עס איז מלחמה. האָבן זיך אלע געגעבן א טו אָן און מען איז ארויס. אין די גאסן איז שוין ארומגעלאָפן דאָס מיליטער אַהין און אהער און געזאָגט, אז די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן מיטן דייטש, אז דער דייטש האָט אָנגעפאלן אויף רוסלאנד.

ס׳האָט געדויערט א טאָג אָדער צוויי, ביז די גאנצע רוסישע ארמיי אין אונדזער געגנט איז געווען צעשלאָגן, צעהאַקט. און אלע מאשינען וואָס זענען

געשטאַנען אויף די פלוג־פלעצער און אנדערע פלעצער, אוויאָנען און טאַנקן, אלץ איז געווען צעקלאפט און צעהאקט.

איך מיט פעקערן האָבן מיר דאן געארבעט ביי דעם מיליטער אין פיליקע. דאָרטן איז געווען דער פלוג־פלאץ און נאָך דער נאַכט האָבן מיר שוין נישט געקענט ארבעטן ווייל אלץ אין געווען באָמבאַרדירט, דער פלוג־פלאץ און דער וועג אהין, און מ׳האָט שוין נישט געקענט קומען צו דער ארבעט.

אין צוויי טעג ארום איז אריין די דייטשע ארמיי. ס׳האָט אומעטום גע־ברענט און עס איז שוין געווען א סך קרבנות. ביי יארקע בראדזשינסקי איז געפאלן א באָמבע און די טאָכטער איז געהארגעט געוואָרן או מ׳האָט איר געזוכט נישט וויסנדיק ווו זי איז, ווייל די באָמבע האָט אויפגעריסן און גע־מאכט א בארג פון רואינעס און זי איז געווען אונטערן בארג ערד. און איך מיט׳ן ברודער און יארקעס עלטערער זון האָבן מיר איר געזוכט א לאנגע צייט אָבער מיין ברודער האָט געזאָגט: ווו קען זי זיין אז מ׳באָמבארדירט ארום און ארום, ס׳האָט איר פשוט פארשאָטן, מ׳האָט אָפּגעשארט דעם בארג ערד און מ׳האָט איר שוין ארויסגענומען א טויטע. די באָמבע האָט אויך אָפּ־געריסן א האלב הויז, מ׳האָט שוין נישט געקוקט אויף א זעלכע זאכן. א צווייטע באָמבע האָט געטראָפן ביי בירגערן דעם אדוואָקאַט און אים באַלד געהארגעט. נאָך א באָמבע האָט פארברענט ביי צוקערן די גאנצע געגנט, געהארגעט מוש׳קה גוטערמאן און נאָך א סאך אנדערע קרבנות זענען גע־פאלן. דאָס זענען געווען די ערשטע קרבנות פון די דייטשן. קריסטן זענען אויך געהארגעט געוואָרן. דאָס אלץ איז נאָך געווען פאר דעם וואָס דער דייטש איז אריין, דייטשישע קרבנות פון דערווייטנס: פון באָמבארדירונגען און פון ארטילעריע.

אז די רוסישע ארמיי איז שוין געווען ווייט איז אריין דער דייטש פון בריינסק — א שיינע ארמיי, א סאך שענער פון דער רוסישער. אזוי ווי זיי זענען אריין האָבן זיך יידן גלייך פארבאהאלטן, ווייל גלייך מיט זייער אריין האָבן זיי לייבקע דעם גלעזער דערשאָסן. ער איז געגאנגען נעמען עפעס עסן אַדער טרינקען. ער האָט געהייסן לייבטשע באגאווסקי. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען שוין גענומען רוסישע געפאנגענע און מ׳האָט זיי דערשאָסן, נישט געמאכט פון זיי קיין גרויסע זאכן און נישט געמאכט קיין אונטערשייד צווישן רוסישע ציווילע און מיליטער. אין א וואָך צוויי ארום איז געקומען דער באפעל צו גרינדן א ציווילע מאכט אין שטאָט וואָס זאָל בייטן די מיליטע־רישע מאכט, וואָס איז געקומען אָנשטאַט דער רוסישער מאכט, א מין שטאָט־ראט וואָס האָט געדארפט ארויסגעבן די באפעלן אין שטאָט צו דער באפעל־קערונג. אזוי ווי ס׳האָט זיך געשאפן די ציווילע מאכט איז געווען נאָך ערגער. זי האָט שוין ארויסגעגעבן די געזעצן, די אָנגעוויזענע געזעצן פון דייטשלאנד. דאָס זענען געווען גזירות אויף יידן. די ערשטע האָט געזאָגט אז יידן טאָרן נישט זיצן מיט קריסטן אונטער איין דאך. אויב אין א שטוב זיצט א קריסט מיט א ייד מעג דער קריסט זיצן אָבער דער ייד מוז זיך ארויסציען. נישט דער קריסט נאָר דער ייד דארף זיך ארויסציען. אווו דארף ער זיך ציען?

צווישן יידן צוזאמען. דאן איז געוואָרן זער שווער די לאגע, ווייל דער באפעל איז געווען אז מ׳דארף זיך ארויסציען נישט אין חדשים אָדער אין וואָכן נאָר אין איינצעלנע טעג. ווּהין? — האָט זיי נישט אינטערעסירט. אין א יידישע געגנט. נישט, חלילה, אין א בעסערע דירה, דאָס איז אלץ ספּעציעל געמאכט געוואָרן צו פארשווערן און פארערגערן. ווייל איינער וואָס האָט געהאט א צימער, אָדער צוויי האָט געמוזט אריינעמען נאָך א משפחה. אזוי האָבן זיי געמאַכט אז יידן זאָלן דערשטיקט ווערן. מ׳האָט זיך ארויסגעצויגן און דער גוי איז געבליבן ביי דער דירה און דער ייד איז אוועק. אז דאָס האָט זיך געענדיקט זענען אלע יידן געווען אין איין געגנט און דער דייטש האָט זיי נישט געדארפט זוכן.

### דער געטאָ / דער יודנראט

ווען אלע יידן זענען געווען אויף איין אָרט איז ארויס א באפעל און ס׳איז געשאפן געוואָרן א יודנראט. דאָס הייסט אז יידן אליין האָבן געפירט דאָס יידישע לעבן, די יידישע קהילה. א יודנראט, מיט אַן אָנפירערשאפט, מיט



מיר ברענגען צו קבר ישראל די ערשטע נאצי קרבנות

א ראש פון יודנראט. זיי האָבן געקראָגן די אָנווייזונגען פון די דייטשן און האָבן דאָס געדארפט איבערגעבן צו דער באפעלקערונג, צו די יידן. דער יודנראט מיט׳ן פּאָרזיצער און דער גאנצער אַפּאַראַט האָט זיך באזעצט אין דעם בנין פון דער גרויסער שול, יפה עיניים בית־מדרש; מיט א פּאָליציי, מיט א קאָמאנדאנט, מיט אלצדינג, אַן אייגענע מלוכה. אין די אינעווייניקסטע זאכן האָבן די דייטשן גאָרנישט געהאט וואָס צו זאָגן. זיי האָבן נאָר אריינ־געשיקט א בריוו, דאָס און דאָס דארף געמאכט ווערן, אזוי און אזוי. און מ׳האָט געמוזט איינפירן אלע געזעצן. דאן האָט אויך יעדער איינער פון די יידן באקומען די געלע לענטע.

אין צוויי־דריי מאָנאט ארום האָט מען געגעבן א באַפעל, ווען די יידן זענען שוין געזעסן צוזאמען, אז מ׳דארף מאכן א געטאָ אין אזוי און אזויפיל צייט. דער געטאָ איז געווען געמאכט אין א גרויסן שטח אווו יידן האָבן איצט געוווינט. מיר האָבן אליין געמאכט אלצדינג, אָבער ווו נעמט מען מאטעריאלן פון וואָס צו מאכן? האָט מען צענומען אלע צעפוילטע פארקענס. אלץ וואָס יידן האָבן געפונען אין אלטע שטיבער א. א. וו. און מ׳האָט אליין געמאכט דעם פלויט. דער פלויט איז געמאכט געוואָרן אז מ׳זאָל נישט קענען אדורכגיין; מיט דראָט, מיט צוויי טויערן: אין טויער איז געווען אויף קאָסטשולאווסקא נעבן סמיאטיצקי, ווו מ׳גייט אריין אין בית־מדרש גאס, און דער צווייטער טויער איז געווען געמאכט אויף יערוזאלאמסקי. צוויי גרויסע טויערן, הויכע און ביי די טוירערן איז געשטאנען פון איין זייט א יידישער שוטר און פון דער צווייטער זייט א פוילישער מיליציאַנט. ס׳זענען נישט געשטאַנען קיין דייטשן ביי דעם הויפט טויער נאָר א פוילישער שוטר; ווייל די פאָליאקן האָבן געארבעט מיט די דייטשן צוזאמען. די דייטשן וואָלטן גאָרנישט געווען אזעלכע אויפטוער מיט יידן ווען די פאָליאקן וואָלטן זיי נישט געוויזן אלע זאכן. אלץ וואָס דער דייטש האָט געטון איז געווען אין נאָמען פון די פאָליאקן. זיי האָבן געזאָגט און דער דייטש האָט עס גלייך אויסגעפירט. עס איז געווען א פאל מיט מיר, ווען מ׳איז געקומען נאָך לעדער צו מיר נאָך אין ז׳עווניצע, איידער מ׳האָט געמאכט דעם געטאָ, ס׳זענען צו מיר אריין צוויי דיי״טשן כ׳זאָל זיי געבן לעדער. זאָג איך: איך האָב נישט. זענען זיי אוועק געגאנגען, געזוכט און געזוכט און אוועק געגאנגען ווייל זיי זענען געווען זיכער אז איך האָב נישט. אזוי ווי זיי זענען אוועק געגאנגען האָבן זיי געטראָפן איינעם א פאָליאק און זיי גייען מיט ליידיקע הענט. האָט ער דאָס געזעען און געפרעגט: נו וואָס? זאָגן זיי עס איז נישטאָ. זאָגט ער אז עס איז דאָ ביי אים. ער האָט א סאַך לעדער. האָבן זיי זיך צוריק אומגעקערט און אריין און אָנגעהויבן זוכן אין שטוב, ארויף אויפן בוידעם און איבערגעקערט קאסטענעס, דאפלטע קאסטענעס, און אזוי געזוכט ביז זיי האָבן געפונען. אזוי ווי זיי האָבן געפונען זענען זיי אראָפּ און געזאָגט: פאר וואָס האָסטו אונדז געזאָגט אז דו האָסט נישט קיין ווארע. פאר וואָס האָסטו אונדז אָפּגענארט? האָסט געדארפט באלד געבן. און זיי האָבן מיר אָנגעהויבן צו שלאָגן און אוועקגעגאנגען מיט דעם.

ווען עס איז געווען די דזעלניצע ד. ה. די אָפּזונדערונג, האָבן אלע געהאט דאָס רעכט אריינצוגיין סיי פאָליאקן, שוטרים, און סיי די דייטשן. אלע האָבן געהאַט דאָס רעכט אריינצוגיין און אָנווייזן, דער און דער ייד האָט דאָס און דאָס. גיי נעם, ער וועט דיר געבן. און אזוי איז געווען טאקע. אָבער ווען דער געטאָ איז געוואָרן געמאַכט האָט נישט געקאָנט אריינגיין אין געטאָ יעדער איינער. אין געטאָ האָט מען נאָר געקענט אריינגיין פון דער מאכט זשאנדארמען, געסטאפּאָ, ס. ס. מערדערס, זיי האָבן געהאט דאָס רעכט אריינצוגיין און נעמען. זיי האָבן נישט געדארפט ראבירן, זיי זענען אריינגעגאנגען צום יודנראט און געזאָגט, אז זיי דארפן האָבן 50 פוטערס,

מעבל, שטיוול, אַנציגער א. ד. ג. און דער יודנראט האָט זיי צוגעשטעלט. ער האָט געמוזט צושטעלן דאָס וואָס זיי האָבן געפאָדערט. עס איז נישט געווען קיין שווערע זאכן, קיין טייערע זאכן. און אויב עס איז נישט געווען ביי אונדז אין ביעלסק האָט מען דאָס געבראכט פון ביאַליסטאָק. מען האָט עס געקויפט און מהאָט עס זיי געמוזט צושטעלן. אזוי איז דאָס לעבן אונזערס אוועקגעגאנגען, דאָס איז שוין געוואָרן א וואָכעדיקע זאך.

מיר זענען געזעסן אין געטאָ, מיר זענען כלומרשט געווען אליין באַלע־באַטים. מיר האָבן נישט געהאט כלומרשט צו טון מיט קיינעם, מיר האָבן שוין אן אייגענע מאכט אין געטאָ. נאָר וואָס דען? — די געזעצן קומען אריין פון דעם דייטש צום יודנראט און דער יודנראט פירט זיי אויס. צי ער וויל צי נישט. ארבעטן האָט מען געארבעט גענוג. צי מ'האָט געדארפט די ארבעט צי נישט, מ'האָט געדארפט באשעפטיקן די יידן. און אָן אונטער־שייד, מ'האָט געקענט גראָבן א גרוב און אים פארשיטן און נאָך אמאָל דאָס זעלבע. מ'האָט דאָך נישט געצאָלט פאר דער ארבעט. מ'האָט געצאָלט נאָ־רישקייטן, עס האָט גאָרנישט געהאט די ווערט. עס איז געווען א פאל ווען מ'האָט אונדז גענומען 20 מאן מיט זאוול בארכאטן בראש, געדענק איך, און מ'האָט אונדז אוועקגעשטעלט ביי אָן ארבעט ביי לעוו דעם אפטייקער, גרובער האָט מען געהייסן צו גראָבן. הגם מ'האָט זיי נישט געדארפט. און זיי האָבן מורא געהאט, די דייטשן, טאָמער חלילה אנטלויפט מען, האָט מען גענומען שאַבלאָנען ארויפגעלייגט אויף די שטערנס און אָפגעצייכנט מיט נומערן. יעדער איינער פון 1 ביז 20. טאָמער אנטלויפט איינער וועט מען וויסן וואָס פאר א נומער ס'איז אנטלאָפן. אזוי איז דאָס געווען. אזעלכע קונצן האָט דער דייטש געמאכט מיט די יידן.

דערנאָך איז געקומען א באפעל, יידן זאָלן טראָגן א געלע לאטע. דער געטאָ איז שוין געמאכט געוואָרן, טויערן א. א. וו. — פלעגט מען ארויס גיין צו דער ארבעט. נאָר חס וחלילה ארויסגיין צו דער ארבעט האָט מען נישט געטאָרט אָן א לאטע. א לאטע אויף דער פלייצע, א מגן־דוד א געלער און א לאטע אויפן הארצן. און טאָמער האָט מען געפאקט א יידן אָן א לאטע אָדער נישט אזוי אָנגעניית ווי זיי האָבן געהייסן, פלעגט ער קריגן שרעקלעך געשלאָגן. און גיין האָט מען נישט געטאָרט גיין אויף די טראָטוארן חס וחלילה, ווייל אויפן טראָטואר גייען מענטשן. די יידן האָבן נישט קיין רעכט. זיי זענען געגליכן צו הינט און צו הבמות. א בהמה גייט אויפן כביש און מיר זענען געגאנגען באליידיקטערהייט נעבעך אויפ'ן כביש, אין דער צייט וואָס די שמוציקע פאָליאקן וועלכען זענען דאָרטן געווען זענען געגאנגען אויף די טראָטוארן. אזוי איז מען געגאנגען צו דער ארבעט. אזוי האָבן מיר אָפגעארבעט שאָסייען (כבישים) געהאקט שטיינער. ווינטער אין די ערגסטע וועטערן פלעגט מען אונדז טרייבן צו דער ארבעט. וואָס האָבן מיר געקענט מאכן? דער יודנראט האָט געשיקט א צעטל, אז מען דארף ארויסגיין צו דער ארבעט, איז מען געגאנגען. אנדערע האָבן געדאנקט גאָט, אז זיי פלעגן גיין צו דער ארבעט. ווייל זיי האָבן געקענט קויפן א פלעשל מילך, א שטיקל

ברויט, אנדערש איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט אין קיין שום פאל זיך צו דערנערן. מ׳פלעגט זיך טרעפן מיט א קריסט, מ׳פלעגט אים געבן די שטיוול, דאָרט האָט נישט עקזיסטירט קיין געלט. מ׳פלעגט געבן זאכן. געבן א פאָר שיך, געבן א שטיקל סחורה, פלעגט ער געבן א פלעשל מילך, א שטיקל ברויט, און אזוי פלעגט מען דאָס אריינברענגען אין געטאָ אריין כדי צו האָבן וואָס צו עסן. אלע האָבן אזוי געבראכט דאָס ביסל עסן פאר די פיצעלעך קינדער, פרויען און מענער. דערנאָך איז געקומען א באפעל אז מען דארף געבן קאָנטריבוציע. קאָנטריבוציע הייסט פארמעגן שטייערן. האָט מען איין מאָל געפאָדערט דריי קילאָ גאָלד און נאָך א מאָל (איך געדענק נישט וויפיל), אז דער יודנראט האָט געקריגן א באפעל צושטעלן גאָלד האָט מען צוגעשטעלט גאָלד. איין מאָל, צוויי מאָל. אָבער נישט דאָס איז געווען די גאנצע טראגעדיע אין דער זאך. מיר וואָלטן אוועקגעגעבן דאָס אלץ וואָס מיר האָבן כדי מ׳זאָל אונדז לאָזן לעבן. אָבער צום באדויערן נישט דאָס איז געווען זייער כוונה. זיי האָבן געוואָלט אָט אזוי, ארויסציען ביי אונדז וואָס מיר פארמאָגן און נאָכדעם אונדז אויסראָטן. מיר האָבן נישט געוויסט פון לעבן און פון יידישקייט, פאר אונדז איז נישט געווען נישט קיין יום כיפור נישט שבת — שטענדיק האָט מען געארבעט. מ׳האָט נישט געקוקט אויף א שבת, א זונטיק, כסדר האָט מען געארבעט. מ׳האָט געמיינט אפשר מיט דער ארבעט וועט מען זיך קענען ראטעווען. מ׳האָט געזאָגט אז די וואָס ארבעטן וועלן זיך ראטעווען.

דער פאָרזיצער פון יודנראט איז געווען פריידקעס, קליין, ער איז נישטאָ מער. און עס איז געווען שלומקה עפשטיין זער א וויכטיקער אין דעם פרעזידיום פון יודנראט. לעטשטש איז אויך געווען אין דער הנהלה פון יודנראט, מענדל גאלאנט, און נאָך זענען געווען אָבער דער זכרון דינט נישט. זיי האָבן געדארפט די באפעלן ארויסגעבן און אויספירן ס׳איז אויך געווען א יידישע „אייגענע” פאָליציי. דער קאָמענדאט איז געווען וויינשטיין פון אורלי און עס איז אפילו געווען אַן אייגענער משפט. דאָס איז געווען מלמדוביץ׳ און מוזיקאנט דער אדוואָקאט און נאָך. אזוי האָט מען געפירט דעם יודנראט.

## אָפגעשלאָסן פון דער וועלט

מיר זענען געווען אָפגעשלאָסן און קיינער האָט נישט געוווסט וואָס טוט זיך מיט די יידן טיף אין פוילן. מ׳האָט זיך נישט געקענט אפילו פאָרשטעלן אויף אזוי פיל. און אפילו הערן האָט מען נישט געהערט. איך בין אריינגעקומען צו מיינעם א שוואָגער, יאנקל עפע, איז צו אים געקומען א פאָרפאָלק פון ווארשע, פרעגט מען זיי: וואָס זענט איך אנטלאָפן פון ווארשע? איר ווייסט נישט — זאָגט ער — וואָס טוט זיך דאָרטן אין ווארשע? מ׳נעמט יידן און מ׳לייגט זיי אריין אין וואגאָנען פון קאלך, מ׳פארמאכט די וואגאָנען און מ׳פירט זיי אוועק. האָט מען געזעען אזעלכע זאכן איז מען אנטלאָפן. אָבער מיר האָבן געמיינט אז דאָס איז איבערטריבן, אפשר זענען דאָס שאנטאזשיסטן און זיי גייען אויסנארן דעם עולם כדי צו נעמען געלט אָדער וואָס

— מיר האָבן זיך נישט געקאָנט דאָס גלייבן. ס׳האָט זיך נישט געקענט גלייבן אין דעם וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטון. אָבער דער וואָס האָט עס געזעען מיט זיינע אויגן האָט געוווּסט אַז דאָס איז ריכטיק.

דער יודנראַט ביי אונדז האָט געמאַכט דאָס וואָס ער איז געווען גע־צוווּנגען צו טאָן. מיר האָבן געהערט אַז ס׳זענען געווען פאַלן אין שטעט ווו ס׳איז געווען פאַרקויפטע יודנראַט מענטשן. אין לאָדזש, למשל, האָבן מיר געהערט, איז געווען דער פאָרזיצער פון יודנראַט אַזאַ. ביי אונדז אָבער איז נישט געווען אַזעלכע זאַכן.

איידער דער געטאָ איז געוואָרן האָט מען געגעבן אַ נעם 30 מענטשן אַלס זאַקלאַדניקעס, מ׳האָט גענומען פון י״י בעסערע מענטשן פון שטאָט, די אינטעליגענץ פון שטאָט, 30 מענטשן, צווישן זיי אַ שוחט, מיט אַ זון, אהרון דעם שוחט, און אהרון ניס׳לן דער מלמד, און גייערן, איך קען נישט געדענקען אַלעמען נאָך די אַלע יאָרן. מ׳האָט זיי צוגענומען און מ׳האָט נישט געוווּסט ווו און ווי. די מלחמה האָט זיך געענדיקט און מ׳ווייסט נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען. נאָך אַמאָל האָט מען גענומען אַזאַ גרופּע זאַקלאַדניקעס כדי די באַפעלקערונג זאָל זיך נישט אַמאָל אָנהייבן בונטעווען, נישט נאָר יידן האָט מען גענומען, מ׳האָט גענומען פּאָליאַקן אויך. שפּעטער האָט מען געפאָדערט די בעסטע זאַכן, פוטערס, מעבל, אַלץ האָט מען גע־פאָדערט. און אַלץ האָט מען געפאָדערט פון אונדז צו געבן. דער יודנראַט האָט עס געדאַרפט געבן די דייטשן. אַזוי האָט מען געלעבט אין דעם געטאָ פאַרמאַכט אַזוי ווי אין תפיסה און מ׳האָט נישט געוווּסט ביז וואַנען.

**מיר באַגראָבן יידן — דער געטאָ איז פאַרשפאַרט**

איין מאָנאַט פאַרן ליקווידירן דעם געטאָ האָט דער יודנראַט געקויפט קאַרטאָפּלס, פאַר דער באַפעלקערונג ביי די דייטשן. דער יודנראַט האָט עס געקויפט און מיר האָבן דאָס ביי דעם יודנראַט אָפּגעקויפט. אָבער ווו האָט מען דאָס געקענט האַלטן אַז די שטיבער זענען שוין געווען פול מיט מענטשן? צוויי־דריי משפחות אין איין שטוב איינגעשפּאַרט. דערשטיקט געוואָרן איז מען אין די שטיבער. האָט מען געגראָבן גריבער, יעדער איינער וויפל ער האָט געוואָלט קויפן, און מ׳האָט פאַרגראָבן אין די גריבער די קאַרטאָפל וואָס מ׳האָט געקויפט ביי דעם יודנראַט, כדי מ׳זאָל האָבן וואָס צו עסן ווינטער. און מ׳האָט נאָך אָנגעגרייט פוטער, פלייש א. א. וו. נאָר וואָס איז געווען דער סוף פון דעם? — אין אַ שיינעם פרימאָרגן הערן מיר דורך אַ לויטשפּרעכער, אַז דער גאַנצער ביאַליסטאָקער ראַיאָן ווערט עוואַקוּאירט. און באַלד איז שוין געהאָנגען אַ פּלאַקאַט אויפן הויז, פון יודנראַט, אַז יעדער איינער דאַרף זיין גרייט, מ׳פירט אונדז צום שוואַרצן ים אויף אַרבעט. מ׳דאַרף דאָרטן האָבן מענטשן צו דער אַרבעט. יעדער איינער זאָל אָנגרייטן כלים אויף מיט צונעמען. כדי די באַפעלקערונג זאָל זיין נוצבאַר, דער געטאָ איז שוין געווען געשלאָסן, אַזוי איז דער געטאָ געווען אָפן — די טויערן זענען געווען אָפן און די דייטשן פלעגן אַרויסנעמען די מענטשן צו דער אַרבעט. און אַזוי

ווי עס איז געקומען דער באַפעל זענען שוין די טויערן געווען פאַרשלאָסן און מ׳האָט שוין קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט. אויף יענער זייט איז שוין געשטאַנען שטאַרקע וואַכן פון דייטשן. און מ׳האָט שוין נישט אַרויסגע־לאָזט. מ׳האָט שוין געזען דעם אומקום און מ׳האָט זיך נישט געקאָנט ראַ־טעווען. די געשרייען זענען שוין געווען געפערלעכע און די געוויינען. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכע פּאַניקע. מענטשן זענען אַנטלאָפן פון געטאָ דורך די פּלויטן וואָס מ׳האָט דערבראָכן, נאָר וואָס דען, אָרום און אָרום זענען געשטאַנען אוקראַינער. איך געדענק ווען ס׳זענען אַרויסגעלאָפן פון געטאָ וועלוול קריינבערג און יאַנקל רייבער. האָט מען זיי באַלד געכאַפּט און געשאָסן און אַריינגעוואָרפן אין געטאָ אַריין. מ׳האָט זיי באַגראָבן לעבן בית־מדרש ביי חסידים שטיבל. איך בין געווען דערביי און כ׳האָב עס געזען מיט מיינע אויגן ווי מ׳האָט זיי באַגראָבן.ביידע צוזאַמען. צוויי חברים זענען צוזאַמען אַרויס און צוזאַמען געוואָרן באַגראָבן. דערנאָך איז געווען אַ פאַל מיט אַ פאַמיליע פון דורגאַטשין אין ביעלסק, אַ שיינער ייִד, אַ פיינער ייִד, אַ חסידישער ייִד, איך געדענק נישט זייער נאָמען, נאָר זיי זענען גע־זעסן ביי מיינעם אַ שוואָגער אין אַ צימער. זיי זענען געשיקט געוואָרן צו אונדז פון דורגאַטשין, דורך די רוסן, ווייל עס איז געווען ביים גרענעץ, און זיי זענען געווען פאַרמעגלעכע מענטשן, רייכע, און רייכע ייִדן האָבן נישט געטאָרט זיצן ביי דעם גרענעץ, ביי דער רוסישע מאַכט. זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די רייכע. עס זענען געווען אַ סאַך אַזעלכע אין ביעלסק, און אין דערצייט ווען עס איז געוואָרן די פּאַניקע זענען זיי אַרויסגעלאָפן צוויי ברידער מיט אַ שוועסטער פון געטאָ. האָט זיי אַ קריסט איבערגעגעבן די דייטשן, און מ׳האָט זיי אויך געכאַפּט, געשאָסן און אַריינגעוואָרפן אין געטאָ אַריין. מ׳האָט זיי אויך גלייך באַגראָבן אין געטאָ, צווישן דער שול און דעם בית מדרש, כ׳געדענק דאָס אַזוי ווי יעצט, ווייל איך בין געווען ביים באַ־גראָבן האָט דער טאַטע געזאָגט:

— קינדער, מיט אייך זאָל זיין די ערד געשלאָסן. פאַרפאַלן, דאָס איז דער גורל, דער חורבן, דער געזעץ, די גזירה. פאַרפאַלן קינדער.

און דערנאָך האָט דער טאַטע באַגראָבן צוויי זין מיט אַ טאָכטער. ס׳זענען ווייטער געווען אַזעלכע פאַלן, וואָס מענטשן זענען אַנטלאָפן און קיין איינער האָט זיך נישט געראַטעוועט. אַלע וואָס זענען אַרויס פון געטאָ און געוואָלט זיך ראַטעווען, האָט מען געכאַפּט און דערשאָסן און אַריינגעוואָרפן אין געטאָ.

## ביעלסקער געטאָ ווערט ליקווידירט

פון ביעלסק גופא האָט מען אונדז אַרויסגעפירט מיט דעם לעצטן טראַנס־פּאָרט. מיר זענען געווען עטלעכע און פערציק פאַמיליעס וואָס האָבן גע־אַרבעט פאַר די דייטשן, אַלע זענען מיר געווען פאַכלייט, שוסטערס און שטעפּערס. פריער האָבן מיר געאַרבעט אַלע שוואַרצע אַרבעטן. דערנאָך ווען עס איז געווען די שטאַרקע פּרעסט ביי סטאַלינגראַד, ווען מיר האָבן

געזען מיט אונדזערע אייגענע אויגן ווי מ׳האָט געפירט די טראַנספּאָרטן מיט דייטשע געפּרוווירענע — האָבן די דייטשן געמאַכט ביי אונדז אַ פאַבריק און מ׳האָט געאַרבעט וואַרעמע שטיוול, פּילטץ ווילֿיקעס און מ׳האָט אוועק־געשיקט גאַנצע וואַגאָנען צום פראָנט, צו די דייטשן ס׳זאָל זיי זיין וואַרעם. אַ סאַך האָבן אונדז מקנא געווען, מיר וועלן בלייבן לעבן, האָבן זיי געזאָגט, אונדז איז גוט, מיר אַרבעטן פאַר די דייטשן.

מיר האָבן געאַרבעט אַזוי לאַנג ביז וואַנען מ׳האָט ליקווידירט דעם געטאָ פון ביעלסק. ווי אַזוי האָט זיך ליקווידירט דער געטאָ פון ביעלסק? — מ׳האָט פריער אַרייַנגעפירט קיין ביעלסק יידן פון די שטעטלאַך אַרום ביעלסק, וווּ עס זענען נישט געווען קיין באַנען, ווי ברײַנסק, אורלי, באַדקע, נאַריוווקע. מען האָט אַרייַנגעפירט קיין ביעלסק טראַנספּאָרטן נאָך טראַנספּאָרטן יידן מיט זייער פאַרמעגן מיט די קליינע קינדער, אַזוי ווי ציגיינערס שלעפּן זיך, אַזוי האָט מען זיי געפירט אין געטאָ אַריין. ס׳האָט אויפגעעפנט זיך דער טויער, איז געשטאַנען אַ שטאַרקע גרויסע וואַכט אויף יעדער זייט, מ׳האָט זיי אַרייַנגעפירט און אָפּגע־ציילט; מ׳האָט זיי פאַרנאַכט אַרייַנגעפירט און באַלד האָט מען געגעבן דעם יודנראַט אַ באַפעל, אַזוי ווי מ׳האָט זיי אַרייַנגעפירט מוז דער יודנראַט זיי צושטעלן צום באַן. און באַלד זענען געשטאַנען שאַלאַנען צו טראַנספּאָרטירן צום באַן. ווען דער טראַנספּאָרט איז געוואָרן אַרייַנגעפירט איז איינדערפרי שוין געהאָנגען אַ צעטל אויף דעם יודנראַט, אַז מ׳דאַרף די אַלע פּליטים צושטעלן אויף יאַגילאָנסקי ביים טויער. דאָרט האָט מען זיי געשטעלט אין שורות, אויס־געציילט און מ׳האָט זיי געפירט צופוס צום באַן דורך הינטערשטע גאַסן. אַרום און אַרום האָט מען זיי באַוואַכט מיט ביקסן, אַזוי האָט מען זיי געפירט צום באַן. אין דעם באַן האָט מען זיי אַרייַנגעוואָרפן אַזוי ווי מען וואַרפט בהמות. אין די וואַגאָנעס, און מ׳האָט זיי אוועקגעפירט. מיר האָבן נישט געוווּסט וווּ און פאַר וואָס. אויף צומאָרגנס איז געגאַנגען נאָך אַ טראַנספּאָרט און יעדעס מאָל נאָר די פרעמדע, נישט די ביעלסקער. אין איינעם אַ טאָג האָט דער יודנ־ראַט באַקומען אַ באַפעל אָנהויבן צושטעלן טראַנספּאָרטן פון ביעלסקער יידן.

## ווי מען האָט אונדז, די לעצטע פון ביעלסקער געטאָ, אַרויסגעפירט

מיר זענען געווען 42 פאַמיליעס. ס׳איז געווען אַן אַלגעמיינער אַרבעטס־אַמט, אַ דייטשער אַרבעטס־אַמט אויסער דעם געטאָ און אַ יידישער אַרבעטס־אַמט אין געטאָ. מיר זענען געווען פאַררעגיסטרירט אין דייטשן אַרבעטס־אַמט, אַז מיר אַרבעטן פאַר דער וועהרמאַכט דאָרטן און דאָרטן. מי האָבן געהערט, אַז די 42 פאַמיליעס וועלן עוואַקואירט קיין ביאַליסטאָק ווי מענטשן נישט מיט קיין לאַסט־באַנען. ס׳זענען שוין געשטאַנען ספּעציעלע מאַשינען כדי אונדז צו נעמען, מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויספירן צו די וואַרטנדיקע אויטאָס. אַלע האָבן אונדז מקנא געווען, אַז מיר זענען די גליקלעכסטע און מיר וועלן בלייבן לעבן. איך געדענק ווי אַט איצטער. ווען באַראַניעץ פון פאַראָווע מיל איז מיט זיינער געראַטעוועטע. זאָג איך צו אים:

— נעמט מיט מיין וואליזקע, עס וועט אייך לוינען. נעמט דאָס מיט קיין ביאַליסטאָק.

געמיינט האָט ער, אַז מיט דער וואַליזע וועט ער אויך אפשר קאָנען מיט־פאָרן אָדער שפּעטער אָנקומען. דער קלאַנג איז געווען, אַז מיר וועלן זיין די געראַטעוועטע. זאָג איך צו אים:

— עס שטייט ביי מיר אַ ברודער, שוועגערין מיט זייערס אַ קינד און איך קען נישט העלפן, איך קען זיי נישט מיטנעמען מיט זיך; איר זעט דאָך, אַז די גאַנצע פאַמיליע מיינע שטייט און וויינט. אַ שוואָגערס אַ מיידל איז געשטאַנען ביי מיר און געבעטן:

— לייזער, אפשר קענסטו מיך ראַטעווען?

ווי האָב איך געקענט? עס איז געשטאַנען אַ ס.ס. מאַן מיט אַ רשימה אין האַנט און האָט אויסגערופן יעדן איינעמס נאָמען מיט זייערע קינדער. מ׳האָט אונדז אַריינגעוואָרפן אין די אויטאָס, אָנגעפּילט און זיי פאַרמאַכט. אין יעדן אויטאָ זענען געווען אַריינגעפּאַקט אַזוי פיל מענטשן אַז ס׳איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. עס האָט זיך פון יעדן געגאָסן שווייס ווי אַ רעגן. ווער האָט געקאָנט מיטנעמען עמיצן?

אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. דאָרט האָבן זיי אונדז אַרויס־געוואָרפן דירעקט צום יודנראַט. פון דאָרטן האָט מען אונדז אַריינגעשיקט אין אַ שולע, ענג, איינער אויפן צווייטן ספּעציעל, כדי מיר זאָלן דאָרט דערשטיקט ווערן, אָן עסן און אָן טרינקען, כדי אומצוקומען.

אין ביאַליסטאָק האָבן מיר געאַרבעט אַ 4—5 חדשים אין אַזאַ פאַבריק, ווי מיר האָבן געפלעגט אַרבעטן אין ביעלסק.

ענדע 1942 האָט מען אונדז אַרויסגעפירט און די סעלעקציע פון ביאַליסטאָק האָט זיך אָנגעהויבן אין 1943־טן יאָר. אין דער צייט פון דער אַרבעט האָט מען געקראָגן עסן ממש אויף צו הונגערן. מיר זענען געווען די ערשטע סעלעקציע פון ביאַליסטאָק. און נישט נאָר מיר, נאָך 800 מאַן, האָט מען אויפגעקליבן. דער יודנראַט האָט געדאַרפט צושטעלן אַ נאָרמע ביז אַ 4000 מאַן. דאָס איז געווען אַ גרויסער טראַנספּאָרט, מ׳האָט גענומען מענטשן אָן אונטערשיד.

ווי מיר זענען געווען קאָנצענטרירט אין דער שולע, געדענק איך, איז אַריין אַ ס.ס.־מאַן פון געסטאַפּאָ מיט אַ ביקס און אויסגעשאָסן אין דער הויך. מענטשן זענען אַנטלאָפן, מ׳האָט זיך פאַרבאַהאַלטן, מ׳האָט נישט געוואָלט גיין. מ׳האָט גענומען דאָס פּעקעלע מיטן קינד אויפן האַנט, מ׳איז אַרויסגעגאַנגען אויפן גאַס, אונדז אויסגעשטעלט אויפן שאָסיי. ס׳איז געווען אַ שניי, אַרום אונדז אויף די טראָטואַן האָבן זיי אַוועקגעשטעלט מאַשינען־געווער, טאָמער וועט זיך וואַגן עמיצער רירן וועט ער באַלד דערשאָסן ווערן. דאָ האָט מען אונדז אויסגעשטעלט שוין מיט נעמען לויטן אלף־בית און מ׳האָט אונדז אַוועק־געפירט צום פּאַליעסער באַן דורך אַ ביאַלעסטאָקער הינטערשטער גאַס. מ׳האָט געבראַכט וועגענער ברויט, יעדער האָט געקראָגן אַ ברויט. אונדזער גרופּע איז דאָ שוין געווען בעסער, אונדז האָט מען געפירט אַ אָפענע וואַגאָנעס — פּאַסאַ־זשירסקע, נאָר אויף די בענקלעך אין די וואַגאָנען איז געשטאַנען אַ געסטאַפּאָוויץ,

טאָמער שפּרינגט ווער אַרויס פון באַן ווערט ער גלייך דערשאָסן. דאָך זענען געווען אַ סך פאַלן, וואָס מען איז געשפּרונגען פון די באַנען. מ'האָט אונדז געפירט און נישט געוווּסט וווּהין.

געווען אַ פּרייטיק צו נאַכטס, מ'פירט אונדז, אָבער וווּהין ווייסט מען נישט. מיר פאָרן און פאָרן, עס האָט זיך שוין געענדיקט די וועלדער, די פּוסטעס, מיר זענען אַלץ געפאָרן. מ'האָט אונדז געפירט, מיך מיט מיין גאַנצער משפּחה, מיט מיין פאָטער און מוטער. מיר האָבן אַלע געאַרבעט אין איין פאַבריק. איך מיט מיין שוועסטער און אַ שוואָגער מיט פיר קינדער, צווישן זיי אַ צווילינג און די מאַמע מיטן טאַטן זענען מיר געפאָרן אין איין וואַגאָן. איין ברודער מיט אַ שוועגערין זענען געבליבן אין געטאָ און איין ברודער איז אַנטלאָפן געוואָרן פון געטאָ ביעלסק. אַזוי האָט מען אונדז געפירט און אַלץ נישט געוווּסט וווּהין מיר פאָרן. נאָר אַז מיר זענען אָנגעקומען אין וואַרשע — פּראַגאַ האָבן מענטשן דערקאָנט, אַז מיר זענען אין וואַרשע—פּראַגאַ. ווו פאָרט מען ווייטער איז אַ פראַגע? מיר האָבן נישט געוווּסט דעם וועג. די ליפּן אונדזערע זענען שוין געווען פאַרטריקנט פון דעם וואָס מיר האָבן שוין לאַנג נישט געקראָגן קיין לעק וואַסער. שפּעטער זענען מיר אָנגעקומען, געדענק איך, אין טשענסטאָכאָוו — אַ גרויסע סטאַציע, האָבן דאָרט געאַרבעט אַרבעטער ביי דער באַן. מיר האָבן געזען, אַז דאָס זענען יידן, ווייל זיי האָבן געטראָגן דעם מגן־דוד. האָבן מיר זיך ביי זיי געבעטן זיי זאָלן אונדז אַרויפוואַרפן אויפן וואַגאָן שטיקלעך פאַר־פרוירענע אייז. די דעפּאָרטירטע אויף די וואַגאָנען האָבן אַרונטערגעוואָרפן זייגערלאַך און אַנדערע זאַכן, כדי מען זאָל זיי אַרויפוואַרפן שטיקלעך אייז, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט אונדזערע ליפּן זאָלן נישט פאַרדאַרט ווערן, אַזוי איז דער גאַנצער עשאַלאָן ווייטער געפאָרן.

**אוישוויץ**

פון טשענסטאָכאָוו זענען מיר געפאָרן ווייטער ביז די קאָפּאַלניעס פון דער שוואַרצער ערדשטיין־קוילן פון וועלכע מען גראָבט ברען־קוילן. דערפון האָבן מיר געדרונגען, אַז עס איז דער סביבה פון קאַטאָוויץ. מ'פאָרט, מ'פאָרט, מ'פאָרט און מ'זעט גאָרנישט, ביז וואַנען מיר זענען צוגעקומען צו אַן אָרט, ווו די באַן האָט זיך געשטעלט.

די באַן האָט זיך געשטעלט אין אַ פּלאַץ ווו פון דאָרטן איז געגאַנגען אַ ספּעציעלע ליניע צום לאַגער פון אוישוויץ, אָבער מיר האָבן נישט געוווּסט וווּהין מ'פירט אונדז, פון אוישוויץ האָבן מיר נאָך בכלל נישט געהערט. מ'האָט אונדז געבראַכט שפּעטער צום אוישוויץ לאַגער.

ווי אַזוי האָבן מיר געוווּסט, אַז מיר געפינען זיך אין אוישוויץ? די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט. ווען די זון האָט שוין נישט געשיינט. דער שניי אויפן גאַס איז געוואָרן צולאָזן און ס'איז געוואָרן לינדער. האָבן מיר פון דערווייטנס שוין דערזען דעם לאַגער, די עלעקטריע האָט געברענט. די פּראָזשעקטאָרן האָבן געלויכטן. אַרום אַרום זענען געווען פאַרצוימונגען עלעקטריזירטע, אַז ווער עס

וואגט און גייט צו נאָענט צו זיי, איז א פּארטיקער. די אלע לעמפּלעך האָבן אונדז באוויזן אז דאָס איז דאָס אָרט.

ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן מיר געזען דורך די פענצטער ווי די געסטאַפּאָ־לייט, די מערדערס, האָבן זיך ארויסגעלאָזט פון דעם לאגער מיט נאגייקעס און די אָפיצירן האָבן געגעבן א באפעל:

— „די שייסע אויסשטייגן", „די שייסע אלע אויסשטייגן" —

אזוי איז שוין געווען, אלע האָבן אָנגעהויבן אויסשטייגן. א סך זענען שוין געווען טויטע פון קעלט, פון דורשט, פון הונגער. ווער האָט זיך אומגעקוקט? די לעבנס־פארבליבענע זענען אַראָפּ פון די וואגאָנעס. מען האָט גענומען ציילן און בעת מעשה סאָרטירן, יינגערע, עלטערע, לינקס, רעכטס, רעכטס — דו רעכטס, דו לינקס. איך געדענק ווי מיין פאָטער איז געגאנגען מיט מיר צוזאמען, פרעגט מען אונדז:

— וואָס קערט איר זיך אָן?

ביז וואָס ווען האָט ער דערוויילע געכאַפּט א קלאַפּ מיט אַ ביקס און מען האָט אים צוגענומען צו די עלטערע. מיך האָט מען געשטעלט רעכטס צווישן די יינגערע. זיי האָבן סאָרטירט און אָפּגעציילט. באלד זענען אָנגעקומען גרויסע מאַשינען־אויטאָס, זיי האָבן אויסגעשטעלט פאר די פרויען און קינדער ביי די אויטאָס אזעלכע טרעפּ, די פרויען זאָלן קאָנען ארויפגיין אויף זיי. איך געדענק אז מיין פרוי מיט די קינדער זענען צוגעגאנגען צו מיר און זי האָט געזאָגט:

— לייזער, מיר געזעגענען זיך אויף אייביק. מיר וועלן זיך מער נישט זען.
און זיי האָבן זיך מיט מיר צעקושט.

מען האָט די פרויען און קינדער ארויסגעפירט מיט די גרויסע מאשינען און אזוי ווי עס האָבן זיך געעפנט די טויערן פון לאגער, וועלכע איז געווען באוואכט מיט א סך געסטאַפּאָ־לייט, האָט מען זיי ארויסגעפירט פון לאגער אוישוויץ. ווו מ׳האָט זיי אוועקגעפירט ווייסט קיינער נישט עד היום הזה. ווארשיינלעך האָט מען זיי געפירט אין קרעמאטאָריום קיין בירקנאו, וואָס איז ווייט 3 קילאָמעטער פון אוישוויץ. בירקנאו איז א גרויסער לאגער געווען, מיט א סך באראקן און דאָרטן איז געווען אויסגעבויט א קרעמאטאָריום צום פאר־ברענען די דעפּאָרטירטע. אין אוישוויץ איז אמאָל געווען מיליטער קאזארמעס, האָבן זיי דערפון געמאכט א גרויסן לאגער. אוישוויץ און בירקנאו איז איין און די זעלבע זאך. נאָר בירקנאו איז געווען דער גרעסטער פארברענונגס־לאגער אין זיין פארנעם, זענען די מערסטנטיילס דעפּאָרטירטע דאָרט פארברענט געוואָרן. דאָרט איז אויך געווען סעלעקציעס צווישן יונגע און עלטערע. קינדער האָט מען אָפּגעטיילט באזונדער. אָבער קינדער — ווי קען זיך א קינד אליין ראטעווען? סאיז אויך געווען פאלן, ווען פרויען האָבן אַוועקגעוואָרפן זייערע קינדער מיט דעם געדאנק אפשר וועלן זיי זיך אליין ראטעווען. אונדז, מענער, האָט די געסטאַפּאָ אויסגעשטעלט, צוגעפירט צום טויער, איבערגעציילט, אזוי פיל און אזוי פיל, און אונדז אריינגעפירט אין לאגער. דאָרטן האָט מען אונדז איבערגעגעבן אין די הענט פון געפאנגענע פראנצויזן, וועלכע זענען געווען אין לאגער שוין פון פריער. ס׳איז ווידער געווען א שטארקער שניי. אין לאגער

גופא האָבן מיר נישט געזען קיין ס.ס.־לייט, אלץ איז דאָ געווען געפירט דורך פארשידענע געפאנגענע.

פירנדיק אונדז אזוי האָבן אונדזערע נייע פארזאָרגער א זאָג געטאָן:

— "חברה, איר האָט גאָלד, זייגערס, דאָלארן, גיט אהער, ווייל דאָרטן וועט איר דאָס דארפן אלץ איינס אָפּגעבן אלץ. גיט עס ליבער אונדז אוועק. אלץ איינס.

א סך האָבן אוועקגעגעבן, א סך נישט. ווייל ווער עס האָט געהאט חפצים אין לאגער, האָט זיך געקאָנט אן עצה געבן, אויך אין לאגער זענען געמאכט געוואָרן פארשידענע געשעפטן.

מ'האָט אונדז געפירט און וווהין, האָבן מיר נאָך אלץ נישט געוווסט, ביי אונדז איז שוין געווען רעכט אז אויך אונדז פירט מען אומצוברענגען. אָבער מ'האָט אונדז אריינגעפירט אין א באָד. יעדער טראנספּאָרט דארף פריער אדורכ־גיין די באָד און דאָס ערשטע פאר דער באָד נעמט מען ביי אים אָפּ די זאכן. מען האָט אונדז געהייסן זיך אויסטון, אלץ צוגענומען און אונדז אריינגעפירט אין באָד. פארן באָד־אנשטאלט איז געשטאנען אן ס.ס. מאַן מיט איינעם א גע־פאנגענעם פראנצויז. ביידע האָבן פאר אונדז געהאלטן א רעדע. דער ס.ס.ניק האָט גערעדט אויך אין יידיש, מ'האָט פארשטאנען וואָס ער האָט גערדט מיט אזעלכע מיאוסע אויסדריקן, מאכט ער:

— ווער עס האָט גאָלד דאָס ארויסנעמען און אריינוואַרפן דאָ אין דער וואליזע לויט דער ריי.

איז יעדער אין זיין ריי צוגעגאנגען און אריינגעוואָרפן אין דער וואליזע וואָס ער האָט פארמאָגט.

ווען איך האָב פארלאָזט מיין הויז אין ביעלסק, ווען מען האָט מיך ארויפ־געזעצט אויף דער מאשין, פאָרנדיק אין ביאליסטאָק, האָב איך מיט זיך גענומען א פערינע, א קישן און נאָך מ'זאָל כאָטש קאָנען דעם קאָפּ אוועקלייגן. אָבער אין ביאליסטאָק האָט מען ביי מיר שוין אָפּגענומען א סך, האָב איך אַהער געבראכט נישט מער ווי א זייגערל אויפן האנט, מער גאָרנישט. ארויף אויפן עשאלאָן און געפאָרן. ווען מען האָט אונדז געבראכט קיין אוישוויץ און אריינ־געפירט אין באָד, איז געשטאנען א גרויסע ריי פון מענטשן, וואָס זענען אדורכ־געגאנגען שוין נאקעטע און אלע ווערט־זאכן אָפּגעגעבן. דערפון וואָס מענטשן האָבן אָנגעלייגט איז געוואָרן הויכע בערג מיט אָנגעלייגטע ווערט־זאכן אין די וואליזקעס.

אריין אין באָד פון אזא וועג, אלע ביינער צובראָכן און די גלידער אָנגע־ווייטיקט — איז די באָד געווען אן אָנגעהייצטע, א פארגעניגן. אין באָד האָבן געארבעט אלץ געפאנגענע פראנצויזן, וועלכע זענען שוין געווען אין לאגער נאָך פריער, האָט מען אונדז געהייסן ארויפקלעטערן אויף די פּאַרע־בענק אין דער שוויץ־באָד. הונגעריק, צעבראָכן זענען מיר געווען, אָבער מיר זענען שנעל ארויף אין דער הויך, מ'האָט געגאָסן וואַסער אויף דעם אָנגעגליטן אויוון און ס'איז געגאנגען א פּאַרע. די פארע איז ארויף אויף די מענטשן, דאָס איז דווקא געען גוט. אָבער נישט דאָס איז געווען דער עיקר. נאָך אַלעמען האָט דאָס

געדויערט בסך־הכל נאָר אַ האַלבע שעה. אין די בעדער פריער, האָט מען דערציילט, האָבן געוואַרט א סך מענטשן צוזאמען, דאקעגן אָבער איצט פאר אלעמען, פארן סוף, ווען מען האָט אונדז צעשיידט צום לעצטן וועג האָט מען שוין געמאכט די בעדער באזונדער.

נאָכן שוויץ־באָד אז ס׳איז אלץ שוין געווען גוט, האָט מען אונדז געגעבן א טרייב אריין אין א גרויסן צימער, מיט גרויסע שפארעס. עס איז געווען ווינטער, חודש יאנואר. די קעלט האָט זיך אריינגעריסן דורך די שפארונעס און דאָ הייסט מען אונדז מאכן א קאלטן טוש. פון א הייסער שוויץ־באָד אין א גרויסן קאלטן צימער צו מאכן א קאלטן טוש! ווי קען מען געבן אזא קאלטן טוש אין חודש יאנואר? און ווער עס האָט נישט געוואָלט האָט מען אים געטריבן מיט שטעקענס און קלעפּ. דער סוף איז געווען, אז מ׳האָט געמוזט ארונטערגיין אונטערן אייז־קאלטן וואסער. דאָס איז אלץ געמאכט געוואָרן דעם מענטשן אומצוברענגען. באַלד נאָכדעם איז מען געשטאַנען נאַקעט און געוואַרט אויף אָנטון. די אייגענע אונדזערע וועש אָן מלבושים האָבן מיר שוין נישט געהאַט. מיר זענען געשטאַנען אזוי אין דער ריי און געווארט. ווידער נאסע אין דער עסעריקער קעלט. שפּעטער האָט יעדער איינער פון אונדז באקומען אזא מין פּיזשאמע־אַנצוג מיט פּאַסן ארום און ארום און א קרייץ, אלס א סימן טאָמער אנטלויפט ווער פון לאגער זאָל מען אים באלד דערקענען אז ער איז אן אנטלאָפענער.

מען האָט אונדז דאן ווידער אויסגעשטעלט וואַרטן. ווער עס האָט געקאָנט פיזיש האָט אויסגעהאלטן און ווער נישט האָט מען באלד געזען אז ער באקומט א לונגען־אנטצינדונג און ער וועט נישט לאנג אָנהאלטן. ער איז שוין א פארטיקער. מ׳האָט דעם ארויסגעפירט פון דער ריי און אוועקגעפירט צו די טויטע. די וואָס האָבן אויסגעהאלטן האָט מען אויסגעשטעלט. נישט אָט אזוי פשוט. אַלץ איז געווען מיט א רשימה און מ׳האָט אונדז געפירט. מיר האָבן נישט געוווסט ווהין. מיר האָבן געזען די מענטשן וואָס פאלן אוועק, זיי האָבן געהאט שטאַרקן פיבער, דאָ איז געווען א ביעלסקער, בורטשאָק, נאָך איינער וואָס איז אנטלאָפן פון דייטש צו אונדז, און בארנאצקע.

די דריי געדענק איך.

מ׳האָט זיי צוגענומען. מיר האָבן געזען אז זיי זענען שוין נישט קיין מענטשן, דאָס ערשטע האָט מען זיי אויסגעטאָן די שיך. ווהין מ׳האָט זיי צוגענומען האָבן מיר נישט געוווסט. אונדז האָט מען אוועקגעפירט קיין בירקענאו.

### מיר זענען אין בירקנאו

אריינגעפירט אין לאגער האָט מען אונדז אריינגעזעצט אין א בלאַק. אין דעם בלאָק זענען שוין געווען יידן, וואָס מ׳האָט זיי געבראכט פון גראדנא פאר אונדז. מיר האָבן דאָרטן געזען א בילד פון ערב־טויטע, ידן, וואָס האָבן נישט אויסגעהאלטן. עסן האָט מען זיי נישט געגעבן. דורכן טאָג האָט מען געטיילט 200 גראם ברויט מיט א ביסל וואסער, זענען זיי געפאלן ווי די פליגן און מיר האָבן געזען ביי דער טיר, נישט קיין טיר, נאָר אזא מין טויער, ווי

מענטשן פאַלן אַנידער שלאָפן אויף אַזעלכע דריי־שטאָקיקע בעטלעך, שפּעטער האָט מען זיי אַרונטערגענומען פון די בעטלעך, אַלעמען, אויך די וואָס מ׳האָט נאָך געקאָנט ראַטעווען אַבי מ׳האָט געזען אַז ער איז שוין נישט צום לעבן, האָט מען אים לעבעדיקערהייט אַריינגעוואָרפן צווישן די טויטע אויפן סטאָק. אונדז האָט מען געגעבן בעטלעך. אויף מאָרגן האָט מען אונדז אַרויסגענומען אויפן גאַס און מיט אונדז מושטרירט ווי מיט מיליטער. איך געדענק נישט וויפיל מיר זענען געווען, געבליבן זענען אַ 80 מאַן פון דעם גאַנצן טראַנספּאָרט. מיט אונדז זענען שוין געווען נישט נאָר ביעלסקער נאָר אויך ביאַליסטאָקער, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט צוזאַמען מיט אונדז. זייענדיק אין באָד האָבן מיר געדאַרפט זיין 80 מענטשן און ס׳האָט געפעלט איינער. ס׳זענען געווען נאָר 79. איז געוואָרן אַ ליאַרעם ווו איז דער מענטש אַהין געקומען. מ׳האָט איבערגעקערט דעם לאַגער און דעם מענטש נישט געפונען. דער עיקר, איז איינגעפאַלן דער געסטאַפּאָ, אַז דער מענטש מוז זיין אין באָד. זיי האָבן איבערגעקערט דעם באַרג זאַכן, דעם סטאָק, און דעם מענטש געפונען צווישן די זאַכן. ער האָט געזען אַז מ׳געהט אַלעמען אומברענגען האָט ער זיך פאַרבאַהאַלטן אין דעם באַרג־זאַכן. ער אַליין איז פון פאַך געווען אַ בלעכער, און אפשר געווען געבליבן לעבן, אָבער נאָך דעם וואָס מ׳האָט אים געפּאַקט האָט ער שוין קיים שום האָפענונג נישט געהאַט צום לעבן. מען האָט אים אַרויסגעפירט צוריק צו אונדז ווו מיר זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט און מושטרירט. מ׳האָט אים צוגעבראַכט צו אונדז מיר זאָלן צוקוקן, וואָס זיי גייען מאַכן פון אים. מ׳האָט אים געמאַכט אַ טויט וואָס נאָר מענטשלעכע חיות זענען דאַצו פעאיק. יעדער איינער פון די געסטאַפּאָ האָט געמאַכט אַ „שפּיל“ און געשאָסן אין אים. שוין מיט די ערשטע עטלעכע קוילן איז ער טויט געווען, אָבער יעדער איינער האָט געגעבן נאָך אַ קויל, נאָך אַ שאָס. און אונדז האָט מען געלערנט. געשטאַנען אַ ס. ס.־מאַן און אונדז „געלערנט“. דאָס לערנען איז געווען אַזוי : דעם היטל אַראָפּציען, דעם היטל אַרויפציען. „מיטצע אַפּ, מיטצע אויף“! אַלע דאַרפן גלייך דאָס טאָן ווי מ׳לערט אין מיליטער. „אַפּ־אויף“.

מיר זענען דאָרט געווען אַ זעקס וואָכן און מ׳האָט אונדז אַזוי געלערנט און פון דאָרטן האָט מען אונדז איבערגעפירט אין אַ ציגיינער־לאַגער נעבן דער ברעזשעזשינקע נאָענט אַ פאָר הונדערט מעטער פון דעם קרעמאַטאָריום. מיר זענען געווען ביי דער ברעזשעזשינקע אַרומגעצוימט מיט שטאַכל דראָט אין אַ באַזונדער אָפּטיילונג. דאָס איז געווען אין בלאָקן. די וואַסערן און די בלאָטעס זענען געווען אַזוי גרויס, אַז מ׳האָט אַריינגעשטעלט אַ פוס האָט מען שוין די שיך נישט געקאָנט אַרויסנעמען. 200 מעטער נעבן אונדז איז געווען דער קרעמאַטאָריום. זעקס וואָכן זענען מיר דאָרט געווען אַלס ווינפּלאַץ. די זעקס וואָכן זענען געווען אַ לעבנס קורס, אַז ווער ס׳וועט אויסהאַלטן וועט אפשר בלייבן לעבן. עס איז אָבער געווען אַ שווערע זאַך דאָס אויסצוהאַלטן. מיר האָבן דאָרטן גאָר נישט געטון, מ׳האָט נאָר געדאַרפט טראָגן זאַמד, כדי צו מאַכן אַ וועג. די זאַמד האָט מען געהייסן טראָגן אין אַ היטל און אין אַ טאַש פון דער מאַרינאַרקע. דאָס הייסט מאַכן פון דעם מענטש גאָרנישט. אין די זעקס וואָכן זענען

די פרעסט און די שנייען געווען זער שטאַרק. געשלאָפן זענען מיר אויף פריטשעס אזעלכע דריי־שטאָקיקע בעטן. אין יעדער פריטשע זענען געשלאָפן אכט מאן אויף הוילע ברעטער. איך געדענק ווי דאָס איז געווען ביינאכט. דער שארפער ווינטער האָט אריינגעטריבן די קעלט דורך די שפאלטן און די קעלט האָט זיך אריינגעשניטן אין פלייש ווי נאָדלען און גענאָגט און געשניטן. ווען מ׳האָט זיך געדארפט לעגן שלאָפן האָבן די שיך געדארפט זיין אזוי אויסגעשטעלט גלייך, אז ווען מען זאָל אפמעסטן מיט א לייסט האָט באדארפן זיין א גלייכע ריי שיך. דאָס שלאָפן און אויפשטיין האָט געדארפט זיין פינקטלעך אין א באשטימטער צייט און טאָמער האָט מען געזעען איינעם ארויפגיין שפעטער אויפן בעטל האָט מען אים געקאָנט הארגענען.

אין דער פרי האָט מען אונדז געגעבן א ביסל ביטערע קאווע און אונדז ארויסגעטריבן אויפן גאס און אזוי האָט מען געמוזט שטיין ביז עס איז געקומען א באפעל אריינגיין צוריק. אָבער כמעט נאקעט איז מען געווען און אויפן גאס קאלט, האָבן מיר זיך געריבן איינער ביים צווייטן אזוי ווי הינער, עס זאָל זיין אביסל ווארמער. צי ווייסט עמיצער וואָס הייסט רייבן א פלייצע אין א פלייצע צו דערווארעמען איינער דעם צווייטן זעקס וואָכן דורכאנאנד. אָט אזוי האָבן מיר געלעבט.

אין דער צייט האָט מען אונדז געביטן פון איין בלאָק אין אן אנדערן. מיר האָבן געהאַט אַמאָל א בלאָקאָוון, א טייערן יידישן מנהיג׳ס א זון, אַן אויסוואורף, ער איז אויך אונדז דערגאנגען גוט די יאָרן. ער האָט זיך געהאַלטן פאר א פאָליאק, איך ווייס וואָס ער האָט געמיינט מיט דעם? נאָך דעם תכשיט האָבן מיר געהאט א בלאָקאָוון א פראנצויז, א מערדער ווי א דייטש. נאָך אלעמען האָט מען געבראכט אין אונדזער לאגער א 10.000 דייטשע ציגיינער מיט פרויען און קינדער — א סברה גרויסע „בעלי־יחוסין" און מיר האָבן זיי געדארפט צוטראָגן עסן, פון קיך ביז זייערע לאגערן. גאנצע פעסער עסן וואָס יעדען האבן געדארפט טראָגן 3—4 מאן. דאָס איז געווען קארטאָפל מיט שאָלעכץ, מ׳האָט געטראָגן דעם פאס קארטאָפל ווייט, א האלבן קילאָמעטער גאנג, איז איידער מיר האָבן דערטראָגן דעם פאס קארטאָפל איז געוואָרן פון אים א האלבע. זיי האָבן דאָס באמערקט און באפאלן מיט גראָבע שטעקנס די וואָס האָבן געטראַגן די פעסער עסן. אונדז האָט עס מער נישט אזוי געארט, האַק ברעך, דער הונגער איז שטארקער געווען פון די קלעפ. מיר וידער ווען מיר האָבן געטראָגן די קארטאָפל זענען מיר אריינגעגאנגען אין א ליידיקן בלאָק, אויסגעשאָטן א האלבע פאס קארטאָפל מיט שאָלעכץ און פארבאהאלטן. שפעטער האָבן מיר דאָס ארויסגענומען און מיר זענען געווען זאט מיט דעם. קלעפ האָט נישט מער געהאָלפן. מ׳האָט אונדז אכזריותדיק געשלאָגן פאר די שטענדיקע גניבות.

די ציגיינערס דווקא זענען געווען גאנץ פיינע מענטשן, אפיצירן פון דער דייטשער ארמעע וואָס מ׳האָט זיי אָפגערופן פון מיליטער, ווייל זיי האָבן געשטאַמט פון ציגיינער. ציגיינער און יידן איז ביי די דייטשן געווען היינו הך. ציגיינערס און יידן דארף מען אומברענגען. האָבן טאַקע די דייטשן אומגע־

בּראכט די ציגיינער. מיר האָבּן זיי טאַקע געטראָגן עסן און אלצדינק, אָבער מ׳האָט זיי אומגעבּראכט אלע ביז צו איינעם אזוי ווי יידן.

צום סוף ווען מען האָט אונדז שוין ארויסגעפירט פון בירקענאו האָבן מיר געהאט א בלאָקאָוון, אזא מין מנהל, א פאליאק, א שלאנזאק, א גוטער בחור. ער האָט אונדז געגעבן עסן און ער האָט אונדז געטרייסט:

— „כלאָפּצע״, זאָגט ער אונדז אויף פויליש, „טשימייטשע שען״ — האַלט זיך, קינדער, האלט זיך פעסט. די זון וועט נאָך שיינען פאר אונדז אויך, האלט זיך מיט מוט וועט איר בלייבן לעבן.

## צוריק אין אוישוויץ

פעקס וואכן זענען אריבער און עס איז אָנגעקומען אַ בּאַפעל און מען האָט אונדז אָפּגעפירט אין צענטראל־לאגער אוישוויץ. זייענדיק אין בירקענאו האָט זיך נאָך געטראָגן דער ריח פון געברענטן מענטשישען פלייש. מען האָט גע־הערט דאָס סמאָלן זיך פון מענטשן קערפּערס אזוי ווי פארברענט פלייש אָדער פעל וואָס מען הערט דעם ריח פון זיי, אויף ווייטע שטרעקעס. אזוי האָט מען געהערט כסדר דעם ריח פון די פארברענטע קערפּערס. מען האָט געבראכט די מענטשן, צוגענומען פון זיי אלץ וואָס זיי האָבן געהאט, דערנאָך אריינגעפירט זיי אין די גאז קאמערן און פון דאָרטן אין קרעמאטאָריום. מיר האָב נישט געזעען מיט די אייגענע אויגן אָבער מיר האָבן געוווּסט אז מ׳ברענט אונדז. דאָס האָט געדויערט זעקס וואָכן צייט און מען האָט אונדז גענומען קיין אוי־שוויץ גופא. פירנדיק פון בירקענאו אין אוישוויץ — 3 קילאָמעטער — האָט מען געיאָגט און געפּייניקט מ׳זאָל לויפן וואָס גיכער. קומענדיק אין אוישוויץ, האָבן מיר דערזעען א מוסטער לאגער. אוישוויץ איז נישט געווען סתם קיין געמאכטע בלאָקן, דאָרטן איז געווען אמאָל פאר די פוילישע צייטן, פּרעכטיקע מיליטער קאזארמעס, צוויי־שטאָקיקע בלאָקן מיט אויסגעפלאסטערטע שאָסייען און סטעזשקעס אינווייניק. הקיצור ממש א שיינער לאגער. ווי מ׳האָט אהין געבראכט האָט מען אונדז געגעבן אנדערע זאכן צום אָנטון און אויף צו מאָר־גנס אויך האָלצערנע שיך.

מיר זענען אָפּגעווען א גאנצן טאָג אויפן בלאָק. אויפן אנדערן טאָג האָט מען אונדז אלע געהייסן אריינגיין אין לאגער־פלאץ און מ׳האָט אונדז אויס־געקליבן יעדן איינעם לויט זיין פאך. מ׳האָט געמאָלדן, אז יעדער איינער זאָל ארויסגעבן זיין פאך. מען איז צוגעקומען צו מיר און געפרעגט וואָס פאר א פאך איך האָב. איך בין געווען א שוסטער, צום צווייטן: וואָס ביסט דו ? א שניידער. אהער אהין, ביי יעדן אויפגענומען זיין פאך. אויף צומאָרגנס האָט מען געיאָגט צום אפעל אזוי ווי מיליטער. יעדן אינדערפרי האָט מען געקלונגען אין לאגער ווען מ׳דארף אויפשטעהן, ווען מ׳דארף גיין שלאָפן. נאָכן קלונג פלעגן מיר זיך שטעלן אלע אויפן פלאַץ ארויס אין לאַגער. אין לאַגער איז מען אויך געשטאנען ווי מיליטער. פארן טויער איז געשטאַנען אנ׳אָרקעסטער, א שיינע תזמורת, איך האָב אזא אין פוילן נישט געזען, ארויסגייענדיק פון לאַ־גער האָבן אלע געדארפט גייען גלייך ווי מיליטער „מיטצע אפ״ און עס שפילט

די מוזיק. מיר פלעגן ארויס מארשירן ווו עס שטייען שוין די ס.ס.־לייט ווען מ׳גיט אונדז איבער און מ׳פירט אונדז אוועק. מ׳פלעגט אונדז פירן צו דער ארבעט־שטאָט אוישוויץ. אַן ערך 3 קילאָמעטער מיטן שאָסיי. דאָרט איז געשטאַנען א גרויסע געביידע, א פאבריק ארומגעצוימט און באוואכט מיט פּאָסטנס און דאָרטן האָבן מיר געארבעט 800 מאן, נישט נאָר מיין פאך, אלע פאכן. יעדן איינעם האָט מען צוגעזעצט צו א טיש, צו פיר מאן, איך מיט חיימן מיין שוואָגער ביי איין טיש, נאָך א מאן און איינער א גריכישער, געווען גריכן און אויך פּאָליאקן. ווען מ׳האָט אונדז אריינגעפירט איז געוואָרן א הו־הא. זיי זענען שוין געווען פון פריער, די פאליאקן זענען געווען א גרעסערער יחוס. זיי האָב געהאָט מער רעכט פאר אונדז. ווען מיר זענען אריין האָט מען אונדז געגעבן קליידער מיט פּאַסן אזוי ווי פּיזשאַמעס, מיט א געלן נומער און מגן־דוד און א רויט אָנגעגייטן פּאסיק אויפן הארצן מיטן אָבגעדריקטן נומער 1941. דאָס איז געווען מיין נומער. איך האָב געטראָגן אויפן הארצן און איינעם ביי דער זייט, א געלן, דאָס אלץ האָט געדארפט זיין ריין כדי צו דערקענען. זיי האָבן אונדז דאָס געגעבן און מיר האָבן דאָס אליין געמוזט אָנניייען.

באלד נאָכן אריינקומען אין פאבריק האָט מען אונדז פונאנאנדגעזעצט ביי טישן. אזוי ווי מיר זענען געווען נייע האָבן די פּאָליאקן אָנגעהויבן מיט אונדז מאכן קונצן, עס איז געווען שלעכט, זיי האָבן אונדז געשלאָגן, געהאר־געט. זיי האָבן זיך מיט אונדז געשאפן אזוי ווי אין יענע צייטן. מיר האָבן דאָרט געארבעט א 4 חדשים, וואָס לענגער, אלץ געווען פאר אונדז בעסער, מען האָט אונדז געגעבן א נאָרמע און מיר האָבן דאָס געמוזט מאכן. פון די אלע טראַנספּאָרטן וועלכע מען האָט געבראַכט פון גאַנץ אייראָפּא, ווי היטלער האָט אריינגעשטעלט א פוס, ביי וועלכע מען האָט צוגענומען די קליידער, שיך א. ד. ג. האָט מען די מענטשן פארברענט אבער די פארבליבענע זאכן האָט מען אריינגעבראכט צו אונדז אין לאגער און מיר זענען געזעסן און דאָס אלעס אויספאריכט.

מיר האָבן אָפּגעארבעט די גאנצע וואָך. שבת 3 אזייגער האָט מען גע־ענדיקט די ארבעט. האָט מען געמוזט מאַכן ריין, געוואשן די פּאָדלאָגעס. פריער האָבן דאָס געמאַכט די פּאָליאקן. אָבער איצטער האָבן מיר דאָס געמוזט מאַכן. אלצדינק האָבן מיר געטון און זיי זענען געווען איצטער די בעסערע מענטשן. די מייסטערס, די קאפּאָס, די מאכערס, די אלע זענען געווען פּאָליאקן. אָבער אז מיר זענען אינם לאגער געוואָרן אביסל עלטער, איז וואָס זיי האָבן אונדז געהייסן טון האָבן מיר זיי געזאָגט : איר זייט דערזעלבער יחוס וואָס מיר, און נישט געטון פאר זיי גאָרנישט. ביז מען האָט זיי אזוי צוגעוווינט אז זיי האָבן געטון דאָסזעלבע וואָס מיר.

מיר האָבן אָפּגעארבעט א צייט אין דער קאָמאנדאָ 14 אין אוישוויץ, וואָס האָט זיך גערופן „קאָמאנדאָ־באקליידונג", וועלכע האָט באקליידט דעם גאנצן לאגער, דאָס איז געווען פאר אונדז א זער גוטע קאָמאנדאָ, מיר האָבן נישט געארבעט אויפן גאס נאָר אין א פארמאכטע געביידע און א פאבריק און ביי דעם א האָט מען אויך גיכער געקאָנט קריגן א שטיקל ברויט. ס׳איז געווען

פאלן וואָס מען האָט באקומען גוטע קלעפּ און צעשלאָגן ביז בלוט. אין איין פאל ווען איך האָב צעבראָכן אן נאָל און צוגעגאנגען צום מייסטער בעטן אן אנדערן, האָט ער מיר דערלאנגט צוויי פעטש אז א שטיק צייט האָב איך נישט געהערט אויפן אויער, דאָס אלץ ווייל איך האָב צעבראָכן דעם נאָל. דער שלעגער איז נישט געווען קיין דייטש, נאָר א פאליאק. אין דער צייט ווען די דייטשן זענען געווען די אויפזעער אין דעם לאַגער, האָב איך זעלטן פון זיי באקומען געשלאָגן. איינמאָל זייענדיק נאָך אין געטאָ ביעלסק האָב איך געקראָגן א פאטש פון א דייטש, אָבער געשלאָגן אסך האָבן מיך די פאָליאקן. פאר גאָר נישט. פאר קיין חטא, נאָר סתם. צעבראָכן א נאָדל, א שפּילקע, איז וואָס הייסט צעבראָכן? נא דיר א פאטש. אזוי האָט מען זיך געמאטערט, פארפאלן. מ׳געווינט זיך צו אלעם צו.

שבת 3 אזייגער האָבן מיר געמוזט מאכן ריין די גאנצע פאבריק, מען האָט געגעבן א קלינג און מ׳איז ארונטער פון צווייטן שטאָק, מיר האָבן זיך איינגעשטעלט אויפן פלאץ. מיר האָבן געהאט א ציווילן מייסטער, א דייטש, א שרעקלעכער סאדיסט, מיט זיינעם א בלויזן קוק אויף א מענטשן איז מען געוואָרן טויט. פון זיינעם א פאטש האָט זיך דער מענטש איבערגעקערט און טאָמער איז ער געבליבן שטיין האָט ער אים דערלאנגט נאָך און נאָך. א מערדער. א ציוויל מייסטער, ווי געזאָגט איז ער געווען אויך דער גאנצער בעל הבית פון פאבריק.

12 א זייגער פלעגט מען קלינגען און אראָפּגיין נעמען עסן. יעדן איינעם פלעגט מען ארייינגיסן א ליטער עסן.איין זאך איז געווען דאָרטן, אז מען פלעגט ברעגען די שיך פון די טראַנספּאָרטן, וואָס זענען אָנגעקומען פון פוילן, האָט מען אין זיי יעדעס מאָל עפּעס געפונען. ס׳איז געווען א פאל וואָס מ׳האָט געבראכט א טראנספּאָרט פון גריכנלאנד און די אראָפּגענומענע שיך פון די קרבנות זענען ארייינגעפאלן צו מיר אין די הענט. איך האָב זיי באדארפן פאריכטן. איך נעם פון א שיך אָבשניידן דעם אבצעס און איך געפין א סומע געלט. אין אנדערע האָב איך געפונען דאָלארן. ווייטער צוויי ברילִיאנטלעך, נאָך פיל זאכן געפינען ארבעטנדיק ביים וואַרשטאַט. אָבער אז מ׳געפינט אזעלכע דארף מען, פארשטייט זיך. דאָס באלד אָפּגעבן. טאָמער נישט און מ׳כאַפּט ווען דערביי — אויפן אָרט טויט שטראָף! וועגן דעם איז געווען א ספּעציעלע מעלדונג פון טויט שטראָף. איינמאָל האָב איך געפונען דייטשישע געלט אין א שטיוול האָב איך דאָס אוועקגעטראָגן, האָבן די חברה פון מיר חוזק געמאכט, וואָס כ׳טו אזא זאך. שפּעטער האָב איך טאקע דאָס געפונענע נישט אָגעגעבן. אין קעשענע איז דאָך א סכנה צו האלטן דאָס, און אין צימער, אין שאַפקע דאָסזעלבע. אָבער מ׳דארף דאָך געפינען א פלאץ ווו דאָס צו פארבאהאלטן. איינמאַל אין פאבריק, האָב איך, מען זאָל נישט באמערקן, ארייינגעלייגט דאָס געפונענע אין די שפּיצן פון די גרויסע שיך, וואָס איך האָב געטראָגן און ווען מען איז געגאנגען פון דער ארבעט פון לאגער אין בלאָק אריין האָט איינער פון די ארבעטער באמערקט, גראָד מיינער א ידיד, און דאָס געלט איז מיר אוועק.

אין בלאָק דארף מען נאָר עסן, ווייל די נאכט איז געווען מיינע נישט דער טאָג. מען האָט נאָר געדארפט עסן. האָב איך אמאָל גענומען 100 דאָלאר, צוגעגאנגען צו א פראנצויזישן יידן, מיטן נאָמען לעוויצקי, וואָס איך האָב אים געקאָנט. האַב איך דעם פראנצויזישן ייד געזאָגט: לעוויצקי, איך האָב געלט און איך דארף האָבן ברויט. זאָגט ער מיר: גוט. האָב איך אים געגעבן 100 דאָלאר. איין דאָלאר און הונדערט איז דאָ אין לאגער געווען דיזעלבע מטבע. דאָלארן האָט נישט געפעלט. דאָלארן איז אין לאגער בכלל נישט געווען קיין טייערע ארטיקל. געלט האָט אין לאגער נישט אויסגעפעלט. איך בין מיט לעוויצקין אדורכגעקומען ער זאָל מיר צושטעלן פאר די 100 דאָלאר 32 ברויטלעך. און ער האָט מיר פון צייט צו צייט אָנגעהויבן געבן ברויט. נאָך א 10—12 ברויט האָב איך געזעען אז ער שטייט אָב, ער גיט מיר טאקע נישט מער. זאָג איך אים:

— לעוויצקי, האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט 32 ברויט?

זאָגט ער מיר:

— פונוואנען זאָל איך דיר נעמען ברויט, אז מ'גיט מיר נישט קען איך דיר נישט געבן, פון וואנען זאָל איך דיר נעמען ברויט? עס איז פון דעם עסק גאָרנישט געוואָרן. יעדער איינער פון אונדז האָט געהאט א בעט וועלכע האָט געדינט פאר א שאפע, א בופעט, פאר אלצדינק. ביי זיך האלטן געלט האָט מען נישט געקאָנט. איך האָב גענומען איינמאָל צוויי אמעריקאנער גאָלדענע צוואנציקערס און זיי פארבאהאלטן אין מאטראץ און פארשטאָפּט אין שטרוי אין א לאָך פון מאַטראַץ און בין אוועק צו דער ארבעט. ביי אַפּעל צוריקקערענדיק פון דער ארבעט אין לאגער, ווי געוויינטלעך, מיטן אָרקעסטער פארן אריינגעהן אין די בלאָקן, שטעלט מען זיך אויס אויפן פלאַץ און עס הייבט אָן קלינגען א גלאָק, דער אפעל. א המון פון 10.000 מענטשן. און דער אָנפירער פון לאגער גיט א קאָמאַנדאָ: „איינשטעלן צום אפעל"! ווערט אלץ שטיל. שא! ביי יעדן בלאָק שטעלן זיך אויס 100 מאן, און יעדער בלאָק האָט א בלאָקאָוון, ד. ה. א אונטער־אָנפירער, דער בלאָקאָווער אליין איז דערזעלבער געפאנגענער וואָס יעדער איינער, אָבער ער האָט די אויפגאבע פון א שרייבער, אַן אויפזעער אויפן בלאָק. אויך האָט יעדער בלאָק א ס. ס. מאַן וואָס ער שטעלט אויס און ציילט אָפּ די מענטשן, אזויפיל און אזוי פיל זענען פאראן. אלע דארפן שטיין גלייך און נישט א דריי טון מיטן קאָפּ. דער ס.ס־מאן ציילט אָפּ און טאָמער, חלילה, פעלט איינער, ווערט דער גאנצער לאגער איבערגעקערט און זיי מוזן דערגיין און געפינען דעם אוועקגעקומענעם, אזוי אויך טאָמער איז פאראַן אַן איבעריקער. ס'האָט נישט געטאָרט זיין ווייניקער אָדער מער. נאָכן אפעל ווידער א קלאַנג, אָפּגעציילט אלעמען און יעדער איינער צו זיין בלאָק. איך קום אריין אין מיין בלאָק. איך גיב א קוק, איך האָב נישט מיין בעט. די בעטן זענען אלע נומערירט. מיין בעט איז נישטאָ. זאָג איך צו זיך, איך האָב שוין נישט די צוויי צוואָנציקער. שוין פארפאלן! מען האָט איבערגעטראָגן דאָס בעט מיטן מאַטראַץ אויף א צווייטן אָרט און איך האָב נישט געוווּסט וווהין. כ'האָב אויך נישט געקאָנט שרייען אז מ'האָט מיר צוגענומען

דאָס בעט, וואָס וועל איך שרייען, א נארישקייט, פארפאלן. אויף צו מאָרגנס די זעלבע זאך, מ׳גייט צו דער ארבעט. אין אלגעמיין זענען געווען א סך פאַלן וואָס געלדער און ווערטזאכן זענען פארפאלן געגאנגען אין לאגער, אָבער עס האָט נישט געשפילט קיין גרויסע ראָלע.

אזוי האָבן מיר דאָרטן געארבעט די גאנצע צייט, עס פלעגן אין דער צייט פאָרקומען אויך סעלעקציעס. איך בין אדורכגעגאנגען דריי סעלעקציעס, איינמאָל גאָר א גרויסע סעלעקציע א גלאָוונע. צוויי מאָל אדורכגעמאכט סע־לעקציעס, וועלכע ס׳האָט אָנגעפירט קאָדעק, דער הויפט־אָנפירער פון לאגער אוישוויץ, וועמענס פראָצעס איז גאָר נישט לאנג פאָרגעקומען. פאר זיינע סעלעקציעס פלעגט מען ווערן אויסגעטון נאַקט אין באָד אריין און דאן גייט מען אדורך א קאָמיסיע. ביי א טיש שטייט ער אליין און די געפאנגענע גייען דורך פאר אים. ווען ער האָט באמערקט איינעם, וואָס גייט פלעגמאטיש, פלעגט ער פרעגן וואָס פאר א נומער האָסט דו? שרייבט ער אויף דעם נומער און גיט דעם בלאָקאָוון א באפעל אז דער געפאנגענער טאָר מאָרגן נישט ארויס־גיין צו דער ארבעט. און טאָמער הייסט מען שוין נישט ארויסגיין צו דער ארבעט איז אָך און ווי. און נישט נאָר אין דעם בלאָק נאָר אויך אין א סך אנדערע בלאָקן ווארפן זיך ארויס מענטשן, יעדעס מאָל א פאר הונדערט יידן. ווער ס׳איז דעם אוישוויץ־לאַגער־אָנפירער נישט געפעלן געוואָרן, דער גייט שוין ארויס פון דער ריי, דער איז שוין נישט מער צום לעבן. ווען איך בין דורכגעגאנגען און איך בין נישט געוואָרן אָבגעשטעלט, גיי איך שוין ווייטער. מיר אינטערעסירט נישט מער וואָס איז געווען מיט יענעם, אבי איך בין שוין אדורך. ארויס אויפן בלאָק, ארומגעוואשן זיך, ריין האָט מען באַ־דארפט זיין. אָפגעראזירט זיך, די שיך אויסגעפוצט אין זיך געלייגט שלאָפן. אין דער נאכט ווי אזוי מען האָט זיך אוועקגעלייגט שלאָפן, אזוי איז מען אויפגעשטאַנען.

איינמאָל פאר מיינע צייטן אין לאגער איז געווען א פאל אז מען האָט אין מיטן דער נאכט געמאכט אנ׳אפעל, א סעלעקציע ביינאכט! אָבער די סעלעקציע בין איך דורכגעקומען, עס איז מיר באשערט צו לעבן! אז איך זאָל זיין א לעבעדיקער עדות פונם לעבן פון יידישן געטאָ. אזוי איז אָב־געגאנגען די צייט אין אוישוויץ, איך בין געווען דער גליקלעכער, ווייל אנ־דערע האָט מען צוגענומען אין טראנספּאָרטן.

**יידן רייסן אויף דעם קרעמאטאָריום און פאַרברענען זיין אדמיניסטראטאָר**

אז מ׳נעמט רירן א מענטש פון איין אָרט אויפן צווייטן איז ער שוין צעבראָכן, ווייל יעדער איינער ווערט צוגעוווינט צו זיין פלאץ. פון די טראנ־ספּאָרטירטע זענען אויך א סך יידן נישט צוריק געקומען.

איך בין דאָרט געווען און געארבעט ביזן סוף, ביז עס האָט זיך דערנענ־טערט די מפלה פון דעם דייטש און זיי האָבן זיך גענומען ציען אויף צוריק פון די פראָנטן טיפער אין דייטשלאנד. מיר זענען דאָך געווען אין צענטער,

האָבן זיי גענומען עוואַקואירן אַלע לאַגערן. אַ 40 קילאָמעטער אַרום אוישוויץ איז אַלץ געווען לאַגערן. איך האָב אַדורכגעמאַכט אַפילו אַ פאַל, ווען עס איז געווען אַן אויפרייס אין קרעמאַטאָריע, ווען יידן האָבן אויפגעריסן די קרעמאַטאָריע און דאָרטן פאַרברענט דעם שעף, זייערן, וועלכן מען האָט לעבעדיקערהייט אַריינגעוואָרפן אין אויוון. אַלע קאַצעטניקעס זענען נאָכדעם אַנטלאָפן, אָבער צום באַדויערן האָט מען כמעט אַלע ווידער געכאַפּט. געווען, וואָס איך ווייס, עטלעכע מיידלעך פון פּרוזשאַנע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די קאָמאַנדאָ פון געווער, האָבן די דייטשן געזאָגט אַז די מיידלעך האָבן צוגעשטעלט געווער און אויפרייס־מאַטעריאַל און מען האָט זיי דאַן פאַרברענט.

ווען מען האָט דעם שעף פון קרעמאַטאָריום פאַרברענט, האָט זיך געשאַפן אַ שרעקלעכע פּאַניק. עס איז געוואָרן אַנ׳אַלאַרם, די סירענעס האָבן אָנגעהויבן פייפן. ווייל די געפאַנגענע זענען זיך צעלאָפן און די געסטאַפּאָ מיט דער הילף פון עראָפּלאַנען האָבן געזוכט צו כאַפּן וואָס און וועמען. 7 מאַן פון די אַנטלאָפענע פון לאַגער האָב איך געזען, איך האָב נישט געזען ווי זיי זענען אַנטלאָפן, אָבער איך האָב געזען ווען מ׳האָט זיי געכאַפּט. מען האָט זיי אַריינגעפירט אין לאַגער און מ׳האָט זיי געמאַכט אַ טויט אַזוי ווי ריכטיקע בהמות אין אַ שעכט־הויז פון פלייש. אַלע זיבן יידן זענען געלעגן צעשניטענע אויף אַ טיש לעבן זיי איז געווען אַ שילד אויפגעהאָנגען: „קוק זיך איין״! דאַן האָבן זיי געגעבן אַ באַפעל די אַלע פאַרזאַמעלטע אַרום די צעשניטענע 7 מאַן: „מיטצע אָף!״ אַלע זאָלן קוקן. אויך געווען אַ טייל אַנדערע וואָס מ׳האָט געכאַפּט און מען האָט זיי אויפגעהאָנגען.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די ענדע. ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער פראָנט האָבן די דייטשן אָנגעהויבן עוואַקואירן גאַנץ אוישוויץ און די גאַנצע געגנט אַרום און אַלעמען אַרויסגעפירט אַ חוץ דעם בית חולים וואָס איז געווען אין אוישוויץ, אים האָט מען געלאָזט. מיר האָבן בשעת מעשה געגלויבט אַז מ׳וועט אויפרייסן דאָס שפּיטאָל, נישט לאָזן לעבן אַפילו די קראַנקע. אָבער ניין, דער שפּיטאָל איז געבליבן גאַנץ און אונדז האָט מען עוואַקואירט. מען האָט אונדז געפירט בשעת מעשה — געדענק איך — צו פוס אין וויסטע שנייען — דאָס איז געווען אין 1944, געפירט אונדז אין דייטשלאַנד. יעדער איינער וואָס האָט געהאַט גוטע שיך האָט געקאָנט גיין אָבער דער וואָס האָט נישט געהאַט קיין גוטע שיך האָט אים אָגעריבן די פיס.

דאַס איז געווען אויך נישט פון די קליינע ליידן, געווען יידן וואָס האָבן די לעצטע מינוט געבעטן אויף זיך דעם טויט. אָבער מיר זענען דאָס אריבערגעקומען און דערלעבט דעם סוף פון היטלערן ימח שמו, מוזן מיר זיך טרייסטן דאַמיט.

**פייוול שפּירא**
באַלטימאָר

# איך בין געווען איינער פון זיי

כ׳פיל מיך פּאַרפּליכטעט איבערדערציילן געגויי און דייטלעך אַלץ, וואָס כ׳האָב איבערגעלעבט אין דעם שרעקלעכן אומקום פון ביעלסקער יידנטום. זייענדיק איינער פון זיי. און ס׳איז מיר שרעקלעך שווער, נאָכאַמאָל איבערלעבן דעם גיהנום פונדאָסניי.

איך וויל דאָס מאַכן געגויי אויף וויפיל מיין זכרון דינט מיר, כדי נישט צו מאַכן קיין טעות אין דאַטעס, אָדער אַ פאַרווירונג פון די נעמען, ווייל צו הייליק און טייער זענען פאַר אונדז אונדזערע קדושים, וואָס זענען אַזוי אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן, און ווייל אונדזער חוב איז, כל זמן מיר לעבן איבער־צוגעבן פאַר די קינפטיקע דורות די ריכטיקע געגויע פאַקטן, אָפּהיטן דעם ריינעם טראַגישן אמת פון וואָס ס׳איז געשען, דאמיט באהערן דאָס לעבן און דעם טראַגישן אומקום פון אונדזערע טייערסטע אין דער וועלט.

איך גיב איבער פאקטן וואָס איך פערזעלעך האָב צוגעזען, און צוזאַמען מיט די קדושים דורכגעמאכט, דעם פּיין און ווייטיק, וואָס מיר האָבן איבער־געלעבט אונטערן ווילדן רעזשים פון די נאַציסישע חיות פאַרשאָלטן זאָלן זיי זיין אויף אייביק.

כ׳טו דאָס נישט כדי געדרוקט צו ווערן חלילה, ס׳ליגט מיר שוין לאנג נישט דער קאָפּ דערביי. כ׳טו דאָס פון זייער כבוד וועגן און ווייל איך און אַלע מיר זענען פאַרפּליכטעט נישט פאַרגעסן, אייביק דערמאָנען, אייביק דערציילן און זאָלן אונדזערע זויבערע הייליקע קרבנות נישט פארגעסן ווערן און זאָל די וועלט נישט באפרייען זיך פון דעם שוידער, וואָס מיר האָבן דורכגעמאכט. און זאָל זיין שווערע מאַסע דריקן אויף איר געוויסן, ווייל זי האָט מיטגעשוויגן אָדער מיטגעהאָלפן.



אין א הייסן זומער־טאָג אין 1942, נאָכן דורכמארשירן אַ שפּאַציר פון איין לאַגער אין צווייטן, קומענדיק פון ביאַליסטאָקער 10־טן פּאָלק, דעם פּלאַץ פון וועלכן זיי האָבן פארוואנדלט אין א יידן לאַגער און פון וועלכן כ׳בין ארויס על פי נס, נאָך אַ טאָג צופוס גיין פון ביאַליסטאָק קיין ביעלסק מיט אַן אונטער־געשאָסענעם פוס, בין איך אָנגעקומען, אַזייגער 6 הינטער דער שטאָט און שטיין געבליבן נעבן דעם ערשטן הויז. כ׳האָב מורא געהאט ווייטער צו גיין. כ׳האָב מיטן אינסטינקט ארויסגעפילט אַ סכנה. מיין פאַרגעפיל האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז כ׳דאַרף שטיין בלייבן. פול מיט פחד שטיי איך און כ׳פיל ס׳טונקלט מיר פאַר די אויגן. איך חלש ווייזט אויס. כל זמן כ׳בין געגאנגען, האָט דער בלוטיקער פוס מיטגעהאָלפן. מיט דעם מאָמענט וואָס כ׳האָב אויפגעערט גיין, האָט דאָס הארץ זיך אָפּגעזאָגט ווייטער אים אונטערצופּאָמפּען בלוט.

אין דעם מאָמענט האָט מיך באַמערקט דודקע ליעשקעס, אַ עלעקטראָ־מאָנטער. וואָס האָט געאַרבעט ביי אונדז אין עלעקטראָווניע. ער האָט מיך נישט געלאָזט גיין, מיך אריינגעפירט צו זיך אין שטוב און איך האָב דערווייל פאַר־חלשט און ער האָט מיך געמונטערט.

ווען כ׳בין געקומען צו זיך האָט מיר דודקע דערציילט, אַז נעכטן האָבן די דייטשע מערדער דורכגעפירט אין ביעלסק אַ שרעקלעכע שחיטה אויף זעכציק יידן און אַרויסגעהאָנגען פלאַקאַטן, אין וועלכע זיי האָבן דערציילט, אַז זעכציק יידן זענען דערשאָסן געוואָרן צוליב קאָמוניסטישער טעטיקייט.

לאָזט זיך אויס, אַז פוילישע כוליגאַנעס האָבן זיי אָנגעוויזן אויף די רייכע יידן פון ביעלסק און איר אינטעליגענץ. די פוילישע שכנים אונדזערע האָבן זיי אַרומגעפירט פון גאַס צו גאַס און אַרויסגעשלעפט פון די הייזער טאַטעס פון קינדער, מענער, ברידער, זיי באַפוילן מיטנעמען רידלעס און בייזעמער, גלייך זיי וואָלטן זיי גענומען צו דער אַרבעט. אַזוי האָבן זיי אַרויסגענומען אַ הונדערט יידן, פאַרפירט זיי אין דער קאָשטשושקאָ גאַס, ווו אַמאָל איז געווען די פאָליציי קאָמענדאַנטורע. נאָך אַ קורצער אויספאָרשונג האָבן זיי אויסגעשטעלט האַנד־ווערקער באַזונדער און סוחרים און אינטעליגענץ אין אַ באַזונדער ריי.

לעשקעסן האָבן זיי באַלד באשעפטיקט ביי זיין פאַך, אַזוי אויך באַפרייט די האַנדווערקער. די איבעריקע זעכציק יידן האָבן זיי ארויפגעלאָדן אויף אַ לאַסט אויטאָ און זיי אָפּגעפירט אין אַן אונבאַקאַנטער ריכטונג. גויים האָבן דערנאָך דערציילט, אַז מ׳האָט זיי צעשאָסן אין פיליקער וואַלד.

נישט אַלע נעמען געדענק איך. וועמען כ׳געדענק וועל איך דאָ דערמאָנען און זאָלן מיר זיי נישט פאַרגעסן.

1. שייקע קאַם
2. הערשל קאַם (זיין ברודער)
3. טאָליע קאַפּלאַנסקי
4. מייטשעק קאַפּלאַנסקי (זיין ברודער)
5. משה׳ל פלאַנסקי (סענדער׳ס זון)
6. הלקע כארבלאַוואָסקיס זון (א סטודענט)
7. יאַנאַס וויינשטיין — אַן אַדוואָקאַט
8. שמשון קאַש
9. יעקב וואַלטשיק (א לערער, זלמן קאַנס איידעם)
10. אַלטער מוזיקאַנט (שייע׳ס ברודער)
11. זעלצער (א לערער, יאַסקולסקיס איידעם)
12. שמואליק לעווין (ליבעס שוואָגער)
13. חיים איטשע געווירץ
14. איטשע באקענשטיין (אַ רעסטאָראַן נעבן באַן)
15. יענקיל בזשעזשינסקי
16. יוסף קאַץ (דער באַוווסטער לערער).

די אנדערע קדושים געדענק איך ליידער נישט. מיין זכרון האָט זיינע באגרענעצונגען. כ׳באַמי זיך איבערגעבן כאָטש די נעמען וועלכע כ׳געדענק

באַשטימט, און זאָל בלייבן הייליק זייער אָנדענק ביי אונדז ביעלסקער ווו מיר זענען.

אין צוויי טעג שפּעטער האָבן זיי ארויסגענומען נאָך 7 מאַן, פון וועלכע כ׳געדענק נאָר דעם אַלטן געווירץ און דער מאלער איטשע ווארנע. אַלץ מיטן תירוץ אַז זיי זענען קאָמוניסטן האָבן זיי זיי דערשאָסן.

אין אַ 10 טעג ארום האָבן זיי ארויסגענומען צען קריסטן און אויך זיי דערשאָסן, ווייזט אויס געווען חסידי אומות העולם און געמוסרט די פּאָליאַקן פאר זייער מיטארבעטן מיט די רוצחים, האָבן זיי באַצאָלט מיטן לעבן. צווישן זיי איז געווען דער ערלעכער און פיינער קסיאָנדז אונדזערער, בארוואסקי און דער לעצטער ביעלסקער בירגערמייסטער סענאטאָר ערדמאַן.

אין דער גרופּע פון די ערשטע זעכציק קדושים איז אויך געווען שלמה עפּשטיין. אים האָבן די רוצחים איבערגעלאָזט און נאָמינירט אַלס עלטסטן פון יודן־ראַט. ער האָט גערעדט דייטש נאָך פון זיין שטודיום אין שווייץ און זיי האָבן אים באדארפט האָבן.

שלמקע עפּשטיין האָט לויט זייער אויפטראג אָרגאניזירט א יודן־ראַט פון פּאָלנדיקע מיטגלידער:

אייזענשטאט

יעקב גאלאנט

קלמן פריידקיס

חיים יונה אַבראמאָוויטש (בזשעזשינסקיס שוואָגער)

מענדל בעקערמאַן (בזשעזשינסקיס איידעם)

גראיעווער (בורדעס איידעם)

יעקב עלבערג (מיין געוועזענער שותף)

ס׳זענען געווען נאָך אייניקע מיטגלידער, אָבער ווידער דאָס זעלבע — כ׳ווייס נישט פאַרוואָס כ׳געדענק זיי נישט. מיר דאַרפן געדענקען מיט כבוד זייערע הייליקע נעמען. די ביעלסקער מיטגלידער פון יידן־ראט האָבן דאָס כשר פּאַרדינט. הייליק זענען זיי געווען ביז צום לעצטן אָטעמצוג. ביעלסקער יידן־ראַט האָט זיך מקריב געווען פאַר יעדן ייד. כבוד זייער אָנדענק.

דאָ האָט זיך באַלד אָנגעפאנגען א סדרה שקלאַפעריי און צוואנגס ארבעט. דער יודנראט האָט געמוזט צושטעלן קנעכט פאַר בזיונותדיקע דערנידעריקנדיקע ארבעטן. טאָג טעגלעך האָט ער געמוזט ארויפלייגן קאָנטריבוציעס, טאָג־טעגלעך זענען געפלויגן נייע גזרות. איינע שווערער און פארצווייפלדיקער פון דער צווייטער.

דעם ערשטן טאָג האָבן זיי געדארפט צוזאמענשטעלן 10 פונט גאָלד. יידן האָבן פון זיך אויסגעטון גאָלד און זילבער. יעדער האָט זיך געמוזט שיידן מיט טרערן נעבעך פון קדושין־רינגל, פון אוירנגלעך, וואָס זענען א ירושה־געדע־כעניש פון דורות, די באָבעס זייגערלעך אָדער דער מאמעס בראָש. אָבער דעם צווייטן טאָג האָט זיך אָנגעפאַנגען פונדאָסניי. דאצו זענען צוגעקומען די פליכטן פון באַקליידן אונדזערע אייגענע מערדער, זיי זאָלן חלילה זיך נישט צוקילן אין דער קעלט. מ׳האָט געמוזט אויסטון שטיוול, וואַליקעס, פעלצן פוטער און

זיי אַוועקגעבן. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן, מיר זענען געווען נאַקעט און באָרוועס אין די קעלטן, אָבער זיי, די דייטשישע מערדער, האָבן מיר געדאַרפט פעסטען.

אזוי זענען אָפגעפלאָסן טעג, וואָכן, מאָנאַטן. צוויי יאָר צייט פון קרבנות שקלאַפעריי און קאָנטריבוציעס. דאַן האָבן זיי געשאפן דעם געטאָ. סעפּטעמבער 1940 האָבן זיי אים אויפגעשטעלט און אים אויסגענוצט צו אונדזער פארדרענגונג און אויסראָטונג ביז נאָוועמבער 1942. ביז דעם אומקום פון אונדזערע קדושים.

דער געטאָ האָט זיך פונאנדערגעצויגן אין געציילטע גאַסן, ווו מיר זענען געווען פארזיגלט און פארקלאַפט.

אין דעם „יפה עיניים” בית המדרש האָט זיך געפונען דער יודנראט. דער פלאַץ ארום דעם בית המדרש, די נאָענטע צו אים געסלעך מיט דער יאגעלאָנסקי גאַס, און נעבן דער באָד גאס און די גאַס ווו די קצבים האָבן געוווינט, אַ גאַנץ קליינער שטח פון ביעלסק. א פערטל פון דער שטאָט, איז פארברענט געוואָרן אָנהויבנדיק פון וואלדמאן, זאבלודאָווסקי, מאטיעלאוו, פארבער און גאַנץ קאָפערניקא, איז פארברענט געוואָרן און א טייל פון דער זאַמקאָווסקער גאַס. אַזוי ארום האָט מען די יידן. דעם „יידישן ישוב” משטיינס געזאָגט, קאָנצענטרירט אין א זער באגרענעצטן פלאַץ.

דער הונגער, די נויט איז געוואָרן פון טאָג־צו־טאָג גרעסער. מענטשן האָבן אויספארקויפט וואָס מ׳האָט געהאַט און פארמאָגט. און ס׳איז נאָר געבליבן זיצן און וואַרטן אויף נסים. אויב נישט אויפן גיכן טויט.

אַזוי האָבן זיך געצויגן גסיסהדיקע טעג ביז דאָס שרעקלעכסטע איז געקומען.

דאָנערשטיק 5 אזייגער פארנאכט, אָנפאַנג אָקטאָבער 1942, האָב איך פאַרלאָזט דעם געטאָ און געפאָרן קיין בריאנסק צו מיינע עלטערן. כ׳האָב פארזיכערט מיין פרוי, אַז נאָך שבת קום איך זי נעמען, נאָך דעם וואָס כ׳וועל צוגרייטן אַן אָרט פאר אונדז. זי האָט מיך באַגלייט ביז צום טויער, האלטנדיק אונדזער טעכטערל אויף אירע הענט.

אין דריי טעג ארום האָבן מיר באקומען א ידיעה פון ביאליסטאָק, אַז אין דער נאכט וועט דער געטאָ געשלאָסן ווערן. אַ שרעקלעכער פחד האָט שווער זיך געלייגט אויף אַלעמענס געמיטער, די מורא, וואָס איז באפאלן די געטאָ איינוווינער האָט געבראכט מענטשן צו וואנזין. מען איז געלאָפן, איינער צום צווייטן איז געלאָפן, אפשר ווייסט ער עפּעס איינצלהייטן, אפשר איז נאָך דאָ אַ פונק פון האָפענונג, אפילו די אזוי גערופענע אייביקע אָפטימיסטן זענען צעבראָכן געוואָרן, אַרומגעגאנגען ווי שאָטנס און וויסטיק געשוויגן. יעדער האָט זער גוט געוווּסט, וואָס מיינט די ידיעה.

ווי נאָר די נאַכט פון זונטיק איז צוגעפאלן, האָט מען דערהערט פלוצים אַ שטאַרקן גערויש פון לאסט וואָגנס, וואָס האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט. דאָס גערויש פון די ליידיקע אונטערטאנצנדיקע מאַשינען האָט זיך ארייַנגעקריצט אין די מיט פחד אָנגעפילטע נשמות. ס׳איז געווען פינצטער, די ליכט פון די מאשינען האָבן זיי אויסגעלאָשן. ס׳האָבן זיך נאָר געהערט סקיפעריי פון קייטן, רעסארן און ספרענזשינעס. די שווערע לאסט כלים האָבן געקרעכצט און

ווילדע קולות פון צעווילדעוועטע בלוט־דאָרשטיקע צעיושעטע מענטשן־חיות האָבן זיי באַגלייט. אזוי האָבן זיי זיך דערנענטערט אַלץ נאָענטער און נאָענטער צו דער שטאָט, צו דעם געטאָ. זייענדיק שוין אייניקע מעטער פון געטאָ האָבן זיי אָנגעהויבן מיט א שיסעריי, געדיכטע זאַלבן, האָגל פון קוילן זענען געפאלן און צוזאמען געדונערט אונאויפערלעך, פחדימדיק. באַלד זענען געפאלן העכער אַ צענדליק קרבנות, מאַמעס מיט קינדערלעך אויף די הענט, עלטערן אַלטע, וואָס האָבן ארויסגעקוקט זייערע שטארקערע משפחה מיטגלידער זאָלן קומען מיט גוטע הילף, זענען געפאלן די ערשטע. די נאַכט האָט צוגעגעבן סודות צום סוד פון טויט, אָבער מיטן זון אויפגאנג האָט מען שוין געזען און געוווסט, ווער זענען געווען די קרבנות. מ׳האָט זיי נישט געקאָנט ברענגען צו קבר ישראל, מ׳האָט זיי באערדיקט אין געטאָ אין א ווינקל.

כ׳האָב באַלד אַוועקגעשיקט א באקאנטן פויער, ווען כ׳האָב מיט שווע־רער מי אויסגעפונען און פארשטענדיקט. ער זאָל פאָרן קיין ביעלסק, אפשר וועט ער זיך קאָנען פארשטענדיקן מיט מיין פרוי און איר אויפקלערן, פארוואָס כ׳האָב זיך פארשפעטיקט צו קומען זי נעמען א. א. וו.

דער פויער האָט זיך אומגעקערט און מיר איבערגעגעבן די ביטערע בשורה, אַז ביעלסקער געטאָ איז אַרומגערינגלט מיט דאָפּלטע רייען פון געסטאַפּאָווצעס און פוילישע בלוטהונטישע פּאָליציי־מענער און ס׳איז אוממעגלעך אפילו זיך דערנענטערן צום געטאָ. קיין וועג נישטאָ.

פון זונטיק ביז שבת האָבן זיי געהאלטן דעם בריאנסקער געטאָ פארשפארט און איזאָלירט. שבת האָבן זיי באפוילן הונדערטער פויערן זאָלן קומען מיט די וואָגנס געשפאנטע און זיי האָבן מערדערלעך אַריינגעשפאַרט אין זיי אלע יידן, דאָס גאנצע שטעטל, און זיי פארפירט אין ביעלסקער געטאָ.

דאָס זעלבע האָבן זיי געמאכט מיט באטקער און אָרלער געטאָס. אַלץ טראַנספּאָרטירט קיין ביעלסק. דאָס האָט מיר איבערגעגעבן די פרוי פון מעכאניק, וואָס האָט ביי אונדז געארבעט לאנגע יאָרן. נאָכדעם וואָס כ׳בין באפרייט געוואָרן.

זי האָט דערציילט :

די דייטשן האָבן צעלאָזט אַ קלאַנג אין ביעלסקער געטאָ, אַז מ׳גייט איבער־פירן די יידן אין אַרבעטספלעצער אויף אַרבעט. יידן, האָבן זיי געזאָגט, מעגן נעמען מיט זיך וואָס זיי קאָנען און זיין גרייט אָנצוהויבן אַ לעבן פון פּראָדוק־טיווער אַרבעט.

יידן האָבן געמאכט פּלעצאקעס פון וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט. גענומען וואָס מ׳האָט געהאט און זיך געלאָזט אין וועג אריין. ווען זיי זענען ארויס פון די הייזער, האָט מען זיי אויסגעשטעלט אין רייען און געפירט דורך דער זאמקאָווער גאַס צו דער באַן. אויפן פּעראָן, ווען אלע יידן זענען שוין געווען פארזאמלט, האָט מען זיי אָפּגעשניטן מיט מעסערס די שטריק פון די פּלעצאקעס און די לעצטע האָפנונגס־פּעקלעך זענען אראָפּגעפאלן פון זייערע פּלייצעס און געבליבן אויפן פּעראָן פאר די רויבער מעט זייערע ביליקע, שמוציקע פוילישע אונטער־

העלפער, וואָס האָבן פארקויפט זייער פינצטערע נשמה פאר אן אלט קליידל און א פּאָר וועטעשנע הויזן.

דאָ האָט מען אַלע יידן איינגעפּאַקט־פארלאָדן אין פערד וואגאָנען. צו צוויי הונדערט אין א קליין וואַגאָנדעלע, וואָס איז געווען געבויט פאר 8 פערד. אָן עסן און אָן טריקען האָט מען זיי אַריינגעפּרעסט אלט־און־יונג, ווייב־און־מאַן, ווי הערינג אין א פאַס.

אין די וואגאָנען האָבן הונדערטער יידן גלייך געפונען זייער טויט. די איבעריקע האָבן זיי פאַרפירט אין טויטן לאַגער פון טרעבלינקע.

דער סוף פון אַלע פוילישע יידן איז געווען אויך דער סוף פון אונדזערע ביעלסקער פרויען, קינדערלעך, ברידער, שוועסטער, עלטערן און חברים.

ווי קאָן מען שווייגן ? ווי קאָן מען פארגעסן ?

## א קוק אויף ביעלסק

נאָך דעם שרעקלעכן טויט פון אונדזערע טייערסטע, בין איך אוועק אין די וועלדער. אַליין, עלנט, ווי א פאריאָגטע חיה, האָב איך זיך אויפגעהאַלטן אין פארשידענע באַהעלטענישן פון די וואלד געדיכטענישן און אין פעלדער, געזוכט מיט וואָס צו דערהאלטן די נשמה און איבערגעאנגען אַ פריוואַטן גיהינום פון איינזאמקייט, הונגער, פּחד און ווייטיק.

צוויי יאָר האָב איך זיך אזוי געוואלגערט אין שמוץ און קעלט, אין נויט און פּחד פארן מענטשן — די ערגסטע חיה אויף דער וועלט.

זומער 1944 איז געקומען די באפרייונג.

אַ וואָך נאָך דער באפרייונג בין איך אין א שענעם העלן, מילדן זומער טאָג אַוועק קיין ביעלסק.

פינצטערניש פון טויט, שטילקייט פון פארניכטונג, וויסטע, פוסטקייט האָט געהערשט אין דער פארוואַרלאָזטער שטאָט ביעלסק.

די גאַסן ליידיקע, די שטובער שטומע. א טרויער קוקט ארויס פון די פענצטער און טירן. שטובער טרימער, חורבות און קיין ייד זעט מען נישט.

כ׳בין אינסטינקטיוו אַוועק צו דער עלעקטראָווניע, ווו כ׳האָב מיינע 15 גוטע יאָרן פאַרבראַכט און כ׳האָב געטראָפן וואָס כ׳האָב דערוואַרט צו טרעפן און די וואָס כ׳האָב זער נישט געוואָלט טרעפן. דער זעלבער מעכאניק, דאָס זעלבע ביוראָ, דאָס זעלבע הויז, די זעלבע שכנים, אָבער נישט מיינע טייערע טייערסטע יידן.

נישטאָ מער קיין יידישע עלעקטראָ קליעטנן, נישטאָ מער מיינע שותפים, מיינע יידן, מיינע פריינד.

עלנט איז אונדזער שטעטל. אָן יידן תפלות זאָגער, אָן בתי־מדרשים, אָן יידישקייט, אָן שולן. נישטאָ קיין יידישע פּאַרטייען, נישטאָ קיין קהלה. אַלץ איז אַוועק מיט רויך פון גאַזן און מערדערלעכן פּיין. אַוועק ווי קיימנאָל נישט געוועזן.

כ׳האָב זיך דאָ, אין מיין טייערער שטאָט, דערפילט איינזאם, עלנט, מער

ווי אין די וועלדער. אויף יעדן געסל און פון יעדער שטוב האָט געלויערט אויף מיר טויט־שנאה פון רויבערס, וואָס האָבן מורא טאָמער בלייב איך לעבן און נעם אָפּ ביי זיי זייער רויב.

יידן האָבן אַ טעות ווען זיי מיינען, אַז גויים וועלן חרטה האָבן. נאָך דעם ווי זיי האָבן געזעען אַז אַנטיסעמיטיזם נוצט תמיד ווי אַ אנלאָקונג, כדי זיי איינצושלעפערן, מיינען יידן, וועלן זיי מאכן דעם אויספּיר, אַז מ׳דאַרף שאַצן יידן און מ׳דארף זיי אומקערן צו זייערע פלעצער און צו זייער פאַרמעגן.

אַ טעות. גויים זענען בלוט חיות, זיי האָבן אויך היינט ווי תמיד הנאה פון בלוט פון שוואַכערע פון זיי און ספּעציעל פון דעם בלוט פון דעם שוואכסטן פאָלק אין דער וועלט — פון יידיש בלוט.

אַ טעות.

מ׳דאַרף זיין שטאַרק. מ׳דאַרף געדענקען נישט אזוי נקמה צו נעמען, ווי אַ ביישפּיל זיך צו נעמען: אַז אַלץ קאָן זיך אומקערן. ספּעציעל איצט, ווען די פּאָליאקן, אוקראַינער, ליטואַנער און רוסן, אין זייער פינצטערניש, זענען גליקלעך מיט דעם רויב פון יידיש האָב און גוטס, וועלן זיי ווייטער וואַרטן אויף אַזאַ געלעגנהייט. דער ביישפּיל איז: געדענקען און זיין שטאַרק. נאָך שטאַרקער און נישט פאַרלאָזן זיך אויף גויים.

און געדענקען אונדזערע קדושים, ווייל מיט זייער הייליקן טויט קאָנען מיר דאָס ארויסלערנען די לעבנס לערע אונדזערע. געדענקען, שרייבן ביכער און זיין שטאַרק.



ביעלסקער פארבליבענע ברענגען צו קבורה יידישע ביינער פון ברידער קבר

מיכאל דאַווידאָוויטש

# פון געטא ביעלסק — ביאַליסטאָק ביז אושוויץ—בירקענאו

## פאַר געטאָ טעג

מען האָט געהערט אין ראַדיאָ אַז דער דייטש גרייפט שטאַרק אָן פוילן און די מלחמה שטימונג אין שטאָט האָט דערגרייכט כמעט צו א פּאַניק. די פאניק איז נאָך מער געוואַקסן ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן שטעט און שטעטלעך מיט בירגער. ענדע סעפּטעמבער 1939 זענען זיי דערגאנגען ביז ביעלסק. דאַן איז געוואָרן דער אָפּמאַך צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד וועגן צעטיילן זיך מיט פוילן און אין א 4 וואָכן שפּעטער האָבן די דייטשן אָפּגעטראָטן און אָנשטאָט זיי איז אַריינגעקומען די רוסישע אַרמיי.

אין די 3—4 וואָכן פון דער דייטשער אָנוועזנהייט אין שטאָט האָבן זיי די באַפעלקערונג גאָר נישט געטון. די עטלעכע וואָכן איז פונקט אויסגעקומען ראש השנה און יום כיפור און אַלעס איז געבליבן ווי געווען. זיי האָבן גאָר נישט געענדערט און קיינעם נישט געטשעפּעט. די רוסן זענען ביי אונדז געווען אַנדערטהאַלבן יאָר.

ביי די ערשטע דייטשישע אָנגריפן אויף פוילן און זייער באָמבאַרדירונג אויף די פּוילישע שטעט האָט אויך אונדזער שטאָט געליטן. זיי האָבן צעשטערט דאַן די קאַזאַרמעס און איין בית מדרש. איך בין דאַן אַלט געווען א 20 יאָר. ביי די רוסן האָב איך געאַרבעט אַלס שוסטער. אויך ביי די דייטשן האָב איך געאַרבעט ביי מיין פאַך, אויך ווען עס האָט זיך געשאַפן דער געטאָ האָב איך געאַרבעט פאַר זיי שוסטעריי. איך האָב פאַר זיי געמאַכט שיך, שטיוול אד״ג. איך האָב געאַרבעט נאָרמאַל און באַקומען אויך באַצאָלט. דער יודנראַט וואָס האָט זיך געשאַפן האָט באַדאַרפן צושטעלן די לעדער און די גאַנצע שוסטעראַרבעט איז געמאַכט געוואָרן פאַר די הויכע אָפיצערן אין געסטאַפּאָ. די לעדער און צודאַטן צו די אַלע שיכוואַרג איז געשמוגעלט געוואָרן פון דרויסן. געלט ווי עס ווייזט אויס האָט ביי יידן נישט געפעלט און יעדער איינער האָט געגעבן זיין חלק אויף דעם צוועק. אָנשטאָט שטייערן פאַר די דייטשן האָבן זיי צוגעשטעלט לעדער־אויסאַרבייטונג. אַזוי אַרום האָט מען אויך אונטערגעקויפט די אָנפירער זיי זאָלן אונדז פאַרלייכטערן דאָס לעבן. פון לעדער־סחורה וואָס איך האָב באַקומען צום אויסאַרבעטן שוכוואַרג, האָב איך זיך אויסקאָמבינירט אַזוי, אַז עס זאָל אויך בלייבן עפּעס פאַר מיר. דערפון האָב איך אויך געקאָנט פאַרלייכטערן אַביסל זיך אַליין. צו דער יודנראַט האָט געוווּסט דערפון, אָדער נישט, ווייס איך נישט. אָבער א פאַקט איז, אַז אַלע האָבן אַזוי געטאָן. עס איז געווען שווער צו קאָנטראָלירן די קאָמבינאַציעס. יעדער איינער האָט אַזוי געלעבט. מיר האָבן אויך אַלץ געגלויבט, אַז מיט דעם וואָס מיר טוען פאַר זיי וועלן מיר זיך ראַטעווען. נישט נאָר שוכוואַרג האָט מען זיי צוגעשטעלט

נאָר אַלצדינג וואָס זיי האָבן געפּאָדערט, גאָלד, זילבער, געלט, קאָנטריבוציעס. ס׳איז נישט געווען קיין פראַגע מ׳זאָל זייערע פאָדערונגען נישט דערפילן. געווען אויך פאַרמעגלעכע יידן אין שטאָט, זיי האָבן געלאָזט פאַר זיך מאַכן עפּעס וואָס פון שוכוואַרג און הלבשה, און האָבן פאַר דעם באַצאָלט. געלט איז דעמאָלט געווען אין אומגאַנג נאָר דייטשע.

### דער אָנהויב פון געטאָ

דער געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן אין 1942. דאָס לעבן שפּעטער איז געווען אומנאָרמאַל און טרויעריק. יעדער איינער האָט געקעמפּט פאַר זיין עקזיסטענץ ווי אַזוי נאָר ער האָט געקאָנט. ווער עס האָט געהאַט ווי מ׳זאָגט מזל און אויסדויער און אַ ביסעלע מזל דערצו האָט נאָך ווי עס איז געקאָנט לעבן. מערסטנטייל יידן האָבן געלעבט אין דחקות און אין שרעקלעכער נויט און דער יודנראַט האָט געהאַט די פליכט זיי צו העלפן. אין יודנראַט זענען געזעסן פאַבריקאַנטן, סוחרים און סתם אינטעליגענטן.

איידער זיי האָבן אויפגעשטעלט דעם געטאָ האָבן מיר געאַרבעט ביי פלאַס־טערן שאָסעען, רייניקן די גאַסן, אָדער אויפשטעלן באַראַקן.

### אַרבעט און צוואַנגס-אַרבעט

ביעלסק האָט געהאַט אַ פליכט צוצושטעלן אַ געוויסן קוואַנטום פון אַרבע־טער און מיר האָבן געמוזט זאָרגן דערפאַר, אַז די אַרבעט זאָל אָנגיין. אויך דאַן, אין יענער אומגליקלעכער לאַגע האָט אַ ייד, אַ רייכער, אויב זיין לאַגע איז געווען גוט, ער האָט געמאַכט געלט פון גוטער אַרבעט אָדער שמוגעל־מסחר האָט ער נישט געדאַרפט גיין צו צוואַנגסאַרבעט. מיר פלעגן נעמען אויף זיין פּלאַץ אַ יידן, אָן אָרעמען, וואָס פלעגט אַרבעטן פאַר אים און קריגן געלט דערפאַר. די ווידער וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן, האָבן פיל פון זיי צוגעאַרבעט זייטיקע שטיקלעך אַרבעט און זיך צופאַרדינט צוביסלעך.

מ׳מוז אויך אונטערשיידן צווישן צוויי סאָרטן אַרבעט. די אויבן דערמאָנטע האָט נישט געהייסן צוואַנגס אַרבעט. ווייל די יידן האָבן זיי צוגעשטעלט אָרגאַניזירטערהייט, די „צוואַנג״ איז נישט געווען דאָ, אין דעם פאַל, בולט און אַנזעעבאַר, הגם ס׳איז געווען אויפגעצוווּנגען דורך די אָקופּאַנטן. צוואַנגס אַרבעט, אָפּענע צוואַנג פון אַרבעט, איז געווען די צווייטע אַרבעט, די וועלכע די דייטשן האָבן זיך אַליין איינגעאָרדנט. זיי פלעגן גיין אין די גאַסן און פאַרכאַפּן אַלע יידן, וואָס זיי האָבן געטראָפן אין גאַס, זיי פאַרשלעפּן אין פאַר־שיידענע פּלעצער און אויפצווינגען צו אַרבעטע פאַרשיידענע אַרבעט.

אַזעלכע פאַרכאַפּטע צוואַנגס קענכט האָבן געמוזט זיך צושטעלן אין אָנ־געוויזענע ערטער און פון דאָרט אוועקגיין אַרבעטן, אַמאָל אַ וואָך, אַמאָל צוויי וואָכן דורכאַנאַנד און אהיימקומען איין מאָל אין וואָך. איינמאָל אין צוויי וואכן צו זייערע פאַרצווייפלטע משפחות. לויט דער דאָפּעלטער סיסטעם איז אויס־געקומען אַז כמעט אַלע יידן האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן צוואַנגסמעסיק, נישט באַצאָלט און נישט לויטן אייגענעם ווילן אָדער מעגלעכקייט.

אין שטאָט איז געווען אויסגעארבעט א ליסטע פון ארבעטסקראפט, וואָס האָט ארומגענומען אלע מענער און איז געווען פארטיילט פארשידנארטיק, לויט דעם אלטער, פעאיקייט, פאַך א. א. וו. אזוי האָבן מיר געקאָנט אויסשטיין די דייטשע מערדערלעכע קאַפּריזן און זיי צושטעלן מענטשן לויט'ן באַדאַרף, און מ'מוז צוגעבן, אז נישט שטענדיק האָט דאָ געהערשט די גערעכטיקייט, נישט ביים אופן פון פארטיילן די מענטשן און נישט ביים פירן די טעג־ליסטע.ליידער זענען אויך דאָ געווען אַזעלכע, וואָס האָבן גענאָסן פון א מין פּראָטעקציע רעפּאָרם, וואָס נישט שטענדיק האָסטו זי געקאָנט נאָכפאָלגן. אזוי איז עס. מענטשן זענען נישט מער ווי מענטשן. אויך די אַרבעטס־פּאַרטיילער. זיי פלעגן דאָס יעדע צוויי וואָכן אויסארבעטן א ליסטע פון מענטשן, ארויפהענגען די ליסטע און לויט דעם זענען די מענטשן ארויס צו דער אַרבעט.

לויט דער ארבעט זענען די יידן דערנאָך פאַרעכנט געוואָרן אלס לעגאלע געטאָ־בירגער און מ'שטיינס געזאָגט, געהאט רעכט צו די שפּייז קאַרטן. ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אז די וואָס האָבן זיך ארויסגעדרייט פון ארבעט האָבן פאר־לוירן זייערע רעכט אין געטאָ און נישט גענאָלט געניסן פון די שפּייז־קארטן. וויאזוי ס'האָבן זיך שפּעטער אזוי געמערט די געטאָ איינוווינער און די שפּייז־קאַרטן באַרעכטיקטע, ווייסט איין גאָט דעם אמת. יידן האָבן געפינען מיט זייער כאבאר אויך וועגן צו די דייטשישע מערדערלעכע אנטיסעמיטן־פאַנאַטיקער.

מ'דאַרף נישט פארגעסן, אז ס'איז נישט געווען אזוי פשוט זיך ארויס־דרייען פון דעם אונלעגאלן סטאטוס און דאָך... די דייטשן האָבן געפירט א גענויע ליסטע פון די וואָס האָבן געארבעט און אפילו זיי ארויסגעגעבן נאָמינאַלע אידענטירונגס־קאַרטן, דאָך האָט זיך פלוצים אַלאָז געטון א שטראָם פון יידן אין געטאָ אריין. די דייטשן האָבן דאָס באמערקט און ס'איז געווען א גרויסע סכנה, אז די צוגעקומענע יידן זאָלן ארויסגעטריבן ווערן פון געטאָ, פון שטאָט און בלייבן אָן שפּייז־רעכט. דאָך, ווי געזאָגט, זענען זער פיל פון די געבליבן און גענאָסן פון אלע רעכט. א טייל זענען טאַקע אוועקגעשיקט געוואָרן, ווער ווייסט וווהין, או אַ טייל פון די בנס־געבליבענע זענען געוואָרן אויסגעוויזן אויף הונגער און נויט.

מיר האָבן אלע געהאט א געפיל, אז מ'וועט אויסארבעטן א יידן רעזשים, מ'וועט אויסוועלן א יידישע פאָרשטייערשאַפט, מ'וועט אויסנוצן יידן געגן יידן און מיר האָבן זער זיך געשראָקן פאר דעם. אָבער ביים פיקסירן די ליסטע פון די געטאָ־רעכטס־האָבער האָט דער יודנראט ווייז אויס, א סך אונטערגעהאָלפן. למשל מיין ברודער. פארן אריינגיין אין געטאָ האָט מען געמאַכט יעדן טאָג א ציילונגס־פאראד. יעדן פארשריבענעם אויסגערופן און מיט אַ זיכערער און קלאָרער ליסטע איז מען אריין אין געטאָ. ווען מ'האָט געזעען אין פאראד א „נישט לעגאלן" האָט מען אים געכאפּט און אוועקגעפירט. ווי אזוי מיין ברודער איז אריין און איז געוואָרן לעגאל ווייס איך נישט. מ'האָט דאָך יעדן איינעם קאָנטראָלירט מיט דער אידענט־קארטע. דאָך איז ער אריבער און פארבליבן מיט אלע ביעלסקער אין געטאָ. דער עלטערער ברודער האָט פשוט גענומען א קארטע ביי אַן איוואַליד, אריין צווישן די לעגאליזירטע און צוריק זיך ארי־

בערגעשמוגלט צו דעם אינוואליד.

אלע ארבעטן אין געצוואַנג זענען געמאַכט געוואָרן פאר די דייטשן, פאר זייערע פרויען און וווינונגען. מיר פלעגן רייניקן די שטיבער זייערע, פוצן זייערע קליידער, פארקערן די גאסן נעבן די שטיבער.

ס׳זענען אויך געווען ביוראָ ארבעטן, ווער ס׳האָט נאָר געקאָנט האָט זיי געמאַכט, ביוראָווע פונקציעס אזעלכע.

ס׳זענען געווען פאלן ווען די דייטשישע פרויען האָבן באַצאָלט פאר דער ארבעט, אייניקע יידן האָבן אפילו גאנץ גוט צוגעפארדינט, אָך־און־ווײ־די־יאָר, געווען שמשים, וואַסער טרעגער, שטיוול פוצער און אנדערע געשיקערייען און געהאלטן דאָס פאר א גליק אין לעבן.

## ליקווידאציע פון געטאָ — דייטשישע מערדעריי

ווען די דייטשן האָבן אונדז אוועקגעפירט אין ביאליסטאָק האָבן זיי אונדז געפירט אין פארמאכטע מאשינען. די דייטשן האָבן אזוי ארויסגעפירט א 40 משפחות אין א גרויסע פאבריק אין ביאליסטאָק. דער פירער פון יודראט שלמה עפשטיין איז אויך געפאָרן מיט אונדז. פאר וואָס די דייטשן האָבן נאָר אים מיטגענומען פון גאַנצן יודנראַט. ווייס איך נישט. קאָן זיין, ווייל ער איז געווען דער עלטסטער פון יודנראט אין ביעלסק. פון דאן אָן ווייסן מיר פון אים גאָר נישט.

מיר זענען געקומען אין ביאליסטאָק סוף 1942 — יום טובים צייט. מיר זענען דאָרט געווען א דריי מאָנאַט. אין דער צייט האָבן די דייטשן ליקווידירט דעם געטאָ און די גאנצע יידישע באפעלקערונג אריבערגעפירט אין טרעבלינ־קא. א חוץ די 40 פאמיליעס וועלכע זענען געווען אין ביאליסטאָק איז פון די ביעלסקער קיינער נישט געבליבן. אלע איבעריקע זענען געווען אין אן אנדער לאגער. מיט מיר איז געבליבן דאָקטאָר אייזנשטאַדט, מיט צוויי יאָר צוריק איז ער דאָ אין לאנד געשטאָרבן. די אלע אנדערע וואָס האָבן זיך געראטעוועט זענען געווען די פארשיקטע און אַנטלאָפענע קיין רוסלאַנד. בּישט ווייניק פון די וועל־כע האָבן געדינט די רוסן אין דער צייט פון דער רוסישער אָקופאציע ווי אויך פּאָליטישע קאָמוניסטן פון באוווסטזיין געווען פארשיידענע סיבות ביי די, וועלכע זענען אוועק מיט די רוסן. איינער א פּאָליציסט ביי די רוסן א צווייטער אַ קאַסיערער פון באַנק א. ד. ג. די יידן, וועלכע זענען נישט געגאנגען מיט די רוסן בעת זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן פון פוילן, האָבן נישט געגלויבט, אז אזא טראגעדיע וועט געשען. קיינעם פון אונדז איז אפילו נישט אויפן גע־דאנק געקומען אזא חורבן אויף יידישע קעפּ און דערפאר איז דער גרעסטער טייל געבליבן זיצן אויף זייערע פלעצער און אין זייערע היימן. נאָך א זאַך, דאָס גאַנצע צוריקציען זיך פון די רוסן און ארייננטריט פון די דייטשן איז גע־קומען אזוי פלוצלינג, אז מענטשן האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו באַטראַכטן און אָפּשעצן די געשאפענע סיטואציע. ס׳איז געווען א צעמישונג אפילו מענטשן וואָס זענען שוין געווען אויף דער רוסישער זייט זענען צוריק געלאָפן צו אונדז אין דעם גיהינום אויף דער ערד. געווען אויך פאַלן פון אַזעלכע, וואָס

זענען געלאָפן אהין און אהער, וועלכע זענען אויף די וועגן אומגעקומען און קיינער ווייסט נישט ווו און ווען. ס׳איז טאקע געווען א גרויל־פּראָפּאגאנדע און ידיעות וואָס דייטשן האָבן געטאָן. מיר האָבן אָבער פאָרט זיך נישט גע־קאָנט פאָרשטעלן אז א קולטורעל פאָלק איז מסוגל אזעלכעס צו טון. צו מיינעם א שוואָגער איז געקומען אַן אַנטלאָפן פאָרפאָלק פון ווארשע, זיי האָבן דער־ציילט, אז מען כאפּט מענטשן און מ׳ווארפט זיי אריין אין וואגאָנען מיט קאלך. האָט מיין שוואָגער זיי אָבגעענפערט אז זיי זענען אפעריסטן, אז דאָס איז און־מעגלעך, אז דאָס וואָס זיי דערציילן איז שקר וכזב. דאָס פאָרפאָלק איז געווען צוריק געקומענע פון רוסישן שטח. נישט אַלעמען האָבן די רוסן ארייגעלאָזט צו זיי אין זייער שטח, אסאך זענען געווען געצוואונגען זיך אומצוקערן צוריק קיין פוילן.

א סאך האָבן זיך אומגעקערט צוליב דער סיבה, וואָס ביי יעדן אין הויז איז אַן עין הרע געווען גרויסע פאמיליעס מיט קינדער, אייגעזעסענע מיט פרנסות, עלטערן, שוועסטער, ברידער. שווער געווען זיך דעצידירן און נאָך שווערער אדורכפירן די בריחה, וועלכע איז אויך געווען א געוואלטיקע סכנה. מ׳האָט געדארפט ממש איינשטעלן דאָס לעבן, דערצו האָט מען זיך אָנגעהערט א סך גרוילטאַטן און נישט געהאַט קיין גרויס נחת פון די צוריקגעקומענע פונם רוסישן שטח, וועלכע מ׳האָט דאָרט נישט ווייניק געפייניקט. מענטשן האָבן דערציילט אז מ׳האָט געהונגערט און אויסגעגאנגען פון הונגער און קעלט. ווען די רוסן האָבן פארלאָזט און מיט זיי אסך פון דער יידישער באפעלקערונג, איז א טייל פון די אויסוואנדערער קיין רוסלאנד דאן צוריקגעקומען אין דייטשישן שטח. נישט נאָר אין ביעלסק, אין גאנץ פוילן פון דער דייטשישער אָקופּאציע. צענטליקער טויזענטער יידן זענען אריבער די גרענעצן פון רוסלאנד צוריק אין דייטשישן שטח. צווישן די אלע פריער אַנטלאָפענע פון דייטש קיין רוס־לאנד. דאָרטן האָבן זיי דערפילט אז ס׳איז אונמעגלעך צו פארבלייבן ביים לעבן האָבן זיי זיך אומגעקערט אין דייטשישן שטח.

דער צווייטער דייטשישער אריינמארש איז געווען, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, גאָר פלוצלינג און ס׳איז נישט געווען די מינדסטע מעגלעכקייט און קיין רעדע פון לויפן.

אזוי פלוצלינג. 3 א זייגער באגינען האָבן די דייטשן אָנגעהויבן באָמבאר־דירן. די באפעלקערונג האָט נישט געוווסט וואָס די באָמבעס מיינען, א טייל האָבן געזאָגט אז דאָס זענען מאַנעווערס, איבונגען א. ד. ג. איך בין געזעסן אנטקעגן דער גרויסער שול און דאָרטן איז געשטאַנען רוסיש מיליטער. איך קוק ארויס און איך גיב א זאָג מיין פרוי — א מלחמה! דאָס רוסישע מיליטער האָט נאַקעט און באָרוועס אָנגעהויבן לויפן; איך לויף ארויס אויפן גאַס, א סאמעטאָכע, חושך, מען באָמבארדירט. באלד האָט געטראָפן א באָמבע אין א ציווילער שטוב. דער רב איז געזעסן אין דער צייט ביי גרויז׳ינסקין — דער רב האָט געהייסן בן ציון בענדאס. ער האָט דאָ אין לאנד א טאָכטער מיט א זון. די באָמבע האָט דערהארגעט די טאָכטער פון יורקע גראדזינסקין. מען האָט איר געזוכט און בשעת מעשה נישט געקאָנט געפונען און שפּעטער

האָט מען זי אַרויסגענומען אַ טויטע. אַזוי זענען געפאַלן אַ סך מענטשן פון שטאָט. לויפן האָט מען שוין נישט געקאָנט, ווייל די דייטשן האָבן שוין אויך געשאָסן פון אַלע זייטן מיט אַרטילעריע און אַנדערע כלים. דער רבֿ האָט מער נישט געהאַט דעם פריערדיקן כּוח רוחני און די השפּעה אויף זיין עדת־ישׂראל. דאָס אַמאָליקע יידישן לעבן מיט אירע אינסטיטוציעס האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. גאָר אַנדערע אומגליקלעכע מענטשן פאַרשטייער האָבן פאַרטרעטן די יידישע שטאָט. עס האָט זיך געשאַפן אַ אַנדרלמוסיא אין יידישן לעבן. ס׳איז געוואָרן אַ הונגער. מענטשן האָבן אָנגעהויבן באַהאַלטן עסנוואַרג קודם כּל און דאַן אויך זאַכן, וואָס נאָר דער יידישער קאָפּ האָט געקאָנט אויסדענקען. מ׳האָט אָנגעהויבן שמוגלען. אַ טייל זענען געוואָרן אַרבעטלאָז, אַ טייל האָט יאָ געאַרבעט. על כּל פּנים אין דער ערשטער צייט איז געווען אַ תּוהו ובוהו.

אין געטאָ האָבן די אַלע זאַכן פון דעם אַמאָליקן לעבנס־שטייגער נישט עקזיסטירט. דעם רבֿ האָט מען נישט געלאָזט פאַלן, חלילה, מען האָט אים באַזאָרגט מיט מיטלען פון וואַנען ער זאָל קאָנען לעבן. אָבער דער רבֿ אַלס אינסטיטוציע איז אין דער צייט נישט געווען. נישט געווען קיין מענטש, וועלכן מען זאָל הערן, אָדער ער זאָל האָבן עפּעס וואָס אַ דעה ביי דער באַפעלקערונג אין געטאָ. עפּשטיין וואָס איז צום אָנפאַנג געווען דער עלטסטער אין יודנראַט איז געווען אַ יונגער. אַ סטודענט און אַ פעאיקער מענטש. אָבער ער האָט אויך נישט געהאַט קיין צו גרויסן איינפלוס אָדער מאַכט אויף די געטאָ־יידן. זיין אויפגאַבע איז געווען מער פאַר די דייטשן, ווי פאַר די יידן, ווי צושטעלן אַרבעטער א. ד. ג.

אחוץ דעם טאָג־טעגלעכן זאָרגן פאַר עסן זענען די מענטשן געווען דער־שלאָגן און אָפּגעלאָזט. אַ טייל מענטשן האָבן געאַרבעט, אַנדערע וועלכער האָבן נישט געאַרבעט און זיך אַרומגעדרייט ליידיק, האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַר־שיידענע אַנדערע דאגות.

שרעקלעך איז געווען די לאַגע פון די קינדערלעך. זיי האָבן נישט געטון גאָר נישט. אויך זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט פּוסט; מערסטנטייל האָט מען אויסגענוצט די קינדער, זיי זאָלן אַריבערגיין צו די גויים און עפּעס אַריינ־שמוגלען אין געטאָ אַריין און עלטערן האָבן דערפון זיך דערנערט. געווען אַזעלכע קינדער, אויך עלטערע, וועמענס אויסערלעכער אויסזען איז געווען ווי אַ גויישער און די האָבן זיך אויסגעמישט מיט די גויים און געפלעגט אַריינ־ברענגען אין געטאָ פּראָוויאַנט. עס איז געווען איינער, וועלכער האָט געפלעגט ברייגגען מעל, בוימל, פלייש און אפילו לעבעדיקע בהמות. מענטשן פלעגן ריזיקירן ממש מיט זייער לעבן און דורכרייסן די הויכע צוימען, ווענט און פאַרקענס און אַריינברענגען וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט. צווישן די גויים זענען געווען יידישע באַקאַנטע וועלכע האָבן געהאָלפן שמוגלען, אָבער אויך אַזעלכע גויים, וועלכע האָבן פשוט געמאַכט געשעפטן מיט יידן פון די סחורות וואָס יידן האָבן זיי פאַרקויפט. פשוט מסחר.

אויך אין ביאַליסטאָק זענען מיר געווען אַלע און אַליין אין געטאָ. געווען דאָרטן אַמאָליקע שולען האָט מען אונדז אהין אַריינגעפירט. קאַלט איז געווען,

שרעקלעך און אונבאַהייצט. די ווענט פֿייכט פֿון פֿראָסט. יידן האָבן צוזאַמענגעזוכט שטרוי־זעק וועלכע די גבירים האָבן אַרויסגעוואָרפֿן, און אויף די זעק זענען מיר געלעגן. מיר האָבן געאַרבעט אין א פֿאַבריק אכט שעה אין טאָג. די אַרבעט איז געווען צוואַנגס־אַרבעט. פֿאַר דער אַרבעט האָבן מיר באַקומען עטלעכע גראָשנס א טאָג און דערפֿון האָבן מיר געלעבט. א חוץ דעם וואָס די דייטשן האָבן געטיילט אַמאָל א שטיקל וווּרשט. אויך האָבן מיר געפֿלעגט אַרבעטן איבערשטונדן ביי פּריוואַטע יידישע אונטערנעמער אין געטאָ און אַזוי אַרום צופֿאַרדינט א פּאָר גראָשן. בכלל איז געווען צו קויפֿן פֿאַרשיידענע שפּייז אַרטיקלען וואָס מען האָט אַריינגעשמוגלט אין געטאָ. די וועלכע האָבן געהאַט געלט אַפֿילו די וואָס האָבן נישט געאַרבעט, האָבן געקאָנט פֿאַר זייער געלט קויפֿן און לעבן.

די דייטשן, ווי געזאָגט, האָבן געצאָלט פֿאַר אונדזער אַרבעט, אָבער נישט אויף אַזוי ווייט, אַז מען זאָל פֿון זייער געהאַלט קאָנען מאַכן א לעבן. זיי האָבן געגעבן קאַרטן אויף פּאַרציעס ברויט אָבער מער נישט. די ברויט־קאַרטן זענען פֿאַרטיילט געוואָרן דורך די דײַטשן נישט פֿאַר ז׳י יידן אין געטאָ נאָר אויך פֿאַר קריסטלעכע באַפֿעלקערונג. דער וואָס האָט געהאַט די מעגלעכקייט, א חוץ דער דייטשער אַרבעט, צוצואַרבעטן און פֿאַרדינען. האָט נאָך ווי עס איז געקאָנט זיך דורכלעבן, אָבער ווייַ איז געווען דעם וואָס האָט נישט געהאַט אַ נעבן־פֿאַרדינסט, דער האָט געלעבט אין צרות. אויך איז געווען א מעגלעכקייט צו גנבענען פֿון דער פֿאַבריק שטיקלעך לעדער און פֿאַרקויפֿן. מען האָט געפֿלעגט האַנדלען מיט אַריינגעשמוגלטע סיגאַרעטן. יעדער איינער ווי נאָר ער האָט געהאַט דעם „חוש מסחרי״.

### מ׳פֿירט אונדז קיין אוישוויץ

אַזוי האָב איך געאַרבעט אין ביאַליסטאָק א דריי חדשים אין אָנפֿאַנג 1943 ביז איך טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ. אין אוישוויץ, ווי באַקאַנט, האָבן די דייטשן באַלד א טייל פֿון די אָנגעקומענע ליקווידירט ד. ה. פֿאַרברענט, א טייל געלאָזט אין די לאַגערן און א טייל געשיקט קיין דייטשלאַנד און טיף פּוילן אויף צוואַנגס אַרבעט.

באַלד אַזוי ווי די טראַנספּאָרטירטע זענען אַרויס פֿון די וואַגאָנען האָבן די דייטשן געשלאָגן און געשאָסן און שוין זענען געפֿאַלן קרבנות. זיי האָבן שפּעטער אַלעמען אויסגעשטעלט און געפֿרעגט יעדן וואָס איז זיין פֿאַך. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין א שוסטער־מייסטער — האָט ד׳ער ס.ס.־מאַן מיך אַוועקגעשטעלט אין א זייט. אין דער צייט האָבן די דייטשן אין אוישוויץ נאָך באַשעפֿטיקט די לעבן פֿאַרבליבענע מיט פֿאַרשיידענע אַרבעטן. איך, למשל, האָב געפֿלעגט שלעפּן שטיינער אָן א צוועק, אַהין און אַהער אבי נישט זיין אָן באַשעפֿטיקונג. שפּעטער האָבן זיי געבראַכט א טראַנספּאָרט פֿון ציגײַנער קיין בירקענאַו, נאָענט צו אוישוויץ, נאָך דעם וואָס זיי האָבן אונדז אַריבערגעפֿירט אַהין. דער אונטערשייד צווישן אוישוויץ און בירקענאַו איז געווען דער, אַז אוישוויץ האָט געהייסן אַן אַרבעטס־לאַגער ווו די געפֿאַנגענע האָבן צום טייל

טאַקע געאַרבעט און בירקענאַו איז געווען די קרעמאַטאָריע, דאָרטן האָבן די דייטשן אַריינגעבראַכט טראַנספּאָרטן פון מענטשן ממש צום ליקווידירן. אַזוי ווי די ציגיינער זענען אָנגעקומען אין בירקענאַו האָבן זיי באַדאַרפט די בלאָקן, האָט מען דערפאַר אַ טייל פון אונדז געשיקט צוריק קיין אוישוויץ. דער ציל פון די דייטשן איז געווען אומצוברענגען די יידן און ציגיינער. עס זענען געווען ציגיינער אויך אייראָפּעאישע, קולטורעלע, אָפיצירן און באַאַמטע אין דער דייטשער אַרמיי. דאָך האָט מען אויך זיי אומגעבראַכט. דער אונטערשייד איז נאָר געווען צווישן זיי און יידן, אַז יידן האָט מען אומגעבראַכט צוזאַמען מיט די פאַמיליעס. זיי נישט. מיר זענען געווען זער נאָנט צו די קרעמאַטאָריעס, מיר האָבן אַפילו געזען מענטשן, וועלכע מען האָט אַריינגעשיקט צום פאַרברענען און דער ריח פון די פאַרברענטע קערפּערס האָט זיך געפילט אַזוי ווי דער ריח פון די סטייקן פליייש, וואָס פילט זיך ביי אונדז אין שטעט אין די קיאָסקן. אַזוי איז געווען טאָג און נאַכט. ווען מען האָט אונדז אַריבערטראַנספּאָרטירט קיין אוישוויץ, דאָס איז געווען אַ 4 קילאָמעטער פון בירקענאַו. זענען שוין דאָרטן געווען לאַגערן און יעדער איינער איז געווען פאַרטיילט צו זיין אַרבעט. מיר זענען געווען אויסגעקליבן 80 מאַן פון אַ טראַנספּאָרט וואָס האָט געצעהלט אַפשר 2000 מענטשן. בעת די אָפּזונדערונג האָבן די דייטשן אונדז געגעבן אַ לעקציע פון גוטער אויפפירונג, ווי אַזוי מיר דאַרפן זיך פירן ביי יעדן אַפּעל. „מיטצע אַפּ, מיטצע אויף". זיי האָבן אָפּגעציילט די 80 און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'זענען פאַראַן נאָר 79 — איינער פעלט. נאָר איינער. ביי זיי איז געווען אַ געזעץ, אַז עס האָט נישט געטאָרט זיין ווייניקער און אויך נישט מער. אויב זיי האָבן באַשטימט 80, דאַרף זיין גענוי די צאָל. זיי האָבן איבערגעקערט דעם גאַנצן לאַגער און געזוכט דעם איינעם וועלכער האָט געפעהלט צו די 80. די דייטשן האָבן אים געפינען צווישן אַ שטויס קליידער אין באָד, וועלכע די קרבנות האָבן דאָרט געהאַט אויסגעטון איידער מ'האָט זיי פאַרגאַזט. דער ייד האָט זיך פון גרויס שרעק דאָרט פאַרבאַהאַלטן, און ווי געזאָגט, דאָרט געפונען געוואָרן. דווקא ער איז געווען דער איינער וואָס האָט געפעלט צו די 80 מאַן. דער עיקר מען האָט אים אַרויסגענומען און וואָס פאַר אַ טויט דער מענטש האָט געהאַט, קען אַפילו דער טייוול זיך נישט פאָרשטעלן. אַ 20 ס. ס.־לייט זענען געשטאַנען אַרום אים און אים געשלאָגן און געפּייניקט, אַלע מיט רעוואָלווערן און צום סוף האָבן זיי אים אַדורכגעלעכערט מיט קוילן ווי אַ זיפּ ער איז שוין געלעגן טויט אויף דער ערד און זיי האָבן אַלץ געהאַלטן אין איין שיסן נאָך און נאָך אין אים אַריין. מיר זענען געשטאַנען און דאָס אַלץ צוגעזען מיט אונדזערע אויגן. דער ייד איז נישט געווען קיין ביעלסקער נאָר אַ ביאַליסטאָקער. ער האָט נעבעך געהאַט אַ טעות און געמיינט, אַז מען געהט אים פאַרגאַזן.

אונדזער פּאָרציע ברויט איז געווען 200—300 גראַם ברויט אַ טאָג. מיר זענען געווען אין אַ בלאָק צוזאַמען מיט יידן פון גראָדנאָ, וועלכע מ'האָט פאַר אונדז אַהער געבראַכט. ווען מיר זענען אָנגעקומען האָבן מיר זיי געטראָפן און צוזאַמען מיט זיי אויך פריערדיקע טראַנספּאָרטן. מיר האָבן דאָרט געזען

פאלן פון מענטשן, געשוואָלענע אָדער שוין גאָר טויטע פון הונגער. די דייטשן האָבן די קאָנצענטרירטע דאָ אין אוישוויץ־בירקענאו נישט געגעבן קיין עסן. מענטשן האָבן אויך נישט געהאט פונוואנען צו נישטערן עסן. אלץ איז שוין פאררואמט געוואָרן דורך די פריערדיקע טראנספּאָרטן. און מענטשן זענען אויסגעגאנגען פון הונגער. אָבער דאָך האָבן זיי נישט געקאָנט אַלעמען פארניכטן, ווייל זיי האָבן דאָך אויך באדארפט ארבעטס מענטשן. די ארבעט־פעיקע האָבן אזוי ארום טיילווייז זיך געראטעוועט, צוגעשלעפּט זיך ביזן סוף און פארבליבן לעבן.

**בירקענאו**

ווען מען האָט אונדז געבראכט קיין בירקענאו, האָט מען אונדז אריינגעפירט, נאָכן באָד, לויט די נומערן אויף די הענט. צווישן די וועלכע האָבן זיך מיט אונדז מטפל געווען זענען אויך געווען יידן און אויך זיי האָבן אונדז באַדראָט, אז זיי וועלן שלאָגן און הרגענען אויב מיר וועלן נישט אויספירן זייערע באפעלן. אויך אונדזערע יידן זענען געווען בלאָק־קאַפּאָס, איבערהויפּט ווארשעווער חברה, וואָס מען האָט זיי געבראכט פון פראנקרייך. זיי האָבן אויסגעזען שיין, אויסגעפרעסן. מיר זענען אָנגעקומען הונגעריקע און דורשט פארטריקענטע. כ׳דערמאן זיך דעם טאָג. איינע פון די שווארצסטע טעג אין מיין לעבן. כ׳האָב געהאלטן ביים חלשן און איך האָב דערזעען א קראן און איך בין צוגעלאָפן טרינקן א טראָפּן וואסער. כ׳האָב זיך אָנגעבויג צום קראן וואַסער און אָנגעהויבן צו לעק די טראָפּנס לעכצנדיק. איז אָבער באַלד צו מיר צוגעלאָפן איינער פון זיי און געדראָט איך זאָל פארמאכן דעם קראַן און זאָל נישט וואגן צו טון אזא פארברעכן ווי ראטעווען זיך דאָס לעבן. איך האָב לכתחילה געמיינט, אז ער איז איינער פון די דייטשישע הונט, אָבער עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס זענען געווען אויך „יידן" און מיר האָבן דאן געשפירט ווי שרעקלעך טרויעריק איז אונדזער בראָך. די צרות האָבן געמאכט מענטשן פאר חיות.

דערזעלבער איז געווען מיין בלאָק־עלטסטער. ער האָט געהאט צו זיך א געהילף, א געפאנגענער פאליאק. צווישן די געפאנגענע האָבן זיך געפונען מוסרים, וועלכע האָבן איבערגעגעבן וויכטיקע „ידיעות" דעם הערשער, ווען זיי האָבן באמערקט אז א ייד האָט געקייעט א שטיקל שאָלעכץ אָדער ווען זיי האָבן געפונען ביי וועמען א קארטאָפל א. ד. ג. זיי האָבן אויך געפלעגט פאר אזעלכע „חטאים" אומברייגנען מענטשן.

אין אוישוויץ נאָך בירקענאו, האָב איך געארבעט ביי מיין פאך, שוסטעריי, די גאנצע צייט ביזן אָנגרייף פון די רוסן אויף דער פוילישער טעריטאָריע. דאן האָבן די דייטשן אָנגעהויבן לויפן, גענומען ליקווידירן אוישוויץ. אין אוישוויץ איז געווען נישט בלויז שוסטעריי, געווען פארשיידענע ווארשטאטן, פון קליידער, מעכאניק, שלאָסעריי א. ד. ג. אויך ביי דער ארבעט זענען מיר נישט געווען זיכער קיינמאָל מיטן לעבן. די קאַפּאָס זענען געשטאנען פאר די אריינגענג אין די ווארשטאטן און ווען עס האָט זיך זיי פארגלוסט האָבן זיי גע־

קאָנט אומברענגען דורן שלאגן צום טויט אָדער סתם דערשיסן אָן א סיבה. אין דער ארבעט אליין זענען זיי געשטאַנען איבער אונדזערע קעפּ און געזוכט סיבות צום טשעפּן זיך.

## לעצטע סעלעקציעס

נאָכדעם ווי יידן זענען שוואך געוואָרן פון ארבעט אָן עסן אָן טרינקען האָט מען געמוזט זיך האַלטן אויף די פיס ווייל ווי נאָר זיי האָבן דערזעען פארמאַטערטע און אויסגעהונגערטע, האָבן זיי געמאַכט פון צייט צו צייט סעלעקציעס און אוועקגעשיקט אין די גאז אויוונס צום פארברענען. מיך האָט מען אויך שוין געהאט אויסגעקליבן צו א סעלעקציע, כ׳בין שוין געווען א קאַנדידאט פארברענט צו ווערן. דאָס לעבן איז מיר אליין שוין אויך נמאס געווען און צו מיין מזל האָבן זיי מיר צוריקגעשיקט אין לאַגער. געקליבן צום פארגאזן האָט מען כמעט אַלע טאָג און איך האָב געהאט א מזל וואָס מ׳האָט מיך איבערגעלאָזט. איך האָב דערצו גאָרנישט געטון, כ׳בין געווען אפּאטיש צום לעבן. אָט אזוי איז דאָס געשעען פון זיך אליין. די סעלעקציעס פלעגן פאָרקומען אלעמאָל נאָכן ארבעטס־טאָג. דאן האָבן די דייטשן געמאכט אַן אַפּעל. די יידן פלעגן זיך אויסשטעלן לינקס און די גויים פלעגן שטיין בלייבן אין דרויסן פאר זייערע בלאָקן. די סעלעקציעס פלעגן זיין אפילו אין גרעסטן פראָסט און דער באפּעל איז געווען אויסטון זיך נאַקעט, נעמען דעם פּעקל זאכן אונטערן אָרעם אויסשטעלן זיך אין רייען, אויסציילן זיך און גיין אין באָד אריין. לויט באפעל האָט געדארפט יעדע שורה לויט דער ריי אריינגיין אין באָד. דאָרטן איז געשטאנען איינער א געסטאַפּאָ מאן, וואָס האָט לויטן קוק אויסגעזוכט די שוואַכע צום טויט און אויססאָרטירט די „שטאַרקע”. וואָס קאָנען נאָך ברענגען נוצן צום לעבן. עס איז געשטאַנען און באַטאַפּט מיט די אויגן און באמערקט לויט די מוסקולן, דעם גאנג, דאָס רירעוודיקייט פון יעדן איינעם ווי אויף א שקלאַפן מאַרק. ווער עס פלעגט פארבייגיין אביסל לאנגזאם. פלעגמאטיש, פלעגט ער אָבשטעלן און אָבשרייבן זיין נומער. גאָרנישט זאָגן, אפילו נישט קיין צאַפּל טון מיט אן אויג און מיר האָבן שוין געוווּסט אז דער איינער איז שוין א קאנדידאט צום פארניכטן. דער אָבער וועלכער איז פארבייגעגאנגען, העלדיש און מוטיק האָט ער געלאָזן ווייטער גיין אויף זיין אָנגעצייכנטן אָרט. אזוי ארום פלעגט מען בלייבן לעבן ווייטער. נאָר מיטן חסד פון זיין קוק, אך און וויי צו אונדז. די וואָס מען האָט אָבגעשטעלט און אָבגעשריבן זייער נומער, האָט מען גלייך איבערגעגעבן דעם בלאָק־פירער און אויף צומאָרגנס שוין נישט ארויסגעשיקט צו דער ארבעט. נאָכדעם האָט מען די אַלע טראַנספּאָרטירט אויף מאַשינען און אוועק געפירט צום ליקווידירן.

איינמאָל איז געשעען א ספּעציעלער פאל און די דייטשן מיט זייערע משרתים האָבן געמאכט אן אלגעמיינע סעלעקציע ביי נאכט. א גאנצע נאכט האָט געדויערט די סעלעקציע. זיי האָבן אויפגעוועקט דעם גאנצן לאגער. אלע יידן

און נישט יידן זענען ארומגעגאנגען די גאנצע נאכט נאַקעט בעת דער סעלעקציע. אין דער זעלבער נאכט האָט מען אלע קינדער, וועלכע מען האָט געבראכט פון לאָדזש, אריינגעשפארט אין א בלאָק, פארמאכט זיי און אזוי זיי אָבגעהאלטן א נאכט מיט א טאָג פארשפארט, מיר זענען געווען זיכער, אז דאָ מיינט מען נישט א סעלעקציע, נאָר מ׳גיין אלעמען פארניכטן און אן ענדע. אָבער איך ווייס נישט ווי אזוי. עס איז געשען א נס און מען האָט אלעמען באפרייט. מען האָט באפרייט אפילו די, וואָס מ׳האָט שוין באצייכנט צום טויט. דער לאגער איז געווען ארום פארמאכט ווי א קאסטן. זיי האָבן געהאלטן וואך. אלץ איז געווען פארשפארט און פאריגלט און ביי יעדן ארויסגאנג איז געשטאנען וואך, ס׳איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט ווי זיך אויסצובאהאלטן. א חוץ וואָס די דייטשן האָבן געהאַלטן חשבון וויפיל און ווער עס דאַרף זיין אין דעם און דעם בלאָק, איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט זיך אויסצובאהאלטן. דאָס איז געווען תמיד ובפרט יענעם אָוונט.

יעדן אָוונט פלעגט זיי׳ן אן אפעל און טאָמער האָט ווער געפעלט האָבן זיי גלייך געוווּסט. די אפעלן זענען פאָרגעקומען יעדן טאָג און אמאָל צוויי מאָל א טאָג און יעדער ס.ס.־מאן איז געווען פאראנטוואָרטלעך פאר זיין גרופע. דער לאגער איז געווען געוואלטיק גרויס, 40 קילאָמעטער אין קוואדראט, דאָך איז געווען אונמעגלעך פון דאנען צו פארשווונדן. ווען ס׳האָט פאסירט און אין דעם ריזיקן לאַגער איז פארשוווּנדן עמעצער און ס׳האָט אַן איינציקער אמאָל אויסגעפעלט, האָבן זיי איבערגעדרייט דעם גאנצן לאגער ביז זיי האָבן געפינען דעם פארשוווּנדענעם. דאן ווען זיי האָבן געפונען א לאגער־געפאנגענעם האָט מען אונדז אלע אויסגעשטעלט און מיר אלע האָבן געמוזט קוקן ווי מ׳ברענגט אים צום טויט. זיי האָבן געהאַט גרייט אויפגעשטעלט א תליה און אים געפירט א צעשלאָגענעם א פארבלוטיקטן צום הענג פלאץ.

**דער סוף פון די נאציס ימ״ש**

ווען דער סוף פון דער מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן, האָבן די רוסן באָמבארדירט די דייטשע אָקופאנטן. די רוסישע באָמבארדירונגען פלעגן אלעמאָל זיין מיטאָגצייט. מיר האָבן געארבעט אין די פאבריקן און אָפגעווארט מיט פרייד די עראָפּלאנען, הגם נישט ווייניקע פון אונדז זענען אויך געהארגעט געוואָרן. מיר האָבן שוין געוווּסט די צייט ווען די רוסישע עראָפּלאַנען קומען אָן, זענען מיר דאַן געלאָפן מיט פרייד אין די מקלטים, און מ׳האָט אָנגעהויבן צו גלויבן אין נקמה אין די חיות. די באָמבעס האָבן אויך נישט איינמאָל געטראָפן גלייך אין פאבריק, און א טייל פון אונדזערע יידן זענען געהארגעט געוואָרן און אַ טייל פארוווּנדעט.

40 מאן זענען איין מאָל אויפן אָרט געהארגעט געוואָרן. די פאבריק האָט דאן אויסגעזעען ווי א שלאכט פעלד פארבלוטיקט און פול מיט צעפליישטע קערפערס. ס׳האָט וויי געטון דאָס הארץ אויף די וואָס האָבן מינוטן פארן זיג באַצאָלט מיטן לעבן, אָבער דאָס געפיל פון נקמה און די פרייד פון איבערקומען דעם דייטשישן שונא האָט פארלייכטערט די הערצער.

שפעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט אז די רוסן האָבן בטעות באָמבארדירט

אונדזער לאגער. אין דעם לאגער איז געווען א ראדיאָ סטאציע, איז אָנשטאט אויף די סטאציע האָבן זיי אראָפּגעלאָזט די באָמבעס אויף אונדז. זיצנדיק אין קעלער האָבן אמאָל די באָמבעס אויפרייסונגען אונדז פארגראָבן אונטער אַן אויפרייס פון שטיקער בעטאָן און זאמד און ס׳איז נישט לייכט געווען אונדז צו ראטעווען. דאָך ווי עס איז האָבן מיר זיך אָפּגעראטעוועט און מ׳האָט אונדז אריינגעפירט אין אוישוויצער שפּיטאָל, אונדז ארומגעוואשן פונם שמוץ און שטויב, געגעבן אונדז מעדיצינישע הילף און דערקוויקונגס מיטלען. דער שפּיטאָל האָט געהערט צום לאַגער און דאָרטן האָבן די געפאנגענע באַקומען מעדיצינישע הילף, אָבער נאָר די וועלכע זיי האָבן געפונען פאר נויטיק, דאָס הייסט די וואָס זיי האָבן נאָך געדארפט אויסנוצן אלס ארבעטער און טרעגער צום עוואקואירן. שפּעטער איז צו אונדז געקומען א ס. ס. מאַן, און אונדז סעלעקטירט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באזונדערס אָפּצוגעבן מיט די לעבן פארצייכנטע זיי האָבן געמאַכט באַנדאַזשען, און פאר דעם האָבן די דאָקטוירים געמאכט אונדז איינשפּריצונגען. יעדער איינער פון די קראנקע איז אויסגע־פרעגט געוואָרן ווי לאנג ער האָט נאָך צו זיין אין שפּיטאָל. יעדער איינער איז געווען פארצייכנט אויף א קארטע און ס׳איז געווען פארשריבן וויפל טעג ער האָט דאָרט צו בלייבן. ווער ס׳האָט געהאט נאָר א 2 טעג האָט מען אים אַפּגעלאָזט, ווער עס האָט געהאט צו זיין מער ווי אַ פּאָר טעג, האָט מען אים פאר שריבן. צו וואָס האָט מען אונדז פארשריבן האָבן מיר נישט געוווּסט. שפּעטער זענען אָנגעפאָרן גרויסע לאסט־מאשינען און זיי האָבן די אלע פארשריבענע ארויסגעשלעפּט פאר די קעפּ, ווער פארבונדן און ווער נישט, ווער מיט גיפּס און ווער אָן גיפּס, אלעמען האָט מען ארויסגעשלעפּט פון בלאָק אויף די מאַ־שינען ארויף. מיין שרעק און ציטערניש איז געווען גרויס, אָבער ווידער אַמאָל איך מיט מיין מזל.

מיר זענען געווען דאַן שטאַרק פארשאָטן אין די קעלערס, מיין „פּאַרטנער" איז געווען פארוווּנדעט שטארק פון גלאָז שפּליטערן און בעטאָן. איך צום גליק — לייכטער. אלס שווער פארווונדעטער איז ער געלעגן א שטיק צייט אין שפּיטאָל און ווען ס׳איז פאָרגעקומען א באָמבארדירונג פלעגט ער זיך פאר שרעק אָנהאלטן אין די ווענט און זוכן אַן אָנשפּאַר. עד היום ליידט ער נאָך דערפון. אים האָט מען נישט געקאָנט נעמען אינערגעץ. מיר האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, אז איך האָב צו בלייבן אין שפּיטאָל צוויי טעג און נישט מער. דאָס הייסט אז נאָך צוויי טעג קאָן איך גיי׳ן צו דער ארבעט און אזא לייכט קראנקער דארף בלייבן אויפן ארבעטספּלאץ, ווייל ער עסט נישט אומ־זיסט, אָבער די וועלכע האָבן באדארפן בלייבן לענגער, דאָס הייסט אז זיי וועלן נישט קאָנען ארבעטן און וועלן עסן אומזיסט האָבן די דייטשן פארשיקט צום פארגאזן. זיי זענען געווען צעמישט און צעשראָקן, דאָך האָבן זיי נאָך אין זינען געהאט פארניכטן יידן. זיי זענען געווען אזוי צעמישט אז זיי האָבן אַפּט פארגעסן די שווער קראנקע און אין שפּיטאָל זענען אויך געלעגן קראנקע פון א לענגערע צייט, אזעלעכע וואָס זייער לעבן האָט סיי ווי סיי נישט קיין ווערט געהאַט, און זיי האָבן דאָס נישט באַמערקט. ביז א פרישער סעלעקציע

וואָס די פאַרטעמפּטע ס. ס. מענער האָבן זיך דערמאַנט צו מאַכן לויט דעם פּלאַן. די סעלעקציע האָט געדויערט א שטיקל צייט, ערשט דאַן האָט מען די קראַנקע צוגענומען. מיך האָט מען צוערשט אָפּערירט און פון שפּיטאָל בין איך מיט מיינע לעצטע כוחות געגאַנגען. איין שטיקל באָמבע האָבן די דאָקטוירים איבערגעלאָזט אין מיר און, איך לייד נאָך דערפון עד היום.

שפּעטער שוין נאָך דער באַפרייונג האָט מען מיך ביי די אַמעריקאַנער אין לאַנדסבערג נאָכאַמאָל אָפּערירט און אַרויסגענומען נאָך א שטיקל. איך בין פאַרוואונדעט געוואָרן אַרום 1945, דאָך האָבן מיר נאָך געאַרבעט, ביז די רוסן האָבן אַנגעגריפן און די דייטשן האָבן גענומען אונדז ליקווידירן.

זיי האָבן אונדז געטריבן אין אַזוי־גערופענעם "טויטן־מאַרש" אין די גרעסטע פרעסט. ווען עס איז באַשערט געווען יאָרן און כוח און ער האָט זיך נאָך געשלעפּט מיט אַלע צוזאַמען, האָט זיך נאָך דערשלעפּט צום לעבנס־טאָג און ביי וועמען ס'האָבן זיך אויסגעלאָזט די כוחות און ער האָט נישט אויסגעהאַלטן, האָבן די דייטשן אוועקגעשאָסן אין מיטן טויטן־מאַרש.

אַזוי האָט מען אונדז געטריבן ביז גראָסהאַוזן. דאָרטן האָבן מיר געהאַלטן סטאַנציע א נאַכט מיט א טאָג און מ'האָט אונדז ווייטער געפירט ביז קיין דאַכאַו. אין דאַכאַו זענען מיר איבערגעבליבענע אָפּגעווען 4—5 מאַנאַטן.

דאָרטן האָבן די דייטשן געמאַכט א פרישע סעלעקציע און פון דאָרטן ווי־דער אוועקגעשיקט קיין ווילדאָרף. דאָרטן בין איך געווען גאָר א קורצע צייט, ווייל די רוסן האָבן אַלץ מער און מער געטריבן די דייטשן אין זייער לאַנד אַריין. אין דעם ווילדאָרף האָבן די דייטשן געהאַט א כוונה צו ליקווידירן אונדז אינגאַנצן און גענומען טרייבן אונדז צום באַן, ווייל די באַנען זענען ספּעציעל באַשאָסן געוואָרן. צו מיין ביטער מזל האָב איך באַקומען א פלעק־טיפוס. ביזן צוג האָב איך געהאַט צו גיין א אַנדערהאַלבן קילאָמעטער. דאָ איז אָבער געווען אַן אַרבעטס־לאַגער — אָפּגעטיילט, און קיין קרעמאַטאָריע איז דאָ נישט געווען. דער לאַגער איז געווען אָפּגעצוימט פאַר די געזונטע, וועלכע האָבן נאָך געקענט אַרבעטן און ווער עס איז קראַנק געוואָרן, פלעגט מען אים אַריבערפירן אויפן צווייטן זייט פון צוים. דאָ האָט דער קראַנקער באַקומען א קלענערע פּאָרציע שפּייז מיט דער אויסרעכענונג, אַז סיי ווי וועט ער שטאַרבן.

אינצווישן האָבן מיר דערהערט א שיסעריי און דער צוג איז באַשאָסן געוואָרן. די דייטשן זענען זיך צעלאָפן, די וואַגאָנעס זענען צעשמעטערט געוואָרן. איך בין שנעל אַנטלאָפן און זיך פאַרבאַהאַלטן צווישן ביימער אין וואַלד, נישט ווייט פון דער סטאַנציע. אינצווישן זענען אָנגעקומען אַ פּאָר אַס־אַס־לייט מיט געפאַנגענע רוסן און מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין לאַנדסבערג אין לאַגער נומער איינס. דאָרטן האָב איך איבערגענעכטיקט און אויף מאָרגנס האָט זיך ווייטער דערהערט א שיסעריי און באַלד דערויף איז געקומען די ישועה — די באַפרייונג. דורך די אַמעריקאַנער.

עס האָט זיך מיר נאָך אַלץ נישט געוואָלט גלויבן, אַז איך בין באַפרייט. אין שטאָט האָבן די דייטשן געלאָזט פון כל טוב. עסנוואַרג פון בעסטן וואָס זיי פלעגן פרעסן און קליידונג פון שענסטן. מונדירן מיט געפּוצטע קנעפּ און

אנדערע. ווי איך האָב דאָס אַלעס דערזען, האָב איך שוין גענומען גלויבן, אַז דאָס איז דער סוף פון דער קריג.

דערווייל בין איך געבליבן עלנד און איינזאַם, כ׳האָב אָנגעהויבן צו וויינען ווי אַ קליין קינד, וואָס בלייבט אַליין. און באַלד האָט איך באַמערקט, ווי עס פאָרט אַריין אַן אַמעריקאַנער ג״פּ מיט סאָלדאַטן. איך בין צו צו זיי, אָבער ווי אַזוי רעדט מען צו זיי? דאָרטן גראַדע זענען געזעסן צוויי יידן, וואָס האָבן גערעדט יידיש, אַמעריקאַנער יידן, און זיי האָבן געשריען:

— יידן, איר זייט באַפרייט! גייט נישט אַרויס פון לאַגער, ווייל דער פראָנט איז נאָך פאַר אונדז.

קיינער פון אונדז האָט נישט געוווּסט אין דעם מאָמענט, וואָס ער זאָל טאָן, ווי ער זאָל רעאַגירן, לויפן אָדער בלייבן. איך בין נאָך געבליבן צוויי טעג. ס׳זענען אַריינגעקומען אַמעריקאַנער לאַסט־אויטאָס מיט שטרוי און מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין די שפּיטעלער. זיי האָבן אונדז געגעבן גוט עסן און געוואָרנט זיך נישט צופיל צוכאַפּן צום עסן. טראָץ דעם זענען אַ סך קראַנק געוואָרן פון צופיל עסן און האָבן געקריגן דיזענטעריע און סתם שלשול.

דאָס איז געווען אין דייטשלאַנד. איך בין געווען אַזוי אַ יאָר צייט אין שפּיטאָל. ביז וואַנען מיר זענען געקומען אַביסל צו זיך, האָט מען אונדז שפּעטער איבערגעפירט קיין פוילן אין אַ לאַגער ביי די פּאָליאַקן. אויך דאָרטן בין איך געווען אַ געוויסע צייט אויף דערהאָלונג, ביז כ׳בין געקומען צו זיך. אין פוילן בין איך אָפּגעווען אַ פּאָר יאָר ביז צו מיין עליה. די פּאָליאַקן האָבן גראַדע געוואָלט מיך צוריקפירן קיין ביעלסק. אָבער איך האָב דאָס נישט געוואָלט. ביעלסק איז פאַר מיר געשטאָרבן, ווייל סיי ווי האָב איך דאָרט קיינעם מער נישט געהאַט. מיר זענען אַלע צעשיידט געוואָרן און איך האָב פון קיינעם מער נישט געהערט און נישט געוווּסט.



### קליינקייטן וואָס געדענקען זיך

ווען מען האָט אונדז געפירט אין ביאַליסטאָק איבער טשעכאַנאָוו האָט מען אונדז געהאַלטן דאָרטן אין די וואַגאָנען אַ גאַנצן טאָג אָן עסן און אָן טרינקען. די אַלע, וועלכע זענען שוין פון פריער אַזוי אויסגעדאַרט געווען האָט מען אַרונטערגענומען פון די וואַגאָנען און אַוועקגעלייגט אויף אַ צווייטן פּלאַץ, ווו עס זענען אויך געלעגן אויסגעמאַרדעטע יידן. האָט זיך אַוועקגעשטעלט איינער אַ ייד — אַ יונגער חברה־מאַן, אַ בלאָק־עלטסטער און געזאָגט:

— זעט, אַזוי זעט איר אויס. טוט אויס די שיך, די שטיוול!

אַלע האַלבע מתים זענען געלעגן אויף די פּריטשעס און דער בלאָק־על־טסטע איז צוגעגאַנגען און אַרונטערגענומען די שטיוול פון די האַלב־אָבגע־שטאָרבענע. אַ יונגער בחור, ער האָט געאַרבעט ביי די פערד, איז ער אַריינ־געקומען און געוויינט. האָב איך אים געפרעגט, וואָס וויינסטו? זאָגט ער אַז ער האָט געהאַט אַ שוועסטער אַ געלערנטע איז זי אַוועק פריוויליק אין בלאָק

7, פשוט זיך אומצוברענגען. זי האָט נישט געזען פאר זיך קיין אנדער אויס־וועג, ווי דעם טויט.

די דייטשן האָבן זיך מיט גאָר נישט גערעכנט, זיי זענען געווען אזעלכע מערדערס. ווען מען האָט געבראכט צו אונדז איינעם א יידן וואָס האָט גע־האלטן ביי דער גסיסה, האָט מען געמוזט אים ברענגען צום אפעל אפילו טויטערהייט.



אמאָל האָט מען צו אונדז געבראכט פון דייטשלאנד גרויסע געלערנטע יידן, האָבן זיי גענומען פאָדערן דאָס געזעץ, אזוי פארנארט זענען זיי געווען, עס האָט נישט גענומען א וואָך־צייט און מען האָט זיי אלעמען טויטע ארויס־גענומען פון די בלאָקן און געוואָרפן אין די בלאָטעס אריין.



איסר באשעוויץ איז געווען אויף הכשרה אין ביעלסק און דערנאָך האָט ער פארלאָזן דעם קיבוץ און ער האָט געארבעט אין שטאָט. שפּעטער אביסל האָט ער אין ביעלסק אויך חתונה געהאט. די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָט ער מיט אונדז אויף דעמזעלבן פלאץ געארבעט אלס קאמאשן שטעפער. נאָכ־דעם ווי מען האָט אונדז ארויסגעפירט אין געטאָ אריין איז ער געווען אין די 42 משפחות גלייך מיט אלעמען. זייענדיק אין ביאליסטאָק האָט ער נאָך אלץ געארבעט מיט אונדז צוזאמען. אז די דייטשן האָבן אונדז ארויסגעפירט קיין ביאליסטאָק איז ער אויך מיט אונדז גלייך געגאנגען. אויך אין אושוויץ איז ער מיט מיר געווען אויף איין קאָמאַנדאָ און אפילו אין איין בלאָק. איינ־מאָל ווען איך בין געווען קראנק און איך האָב מיין פּאָרציע ברויט פון 200 גראם נישט געקאָנט עסן און דאָס איז געלעגן ביי מיר אונטערן קישן. אויף צו מאָרגנס כאַפּ איך זיך אז מיין פּאָרציע ברויט איז נישטאָ. מען האָט דאָס אוועק־געגנבעט. דער באשעוויץ האָט באמערקט ווי איך האָב מיין פּאָרציע ברויט פארבאהאלטן און ער האָט דאָס אוועקגענומען פון אונטערן קישן אויף מיין געלעגער. נאָך דער מלחמה, ווען מיר האָבן אונדז געטראָפן זאָגט ער צו מיר „דו געדענקסט וועגן דער פּאָרציע ברויט וואָס האָט געפעלט פון אונ־טערן קישן? דאָס האָב איך עס ארויסגענומען.

**מערדער פאר זייער אייגענעם טויט /**

**טשעכישע ארבעטער גיבן אונדז אוועק זייער עסן**

איך בין ממש געשטאַנען און געזען ווי דער עראָפּלאַן האָט באָמבאר־דירט אוישוויץ — דעם לאגער גופא. די דייטשן פלעגן מאכן זייערע סימנים אויף די דעכער פון די צוגן און פארמאסקירן, אזוי אז די עראָפּלאנען זאָלן מיינען, אז דאָ פירט מען נישט קיין מיליטער אָדער מיליטערישע כלים. אזוי

איז געווען אין אוישוויץ, זיי האָבן דאָרטן אויסגעבויט ספּעציעל נייע בניינים, וואַרשטאַטן אויף צו אַרבעטן, אָבער נעבן די גרויסע בניינים האָבן געלעבט און זיך געפֿונען דער שטאַב פֿון די ס.ס. און געסטאַפּאָ, דער עראָפּלאַן וואָס האָט באָמבאַרדירט אוישוויץ האָט נישט גענוי געצילט און געטראָפֿן דווקא אין די אַרבעטס־בניינים און נישט אין דער געסטאַפּאָ. די באָמבעס זענען געווען שווערע און זיי האָבן אַדורכגעקלאַפּט פֿירשטאָקיקע בניינים, אַזוי אַז מיר אין די קעלערן האָבן פֿאַר זיך דערזעען דעם קלאָרן הימל. אַסך אַסך מענטשן זענען ביי דער באָמבאַרדירונג דערהאַרגעט געוואָרן. שטאַרק באָמבאַרדירט און אָפּט איז געווען בונא. דאָרט איז געווען אַ כעמישע אינדוסטריע „אי. ג. פֿאַרבן" און עס זענען דאָרטן געפֿאַלן אַסך געפֿאַנגענע. ווען ביי אונדז איז געווען אַן אַלאַרם האָבן זיך די געסטאַפּאָלייט באַהאַלטן ביי אונדז אין די בלאָקן. דאַן האָבן די רוסן באָמבאַרדירט ווייטער פֿון אונדז האָבן דאָס געטאָן די אַמעריקאַנער. ביי דער באָמבאַרדירונג ווען עס איז געוואָרן אַ געלויף האָבן די היטלעריסטן גענומען שיסן מען זאָל נישט קאָנען אַנטלויפֿן. אַרום אוישוויץ זענען געשטאַנען פּאָסטנס פֿון געסטאַפּאָ און עס איז געווען אַ סכנה עפּעס צו טאָן וואָס מען האָט נישט געטאָרט. זיי האָבן פּשוט אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק אויף די קאָנצענטראַציע יידן און אַלע די וואָס זענען אַרויס אויפֿן גאַס האָבן געמוזט פֿאַלן צו דער ערד און אַזוי בלייבן ליגן, ביז ס'איז געקומען אַ באַפֿעל אויפֿצושטיין. דאַן האָבן זיי ווידער אויסגעציילט וויפֿיל ס'זענען געבליבן מענטשן און וויפֿל ס'זענען פֿריִען געווען. שפּעטער האַבן זיי אַלע דערהאַרגעטע צוגענומען און די לעבן־געבליבענע צוריק אַריינגעפֿירט אין די לאַגערן. די שווער פֿאַרוווּנדעטע האָבן זיי אָפּגעשיקט אין שפּיטאָל און די לייכט־פֿאַרוווּנדעטע צוריק געשיקט אין בלאָק. פֿון זינט דאַן איז אַרויס אַ באַפֿעל, אַז בעת אַ באָמבאַרדירונג זאָלן אַלע אַריין אין די לאַגערן און נישט אין די פֿאַבריקן. און אַזוי איז טאַקע געווען. ביי יעדן אַלאַרם זענען אַלע אַריין אין די לאַגערן און פֿלעגן איבערוואַרטן ביז עס איז פֿאַרביי דער אַלאַרם. ווען דער פֿראָנט האָט זיך דערנענטערט צום לאַגער האָבן די דייטשן אָנגעפֿאַנגען מיט דער עוואַקואַציע פֿון דעם לאַגער. דער פֿראָנט איז געווען דער רוסישער. אַ טייל האָט מען עוואַקואירט קיין מאַוטהאַוזען (עסטרייך), אַ אַנדער טייל קיין לאַנדסבערג. מיין טראַנספּאָרט איז געגאַנגען קיין מאַוטהאַוזן. עס זענען דאַן אין אוישוויץ געווען טויזנטער מענטשן און די עוואַקואַציע איז געווען טראַנספּאָרטן־ווייז. אין יעדן טראַנספּאָרט אַזאַ האָט געקאָנט זיין אַפֿילו טויזנט מענטשן. עס איז דאַן געווען ווינטער, טיפֿע שנייען, מענטשן וועלכע זענען אָפּגעשטאַנען האָט מען אויפֿן פּלאַץ דערשאָסן. אונדזער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען אין עסטרייך אויף אַ באַן־סטאַציע, אַרויפֿגעזעצט אונדז אויף וואַגאָנעס — אין יעדן וואַגאָן האָט מען אַריינגעשטאָפּט 140 מאַן און דאַן אוועקגעפֿירט. וווּהין מען פֿירט אונדז האָבן מיר נישט געוווּסט. מיר זענען אָנגעקומען אויף אַ טשעכישע באַן־סטאַציע האָבן די אַרבעטער, וואָס האָבן דאָרטן געאַרבעט, אונדז אַרויפֿגעוואָרפֿן זייערע פֿעקלעך עסן, וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט פֿון דער היים צו דער אַרבעט.

די פעקלעך עסן וואס די גוטע טשעכישע ארבעטער האָבן אונדז צוגעוואָרפן אין די וואגאָנעס אריין האָט מען געכאפט און איינער האָט געריסן פון צווייטן דעם ביסן. אזוי האָבן זיי אונדז געפירט ווייטער ביז מ׳האָט אונדז דערפירט צו אן אָרט. זיי אליין האָבן שוין נישט געוווסט וווּהין אונדז צו פירן. ווייל אומעטום זענען שוין געווען די פראָנטן און אונדז איינגאנצן צו ליקווידירן האָבן זיי נאָך געהאט צייט. אזוי ארום האָט מען אונדז ווייטער געפירט ביז מאוטהאוזן. דאָרטן איז געווען א אינטערנאַציאָנאַלער לאַגער פון אסאך פעלקער.



ביינער פון ביעלסקער קדושים

**אברהם לעוו**

## שטאַט פארחרובטע

(פון בוך „אין קלעם״)

גיי איך אזוי, און די שטאָט איז פארחרובט,
כ׳באַגעגן נישט קיינעם, קיין פריינד נישט, קיין קרוב ;
די שטאָט איז פארשרפעט די הייזער — צעשטויבט
און הויך, אין דער הייך קרייזן אום ווייסע טויבן.

און הויך אינעם קרייז פון די טויבן, די ווייסע.
דרייט זיך א ראָב דאָרט ארום, ווי אין א מעשה.
שווארץ איז די ראָב, און ווי מעסערס די פליגל,
וואָס דרייען זיך רונד אינעם אייגענעם עיגול.

פארהייב איך דעם קאָפּ אין דער הייך און אלץ העכער
זע איך דעם מאך פון פארבליבענע דעכער,
עס גיט אין די אויגן א שיין און א שווינדל
אַן איינציק פארבלוטיקטער, מאָכיקער שינדל.

חרוב די שטאָט און די וועגן — פארוויסטע,
א קאַץ נאָר א שווארצע, באַגעגנט, באגריסט מיך
און גיט מיר א וויאָקע אריין אין מיין אויער
און יאָמערט אזוי שוין פארצערט און פארטרויערט.

גיסט זיך איר יאָמער אריבער אין די גאסן,
גיסט זיך און קייקלט א טונקעלע מאַסע,
און פלייצט און פארפלייצט, יוי אַ פלאַמיקע לאווע,
און פלאקערט ווי שריפט פון די אותיות „יהוה״.

און וויקלט מיך איין אין א פלאמיקן פארמעט...
איך לויף איבער גאסן מיט אומגליק געאָרעמט,
אליין כ׳בין דאָס ליכט און אליין כ׳בין דער לייכטער,
וואָס די חרובע שטאָט אין איר אומגליק באלייכט ער.

ר. ליטמאנס פעלנער

# ביעלסק אונטער די סאוויעטן

אין סעפטעמבער 1939, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די היטלעריסטישע אגרעסיע אויף פוילן, האָב איך זיך געפונען אין ווארשע. אומגעהויערע ליידן און יסורים האָבן די דייטשן געברענגט אויף דער שטאָט. באַזונדערס שטאַרק האָבן געליטן די יידן. דע גרעסטע צאָל קרבנות פון די דייטשע לופט אַטאַקעס, זענען געווען די יידן, ווייל די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן מיט אַ באַזונדער סאדיסטישן ווילן אויסגעזוכט אַלס זייער ציל די יידישע געדיכטע באַפעלקערטע גאַסן. די גרויסע צאָל יידישע קרבנות, איז נישט געווען קיין צופאַל. פונקט ערב ראש השנה און ערב יום כפור, זענען די ברען באָמבעס געפאלן ווי האָגל. די יידן זענען געלעגן אין די קעלערס באַהאַלטן און באַגלייט יעדן שאָס מיט אַ „שמע ישראל״.

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון זייער טייוולאָנישן פּלאַן אויסצוראָטן פיזיש די יידן. די היטלעריסטן האָבן שוין דאַן פּלאַנירט אַ טאָטאַלע פאַרטיליקונג פון יידישן פאָלק. נאָך זייער ארײנמארש קיין ווארשע הויבן די דייטשן אָן אויף אַן אָרגאניזירטן און סיסטעמאטישן אופן צוצורויבן יידיש האָב און גוטס. עס ווערט צוגערויבט די עקאָנאָמישע עקזיסטענץ מעגלעכקייט פון די יידן. עס גייען ארויס גזירות וועגן פאַרבאָטן יידן צו פאָרן מיט דער באַן, רעגיסטרירן דאָס פארמעגן, כדי זיי צו קאָנען שפּעטער קאָנפיסקירן און ארויסשיקן קיין דייטשלאַנד, אָפּגעבן זיי די ראַדיאָס און פוטערס, עס גייט ארויס א באַפעל צו טראָגן די געלע לאַטע, כדי צו טרעטן זייער מענטשלעכע ווירדע מיט די פיס, כדי זי צו דערשלאָגן פסיכיש. אונטער דראָונג פון דערשיסן, זענען געווען נאָך באַפעלן און אנטי יידישע דיסקרימינאַציע פאַראָרדנונגען. די יידן האָבן דערפילט, אַז רעכט עקזיסטירט נישט פאַר זיי, אַז זיי שטייען מחוץ דעם געזעץ. זעענדיק אַז עס הויבט זיך אָן פאַר זיי אַ שרעקלעך לעבן, אַ לעבן אויפן ברעג פון תהום, האָבן מאַסן יידן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן צו די רוסן. וואָס האָבן דאַן איינגענומען א טייל פון פוילן, ווי מערב אוקראַינע או מערב ווייס־רוסלאַנד. א שטראָל פון פרייד האָט א בליץ געטאָן איבער דער יידישער פינצטערניש. גרויסע האָפנונגען האָט ארויסגערופן ביים עולם דאָס דערנענטערן זיך פון די רויט ארמייער. עס האָבן זיך פארשפרייט קלאַנגען, אַז זיי וועלן פארנעמען די געביטן ביז צו דער ווייסל. אָבער ווען ס׳איז געקומען די ידיעה, אַז די גרענעץ וועט זיין דער בוג, האָבן יידן גענומען שטראָמען מאסנווייז אהין.

מען איז געגאַנגען קיין ביאַליסטאָק, בריסק, סעמיאַטיטש און ביעלסק. הונדערטער טויזנטער יידן — ארבעטער, סוחרים, לערער, שרייבער, דאָקטוירים און אַדוואָקאטן, זענען אוועק פון ווארשע, מען איז געפאָרן מיט פויערישע וועגענער. מען איז געפאָרן מיט מאַכערס און פירערס, אבי נאָר צו אַנטלויפן פון דייטש. צוזאמען מיטן גרויסן שטראָם פון פליטים בין איך אויך אַוועק פון וואַרשע, ווו ס׳האָט געהערשט אַן אבל׳דיקע שטימונג, טרויער, פינצטערניש און

אומעט, ווּ יעדער טראָט איז געווען סכנה׳דיק. כ׳בין אוועק צו מיין געבורטסשטאָט ביעלסק, מיט דער האָפנונג צו קאָנען דאָ גרינגער איבערלעבן די מלחמה טעג.

דאָס שטעטל איז פול געווען מיט פּליטים. ביעלסק האָט זיי וואַרעם אויפגענומען. געזאָרגט פאר זיי. סאיז כמעט נישט געווען קיין יידישע שטוב און היימלאָזע פון דער פרעמד, לגבי וועלכע די תושבים האָבן ארויסגעוויזן די גוטע מידה פון הכנסת אורחים. אויך די שולן און בתי מדרשים זענען פארפולט געווארן מיט זיי. ביעלסק איז געוואָרן אַ מקום מקלט פאר די פּליטים.

די ביעלסקער באמיען זיך ווי ווייט מעגלעך צו לינדערן די נויט־באַדערפטיקע, וועלכע האָבן פארלוירן זייערע מקורות פון פרנסה. ס׳שאַפט זיך א יידישער העלפסקאָמיטעט אין שפּיץ פון וועלכן ס׳שטייט משה יונגערמאַן. די פּליטים ווערן ביסלעכוויַיז ארויינגעצויגן אין אלע צווייגן פון דער אַרבעט. עס ווערן געשאפן אין ביעלסק, אויפן מוסטער פון רוסלאנד, שניידער ארטעלן, שוסטער, סטאָלער, שערער און קירזשנער ארטעלן. ביי די סטאָלער ארטעלן איז געווען דער פירער שעפי קעסטין, ביי די שוסטער בערנאַדסקי, ביי די שערער מיישקע גלעזער, ביי די קירזשנער — דאָמב. אַלע בעלי מלאכה׳ס זענען אריין אָרגאניזירטערהייט אַרבעטן אין די ארטעלן. צוזאַמען מיט זיי אויך די פּליטים, אָן אונטערשייד. און ווער ס׳האָט נישט געהאַט קיין פאַך, זענען אוועק בויען שאָסייען, הייזער, אָדער געוואָרן פארקויפערס אין די מלוכה׳שע געוועלבער, ביי די בופעטן אין קינאָ און וואָקזאל. די אלע ארטעלן און קאָאָפעראטיוון האָבן זיך שנעל אנטוויקלט און געקראָגן אָנזעעוודיקע דערגרייכונגען אויפן געביט פון דער פּראָדוקציע.

די אדמיניסטראציע פון שטאָט איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די יידישע הענט און טיילוויַיז אויך אין די איינגעזעסענע רוסישע בירגער. די אָנפירנדיקע אַמטן אין ווירטשאַפטלעכן, פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט איבערגענומען די יוגנט. יידישע מיליציאָנערן האָבן געהאלטן די אָרדנונג אין שטאָט. יידישע בוכהאלטערס אין אלע מלוכה׳שע אנשטאַלטן. בירגערמייסטער פון שטאָט איז געווען אבי דאָמב, וואָס איז געזעסן יאָרן אין תפיסה, פאַר קאָמוניזם. דער פארוואלטער פון גימנאזיע איז געוואָרן סטופּניצקי׳ס זון, וועמען מ׳האָט אַמאָל אויסגעשלאָסן פון קלאַס, פארן חטא פון זיין אַ קאָמוניסט. און אומעטום ווּ נאָר די יידן האָבן געארבעט, איז אויפגעוועקט געוואָרן זייערע אלע שעפערישע כוחות, און זיי האָבן זיך באמיט צו איבערבויען דאָס לעבן אויף נייע, געזונטע, פּראָדוקטיווע יסודות.

צו יענער צייט האָט ביעלסק ממש אויפגעלעבט. ביעלסקער מיידלעך האָבן חתונה געהאט מיט סאָוויעטישע יידישע גרויסע מלוכה מענער. ס׳האָט געהערשט אזא אחדות געפיל צווישן דער באפעלקערונג, א חברישקייט און אַ גלייכהייט. ס׳האָט געהערשט א פרייד אין שטעטל, ווייל גוט געדענקט האָבן נאָך די ביעלסקער יידן דעם דייטש, וואָס איז געווען ביי זיי בלויז געציילטע טעג און האָבן שוין באוויזן זיי אויסצומאטערן פיזיש און דערנידעריקן מאַראליש. זיי האָבן שוין געהאט שעה׳ן און טעג פון פחד, פון שיקאנער און ענויים קשים. און דאַ מיט די סאָוויעטן — אַזאַ פרייהייט, אזא הארציקייט, אזא אויפשטראלונג.

קינאָ און טעאַטער האָבן געשפּילט יעדן אָוונט. אָרקעסטערס און טאַנץ אָוונטן. רעפּעראַטן און פאַרלעזונגען בשפע. אַרטיסטן זענען געקומען פון דער פרעמד. אַזוי האָט מינע בערנהאָלץ צוזאַמען מיט א פּליטים אַנסאַמבל געגעבן קאָנצערטן. שוין באַוויזן אפילו צו ווייזן בילדער פון רוסישע קאָלכאָזן, פון זייער אַרט לעבן און פירונג.

צום ערשטן מאָל איז געפייערט געוואָרן אין ביעלסק דער ערשטער מאַי, מיט גרויסע מאַניפעסטאַציעס, מיט מיטינגען. מיטן אָנטייל פון דער יוגנט, מיט די שולן און קינדער. יונג און אַלט האָבן מיטגעמאַכט דעם יום־טוב. זוניק איז דאַן געווען אין ביעלסק און די מענטשן זענען געווען פריי, זער פריי.

גאָר א באַזונדער וואַרעמקייט און אויפמערקזאַמקייט איז געשאָנקען גע־וואָרן די קינדער. די צישאַ שולע און תרבות שולע איז געווען פאַראייניקט אין איין שולע, ווו מ׳האָט געלערנט אויף יידיש און רוסיש. אויךביידע קינדער־גערטנער זענען איבערגעפירט געוואָרן אין איין לאָקאַל. נאָך דעמזעלבן זומער, האָט מען געשיקט די קינדער אויף קאָלאָניעס. אויך די פּליטים קינדער האָבן געלערנט און גענאָסן גלייך פון דאָס שענסטע און בעסטע.

אַן אונדערשעפּלעכער קוואַל פון פרייד, לעבנסלוסט, שפּיל און שטיפעריי האָט געהערשט אין שול. מ׳האָט געזען הילכיקע, פריילעכע, לעבעדיקע קינדער מיט פּרודלדיקע קינדערישע פאַנטאַזיעס, אין קעגנזאַץ צו די הונגעריקע אומ־גליקלעכע קידער פון וואַרשע, ביים דייטש, ווו פּחד, שרעק און אומעט איז אויסגעגאָסן אויף זייערע פּנימער. הונגעריקע, עלנטע — פאַרלאָזטע אין רעגן, אין ווינט און אין שניי, געקאָרטשעט פון קעלט. — און דאָ אין ביעלסק קינדער אין די שולן, פרייע, שטאָלצע, זאַטע — אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפט און זאָרג.

אָבער דאָך איז די פרייד אין ביעלסק, ביי די בעסטע באַדינגונגען — נישט געווען קיין פולע. אמת, די גרעסטע צאָל איינוווינער זענען געווען צופרידן, אויפגעמונטערט. עס האָט זיי נישט געאַרט דאָס שטיין אין די רייען נאָך פּראָ־דוקטן, נאָך צוקער און בוימל. נאָך זייף און צוקערקעס. נאָך מלבושים און שיך. זיי האָבן עס אויפגענומען גאַנץ נאַטירלעך און ווי א ספּאָרט. געיאָגט זיך צו פאַרנעמען דעם ערשטן אָרט, כדי צו קאָנען באַווייזן צו זיין אין עטלעכע ערטער.

באַוולט האָבן זיך געפילט נאָר א קליינע צאָל מענטשן, די ביי וועמען מ׳האָט זייער פאַרמעגן נאַציאָנאַליזירט. די געוועלבער און הייזער צוגענומען, געשיקט זיי אַרבעטן, ביי קליינע פאַרדינסטן צו וועלכע זיי זענען נישט געווען צוגע־וווינט. אַזוי האָט מען קאָנפיסקירט באַרכאַטס, פריידיקס און גלאַגאַווסקי׳ס גע־שעפטן. ביי מאַטיע לייבן און טעוויען צוגענומען זייערע ביר פאַבריקן און געמאַכט דאָרט מלוכה׳שע רעסטאָראַנען.

ביי פאָמעראַניעצן נאַציאָנאַליזירט די מיל, דער אייגנטימער איז געבליבן אַרבעטן אלס משרת. אייניקע פון זיי האָט מען פאַרשיקט אפילו קיין סיביר. צו יענער צייט האָט מען אויך אויך אין איינעם א פּרייטיקצונאַכטס פאַרנומען אַלע פּליטים, די וואָס האָבן זיך אָפּגעהאַלטן אַרויסצונעמען סאָוויעטישע פּעסער, האָפנדיק זיך צו פאַראייניקן מיט זייערע משפחות, מיט זייערע פרויען און קינדער, און אין פאַרמאַכטע לאַסט־וואַגאָנעס זיי אָפּגעשיקט טיף אין רוסלאַנד.

גאנץ ביעלסק האָט זיי שטארק באדויערט, מיטגעפילט און געלאָזן אויך א טרער, נישט ווייסנדיק וואָס פארא גרויזאמער גורל זיי אליין ווארט אָפּ. ווייל נאָך א יאָר פון אזא רואיקן, זיכערן און גוטן לעבן, פאלט היטלער אָן אין 22־טן יוני 1941 אויף רוסלאנד און בליץ שנעל נעמט ער איין שטאָט נאָך דער אנדערער און בתוכם אויך ביעלסק. און די ביעלסקער וואָס האָבן אזוי טרויעריק באוויינט די פּליטים, ווען מ׳האָט פארשיקט אין סיביר. אין די טייגעס. און וואָס פיל פון זיי זענען אדורך שבעה מדורי גיהנום, האָבן נישט איינמאָל מקנא געווען די פּליטים.

און אין ים פון רשעות, פּיין און פארברעכנס, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן איבער די ביעלסקער, אין אָנבליק פון וועלכער רציחה און נידעריקסטער מאָראלישער געפאלנקייט פון די דייטשן, האָבן די ביעלסקער נאָך אַלץ געריסן זיך צום לעבן און געהאָפט, אַז ווידער וועלן די רוסן קומען און זיי באפרייען פון דייטשן גיהנום, אָבער די האָפנונג האָבן זיי נישט דערלעבט.



ביים ברידער קבר — 1947

**מאטל לעווקאָווסקי**

# שרייבט א בוך / געדענקט

(פון א רעדע אויף דעם יזכור־אָוונט פאר די ביעלסקיער קדושים, נאָוועמבער 16, 1953 אין תל־אביב, ישראל).

**טייערע לאנדסלייט און פריינד! שלום!**

11 יאָר שוין פאָריבער פון יענע שרעקלעכע טעג, ווען די היטלעריסטישע חיה, צוזאמען מיט זייערע פוילישע און אוקראינישע מיטהעלפער, האָבן אויסגעמאָרדעט און חרוב געמאַכט דעם יידישן ישוב אין ביעלסק־פּאָדלאסקי.

מיט אַ יאָר צוריק, אין צענטן יאָרצייט נאָכן אומקום, האָב איך, פון דאנען, דערציילט וועגן די איבערמענטשלעכע ליידן און יסורים פון אונדזערע מו־טערס, פאָטערס, ברידערס, שוועסטערס און קינדער. פון דאַנען האָב איך גערופען: „געדענקט וואָס האָט מיט אונדז געמאַכט עמלק!" „קיינמאָל נישט פארגעסן!"

מיר זענען די לעבעדיקע מצבות. ווי לאנג מיר זענען, זענען מיר עס. אָבער דער אויפוואקסנדער דור, אויף וויפל ווייניקער וועט ער פילן אונדזער ווייטאָק, ווו וועט ער ענמען אַן אָנשפּאַר פארן „קיינמאָל נישט פארגעסן?"

דעריבער, לאָמיר דערציילן וועגן אונדזערע פארניכטער! לאָמיר וועקן ליבע און אַכטונג צו אונדזער פארגאנגענהייט ביים יונגן דור, וועלכער קומט אָן! לאָמיר נישט דערלאָזן, אז די צייט וואָס פרעסט אויף אַלעס, זאָל אויפ־פרעסן אונדזער טרויער! דער טרויער מוז בלייבן אין אונדז אומבאַארירט, און די צייט דארף נישט האָבן קיין שליטה אויף אים! לאָמיר מיט געמיינ־זאַמע כוחות שאַפן און ארויסגעבן א יזכור־בוך! לאָמיר דערציילן און זאָל אויך פאר אונדז שרייען דאָס בוך. זאָל עס שרייען מיט די פשוטסטע ווער־טער פון דערציילטע ליידן און פּיין! זאָל עס זיין אַן אייביקער קוואַל פון טרערן, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט אויסגעטריקנט ווערן!



היינט, חשובע פריינד, אין 11־טן יאָרצייט פון חורבן ביעלסק, וויל איך צוזאמען מיט אייך אדורכשפּאצירן זיך איבער די חרובע יידישע געסלעך אין ביעלסק. אפשר וועלן זיי אונדז קענען איבערגעבן וועגן די שרעקלעכע איבער־לעבונגען פון די איידעלע ביעלסקער יידן.

און איך דערמאָן זיך. ס'איז אין חודש יוני 1946. די איבערגעבליבענע על־פּי־נס יידן פון די קאַצעטן און פון די טייגעס אין טיפן רוסלאַנד, פאָרן צוריק צו זייערע שטעט און שטעטלעך. אפשר וועט מען נאָך עמיצן טרעפן... אָבער נישטאָ די יידן, געבליבן איז דער חורבן.

שנעל לויפט די באַן און דערנענטערט מיך אַלץ נענטער צו דער באַן־

סטאַנציע. סטראָבלע איז שוין פאַריבער. מען זעט שוין פון דערווייטנס די ערשטע הייזלעך פון ביעלסק. א טרוים פון יאָרן, לאַנגע יאָרן פון געפאַרן און איינזאמקייט. אייביק, אין אָט די יאָרן, איז דאָס שטעטל מיר געשטאַנען פאַרן דמיון און געקלאָגט מיט זיין נישט־דערגרייכבאַרקייט. מיט זיין פאַנטאַס־טישער ווייטקייט אין צייט, מרחק, און געאָגראַפישער לאַגע אויף יענער זייט פראָנט.

און איצט לויפט די באַן אומגעשטערט אין דעם הייסן יוני־טאָג און טראָגט מיך אַלץ נענטער און נענטער צום טרוים. איז קיין וווּנדער ניט, אז דאָס הארץ קלאַפּט הויך, אז פון גערירטקייט באַוועגט זיך די ברוסט אַלץ טיפער און שטאַרקער, עס פארפעלט ממש אָטעם.

פארנומען מיט אָט די געדאנקען. באַמערק איך נישט ווי מיר גליטשן זיך ארויף אויף דער סטאַנציע און פאַר מיינע אויגן דערשיינט דאָס וואָקזאַלעכל מיט דער זעלבער אויפשריפט, מיט דער זעלבער אידילישער רויקייט. ווי אַמאָל... ווי אַמאָל...

אָבער, פארוואָס בין איך אליין צווישן דעם עולם? ווו זענען די יידן, וואָס וואָלטן באַדאַרפט מיט דעם זעלבן צוג אָנקומען? עס איז דאָך מאָרגן דאָנערשטיק, און אין דעם מאַרקטאָג פלעגט דאָך קיינער נישט פאַרפעלן. איך קוק זיך אַרום און זע קיינעם נישט. איך פיל, אָבער, ווי אזוי זיי זענען צוריק־געקומען פון די ירידן אין בריאנסק, סאקאלע, וויסאָקע־מאזאָוויעצק. זיי פלעגן צוריקקומען פון ווארשע, ביאַליסטאָק מיט וואליזעס. געאיילט וואָס שנעלער... וואָס שנעלער...

איך קום ארויס פון וואָקזאל, עס ווארטן די דראָזשקעס, די זעלבע דראָזש־קעס, די זעלבע פערד, ווי אמאָל... ווי אמאָל... און עס דוכט מיך, אז דאָרט וואַרטן מיינע דראָזשקאַז׳עס, יידישע דראָזשקאז׳עס סטריקאָוווסקי, ראק... אָבער ווען איך דערנענטער זיך זע איך זיי, די נייע בעלי־הבתים.

עס וויקלט זיך פאר מיר פאנאנדער די לאנגע גאס וואָס פירט צו האָלאָ־וועסק, זי איז פאר מיר אַמאָל געווען פרעמד און אזוי אויך איצט. איך בין צו איר גלייכגילטיק און קאַלט. מיין שטאָט איז דאָרט ווייטער, דאָס יידישע ביעלסק. צופוס בין איך אַוועק. יעדער קריסט, וואָס האָט מיך באגעגנט, האָט מיך אָנגעקוקט ווי איך וואָלט געהאַט הערנער. זיכער נישט צופרידן פון גאסט אין שטעטל.

איך געפין זיך אויף דער באַן־גאס און פאר מיינע אויגן דערוויזט זיך דער חורבן. ווו ניט ווו שטייט א הויז. אָט דאָ האָט אַמאָל געלעבט די רישעלעווסקי פאמיליע. אויפן הויף האָט זיך געפונען די יידישע שולע (פארבונדן מיט צ״י־שא). דאָ האָבן קינדערלעך געשפּילט זיך און געזונגען. געזונגען די יידישע ליד: „די יידישע שולע אויף באַן־גאַס. טראַלאַ־לאַ־לאַ־לאַ...״ לעבן זאָל דער ערשטער קלאַס, טראַלאַ־לאַ־לאַ־לאַ...״

דאָ האָבן אויך געפונען זייער היים די בונדישע און די לינקע פועלי־ציוניס־טישע אָרגאניזאציעס. אויף דער יידישער ספאָרט קלוב, האָט דאָ געהאַט זיין לאָקאַל.

יאָ, אַמאָל האָט דאָ געקאָכט מיט יידיש און יידישקייט. איצט איז דאָ שטיל. נישטאָ די שולע, נישטאָ די קינדער...

איך נעם האַסטיקער צו גיין. צו בין איך געקומען קיין ביעלסק, נאָך אַזוי־פיל יאָרן, כדי איצט זיך אַליין צו פאַרפּייניקן? ניין! איך מוז פאַרגעסן! אומ־באַדינגט פאַרגעסן! אָבער דאָס דויערט נישט לאַנג. צוזאַמען מיטן דערנענטערן זיך צום צענטער שטאָט, דערנענטערט זיך אויך דאָס אַלץ, וואָס איך האָב זיך באַמיט צו פאַרגעסן. איך געפין זיך אויפן קאָרנער פון 11־טן ליסטאָפּאַד־גאַס, ווו יידישע קינדער. זענען טעגלעך געגאַנגען זיך לערנען אין דער פּאָוו־שעכנע שולע און דער גימנאַזיע. אויך האָט זיך דאָ געפונען די ביבליאָטעק מיט א גרויסער אָפּטיילונג פון יידישע ביכער. אויף מיין רעכטס איז אַמאָל געווען דאָס זער פּאָפּולערע יידישע בענקל. וועלכס האָט פיל צוגעהאָלפן די יידישע תושבים, מיט הלוואות. און דאָרט, אפּאָר גאַסן ווייטער, אויף זאַמקאָווע, האָט זיך געפונען די „תרבות״־שולע, דער צענטער פון ציוניסטישער און חלוצישער דערציונג. דאָ איז אויסגעוואַקסן א דור פון ציוניסטן וועלכע האָבן, צום טיפן באַדויערן, נישט פאַרווירקליכט זייער לעבנס־טרוים.

מיין האַרץ פאַנגט אָן שטאַרקער צו קלאַפּן. א דאַנק דעם וואָס איך בין געווען א גוטער מאַטעמאַטיקער אין שולע, רעכן איך אויס. אַז אויף דעם פּלאַץ איז געשטאַנען מאַטיע־לייב פאַרבערס צוקערניע. דערנעבן איז געווען זאַבלודאָווסקיס, און דאָ, דאָ. אויף דעם פּלאַץ, ווו יעדער שטיינדעלע, יעדער ווינקעלע איז מיר אַזוי גוט באַקאַנט, דאָ, אין דעם הויז פון דעם זייגערמייסטער מאַסטאָווסקי, בין איך געבוירן געוואָרן. דאָ, אויף דעם הויף, צוזאַמען מיט מיינע חברים בערל ווראָנע, משה׳ל און מיכל חאַזאַן, האָב איך מיינע בעסטע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט. פון דאַנען האָט מיין פאָטער מיך באַגלייט צום ערשטן מאָל אין שולע און חדר. פון דאַנען האָב איך אין חודש אייר פון 1927, מיין יונג פאַרשטאָרבענעם פאָטער, צו זיין אייביקער רו באַגלייט.

פון דאַנען האָט מיין מוטער מיך געפירט אין בית־מדרש קדיש צו זאָגן. מיין ליבע מאַמע, ווי שווער האָט זי געקעמפט פאַר עקזיסטענץ, פאַר געבן אירע פיר קינדער א גוטע דערציונג. איך וואָלט געוואָלט אויף איין מינוט פאַרגעסן אין אַלעם, זיך צוטוליען צו מיין מאַמען, קושן אירע אויגן, ווי אַמאָל... ווי אַמאָל...

נישטאָ אונדזערע מאַמעס. טייערע, נאָענטע שאָטנס באַווייזן זיך פאַר מיר. זיי קוקן אויף מיר שטום. איך פאַרמאַך די אויגן און ווער אַליין א שאָטן, ווי זיי. איך גיי ווייטער מיט קאָפּ־שמערצן. איך געדענק גאַנץ גוט אַלע געשעפטן און זייערע יידישע אייגנטימער. אָבער אין די פאַרבליבענע קראָמען שטייען היינט אַנדערע סוחרים, געקומען אַהער פון פּאַרצעווע, ווידאָווע, פּראַניעוויטש פּיליקע. זייערע שוואַרצע חלומות זענען יאָ פאַרווירקליכט געוואָרן.

איך דערנענטער זיך צום פּלאַץ, ווו אַמאָל איז געשטאַנען איטשעלעס בית־מדרש. אָשטאָט דעם ברייטן דאַך און שלאַנקע ווענט זע איך איצט א בלויען האָריזאָנט. נידריק גראָז וואַקסט אויפן פּלאַץ ווו אַמאָל איז געשטאַנען דער ארון קודש, עס האָבן וווּנדערבאַרע שניצערייען אַמאָל געהויבן זייערע הענט

צום הימל אין אייביקן געבעט. דאָ, האָבן מיר, ייִנגלעך, נאָכן באַגלייטן דעם טאַטן אין שול, זיך געשפּילט און געשטיפט אין דרויסן.

פון דאנעט קען איך זען, גאנץ דייטלעך, דעם אָרט ווו ס'איז געשטאַנען אַן אַנדערער צענטער פון רעליגיעזן לעבן אין ביעלסק, דער יפה־עיניים בית מדרש. הייזער פארשטעלן נישט, נישטאָ שטערנס אלעיארניע, נישטאָ די הייזער ווו שיפמאַן, מעכאניק, מינאָוויצקי און אַנדערע גוטע יידן האָבן געלעבט. נאָר דאָס חסידים־שטיבל איז פארבליבן, אָפּגעבלאקיעוועט און גרוי געוואָרן פון צוזען אזויפיל יידישע ליידן און צרות. אונטער זיינע פענסטער האָט מען פיל יידישע קרבנות צו קבורת ישראל געבראכט. מען הערט נישט מער די חסידים טאַנצן און זינגען. א טויטע שטילקייט הערשט אין זיין פארשוועכטן קערפּער.

איך ווענד מיינע בליקן אויף לינקס און דערזע דעם ראטוש מיטן זייגער. דער מארקפלאץ דערשיינט פאר מיר ווי אַן אָבל, וועלכער האָט שוין לאנג אויפגעגעבן די האָפענונג געטרייסט צו ווערן. עס פעלן אים גאַנצע הייזער. אויף דעם אָרט, ווו יידן האָבן געהאנדלט, גריען זיך קברים פון געפאלענע רויט־ארמייער. (מען האָט זיי שפּעטער אריבערגעפירט אויף אַן אַנדער פלאץ).

איך קען נישט גלייכגילטיק קוקן אויף דעם אָרט ווו ס'האָט געוווינט איינער פון די ציוניסטישע מנהיגים, דער מנהל פון דער „תרבות" שולע, מנחם סטופּניצקי. או שטיק פון מיין לעבן איז פארבונדן מיט דעם הויז, ווו אַלס פאַרשטייער פון דער יוגנט אָרגאניזאציע, „השומר הצעיר" האָב איך זיך געטראָפן מיט די אנדערע פאָרשטייער ווי משה שטערן, מעלאמעדאָוויטש, די דענטיסטין פרוי גערמייזע, שיינע וואסער, שמואלקע לעווין (געפינט זיך אין ישראל) און אנדערע. דאָ זענען אויסגעארבייט געוואָרן די פּלאַנען פאר קולטור ארבעט און די זער וויכטיקע אונטערנעמונגען פאר קרן קימת לישראל.

איך דערנענטער זיך צו דער ריין יידישער גאס, דאָס בית־מדרש געסל, די גאס פון רעליגיעזע אַנשטאַלטן. דאָ האָט זיך געפונען דאָס שערי ציון בית מדרש. דאָס הכנסת אורחים הויז, די שטאָט באָד און די מקוה. דאָ האָט זיך אויך געפונען דאָס חדר, דאָס אומפארגעסלעכע חדר. פיר מאָל טעגלעך פלעגן יידישע קינדערלעך גיין אין חדר אריין. ווינטער־צייט, אין די פינסטערע אָוונטן, פלעגן די חדר־ייִנגלאך אָנצינדן זייערע לאַמטערנעס, געמאכטע פון פלעשער.

אַלץ ווי אַין חלום, אַלץ פארלאָשן געוואָרן, ווי אָט די פרימיטיווע פלעשער לאמטערנס.

דאָרט ווייטער, אין דעם ווינקל־הויז. האָט זיך געפונען דאָס יתומים־הויז. פיל יידישע מיידלאך און ייִנגלאָך זענען דאָרט באַזאָרגט געוואָרן מיט גוטער דערציונג און מוטערלעכער ליבע.

פון דערווייטנס שעפּטשעט דאָס טייכל ביאלקע און רופט צו זיך, אָבער אויף דוביטש און פאדזיאמציע קומען נישט מער קיין יידן.

לאנג, לאנג האַלט מיך די יידישע גאס ביי זיך. איך קאָן זיך מיט איר נישט שיידן. הונדערטער יאָרן האָבן יידן דאָ געלעבט און געצויגן דעם המשך פון יידישן קיום. ווי פון א נאָנטן, טייערן קבר, איז מיר שווער פון דאנען אוועקצוגיין.

און דאָך ווילט זיך אויסוויינען אביסל אויפן קבר פון אונדזערע נאָנטסטע. ווי אַן אויטאָמאַט קום איך צום בית עולם, שווער צו טרעפן צום קבר פון מיין פאָטער. נישטאָ קיין מצבות. די מצבות האָבן זיי פארנוצט אויף די שאָסייען. די הייליקע שטיינער זענען געלייגט געוואָרן מיט די אויתיות אַראָפּ. די פיר־עקיגע אותיות, וועלכע האָבן אין משך פון דורות באַזונגען די ערלעכע ביעלס־קער יידן נאָך זייער טויט, זענען צושטערט געוואָרן.

אויך זיי, אונדזערע נאָנטסטע אויפן הייליקן אָרט, האָט מען געשטערט אין זייער אייביקער רו.

אַלץ וואָס עס שמעקט מיט יידישקייט איז פארניכטעט געוואָרן.

יאָ, אזוי זעט עס אויס. אזוי זעט אויס היינטיק ביעלסק. א שוידער נעמט ארום יעדן איינעם, ווען ער גיט א טראכט וואָס סאיז געוואָרן פון א יידישן ישוב, פון זיינע יידישע איינוווינער. שרעקלעך האָט אויסגעזעען דער חורבן פון ביעלסק, פון יעדן ווינקעלע שרייט ארויס א קול פון די געפייניקטע: „געדענק אין אונדז, פארגעסט נישט, וואָס עמלק האָט געמאַכט מיט אונדז! נעמט נקמה פאר אונדזער בלוט!"

ביעלסק — איך בענק נישט נאָך דיין נאָמען און געאָגראפישן פלאץ וואָס דו פארנעמסט אויף דעם ערד־קוגל. איך בענק אָבער נאָך מיינע נאָנסטע, וועלכע רוען אויפן בית עולם, איך בענק נאָך מיינע ליבע און טייערע, וועלכע זענען פארפייניקט געוואָרן אין די געטאָס און גאז־קאמערן!

א קילער פרימאָרגן אין יוני־מאָנאַט. די לאנגע מיצקיעוויטש גאס איז געבליבן הינטער מיר. איך בין צוריק אויף דער באן סטאַנציע.

שווער זיך צו שיידן מיט דיר מיין חרוב יידיש ביעלסק, שווער איז אָבער אין דיר צו בלייבן. איך קלייב אויס דאָס צווייטע.



**מאָטל לעווקאָווסקי** — צווייטער אין דער ערשטער ריי — ביי דער לויה פון רחל פרעדמייסקי. נעבן אים **גדליה וואסער** און **חאצקל וויינשטיין**

מיר גיבן דאַ דעם בריף פון א קריסטין, פראַנ־ציסקא קוטאשעווסקא, צו הער סוקעניק אין אמעריקע, דאטירט 20.5.1946.

ס׳איז גענוג די צוויי „ידיעות״ ווי אזוי אַן אלטע יידישע מוטער האָט גערעדט פון טויט און א ייד א באדאכטער, וויסנדיק אז דער טויט איז זיכער, כדי צו פאַרפרירן אונדזער הארץ. דאָס איז אַ זעלטן מענטשלעכער דאָקומענט.

**רעדאקטאָר**

**צו הער ארנולד סוקעניק**

אמעריקע

(געשריבן פויליש, איבערזעצט דורך א. שטיינבערג)

**געהערטער הער,**

**ס׳וועט אייך וווּנדערן ווען איר וועט באקומען א בריוו פון א מענטש, וואָס איר קענט אים נישט.**

**טייערער הער, פון א לאַנגע צייט האָבן מיר געלעבט צוזאַמען אין פריינט־שאַפט מיט אייער קוזינע ש. אייזענבערג און דעם הערס (אייער) שוועסטער.**

**אייזענבערג איז געווען א דענטיסט א טעכניקער, ער האָט ארייַנגעשטעלט מיין מאַן ציין און אויך מיר. מיר האָבן זיך באקענט אין יאָר 1938. אייער שוועסטער פלעגט קומען יעדן טאָג מיט איר קוזן איזי צו אונדז נעמען מילך און מיר האָבן זיך זער גוט אויסגעלעבט.**

**אז ס׳איז אָנגעקומען די מערדער דייטשע ארמיי איז פאַר די יידן אין יענער צייט געווען זער שווער. צום אָנהויב האָט מען זיי געטריבן אויף שווערער ארבעט און זיי האָבן פאַר דער ארבעט נישט באקומען קיין געצאָלטס. ס׳איז נישט געווען ממש פון וואָס צו לעבן. מ׳האָט אויספאַרקויפט דאָס מעבל, די קליידער, דאָס אלץ וואָס דער דייטש האָט נישט אוועקגערויבט, ווייל ס׳איז אים נישט געפעלן. און צום סוף האָט מען זיי פאַרטריבן אין א ענגן פלאַץ פון 3 גאַסן. ס׳איז זיי געווען שווער צו וווינען, ווייל ס׳זענען געווען פיר טויזנט יידן און זער ווייניק וווינונגען.**

**אונדז האָבן זיי אויך ארויסגעזעצט פון אונדזער הויז און מען האָט אויף אונדזער פלאַץ אריינגעלאָזט אייזענבערגן.**

**די דריי גאַסן האָט מען ארומגעצוימט מיט אַ הויכן פלויט און מ׳האָט דאָס אָרט ווו יידן האָבן געוווינט אָנגערופן ג.ע.ט.א.**

**דער אריינגאַנג אין געטאָ אריין איז געווען פאַרבאָטן. אָבער מ׳האָט זיך באַנוצט מיט פאַרשיידענע מיטלען צום ארויסגיין. מ׳פלעגט אדורכקריכן אונ־טער דעם פלויט, אָדער מ׳האָט אָפּגעקויפט די זשאַנדאַרמען. מיין מאַן איז א פויער און אונדזער שייער (סטאָדאָלע) ווו מיר האָבן געהאַלטן אונדזער תבואה איז געווען נאָענט צום פלויט. איז מיר געווען לייכט יעדן טאָג זיי צוצושטעלן מילך, פוטער, אייער, מעל, קאַרטאָפל. כ׳שטרייך אונטער, אַז דאָס האָבן מיר נישט אומזיסט געטון. מיר האָבן באַקומען דערפאַר געלט. אייזנבערג איז געווען זער אַן ערליכער מענטש. שטענדיק האָט ער מיך געהאַלטן אין איין בעטן, אז**

אויב ס׳וועט זיין מעגלעך, זאָל איך אמורעניקסטן פאר אים אויסבאהאלטן זיין זון, איזין. דערנאָך האָט ער געגלויבט, וועט אים זיין קוזין אין אמעריקע ארי־בערברייינגן צו זיך.

טייערער הער. מיט זיי צוזאמען האָט אויך געוווינט אייער אלטע מוטער, וואָס האָט שטענדיק אייך דערמאַנט, אז זי האָט א זון אין אמעריקע. זי האָט געזאָגט „אויב גאָט וועט אונדז דערלויבן (פאזוואלי) איבערלעבן די שרעק־לעכע קריג וועלן מיר נאָך דער קריג פאָרן קיין אמעריקע.

אין א געוויסן פלאץ, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן מיט אייזנבערגן האָט ער מיר געזאָגט:

„אינגיכן וועלן אונדז די דייטשן אלע אויסמאָרדן, בייט איך אייך דערפאר, איר זאָלט פארשרייבן די 2 אדרעסן קיין אמעריקע, כדי איר זאָלט זיי לאָזן וויסן נאָך אונדזער טויט, אז מיר זענען דערמאָרדעט געוואָרן מיט א שרעק־לעכן טויט פון די הענט פון דעם גרויזאמען מערדער היטלער.

נאָכ׳ן אויסמאָרדן פון די יידן האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין אונדזער הויז, אָבער מיר האָבן דאָ נישט לאנג געוווינט ווייל ווען דער דייטש איז אָפּ־געטרעטן האָט ער פארברענט אינגאנצן אונדזער הויז און די רעשט געביידעס פון שטאָט. מיר האָבן אָנגעווירן אונדזער גאנץ מעבל, בעטגעוואנט און קליי־דונג. אונדזער גאנץ פארמעגן וואָס איז געבליבן איצט איז אונדזערע צוויי קינדער מיט וועלכע מיר האָבן באוויזן צו אנטלויפן מיט די (וויכטיקע) פאפירן און דאָקומענטן, וואָס זענען געווען וויכטיק ביי אונדז.

געהערטער הער, גאָט האָט אונדז דאָס לעבן אָפּגעראטעוועט און דאָס איז דאָך דאָס טייערסטע. איצט הייבן מיר אָן צו לעבן אויפדאָסניי. אונדזערע באַ־דינגונגען זענען שרעקלעכע. אַלץ איז רואינירט. אין אונדזער הויז זענען פארבליבן פאָרטרעטן געמאָלטע פון אייזנבערגן פערזענלעך, איך האָב מיך זער געפרייט מיט דעם אָנדענק, אָבער ביי דער שריפה זענען זיי אויך פארברענט געוואָרן.

דורך אזא לאנגער צייט האָב איך מיר געקליבן אייך צו שרייבן א בריוו, אָבער דעם אמת זאָגנדיק וועט איר פארשטיין אז א מענטש, וואָס איז צוגע־דריקט מיט א שווערער מאסע, וואָס האָט אליין נישט גענוג צום לעבן קאָן מען דאָס מוחל זיין. דאָך האָב איך ענדליך זיך אויסגעקליבן אָנצושרייבן דעם בריוו צו אייך, ווייל איך פיל דאָס פאר מיין פליכט צו מאַכן א דינסט מענטשן, וואָס זענען אומגעקומען מיט אַזאַ שרעקלעכן טויט פון די הענט פון די היטלער מערדער.

אויב מיין בריוו וועט אָנקומען צום געהערטן הער, בייט איך מיר ענטפערן, אויב איר אינטערעסירט זיך מיט די איבערלעבענישן פון אים מיט זיין פאמי־ליע קאָן איך דאָס אויספירליך באשרייבן.

איך בעט מיר ענטפערן וועל איך האָבן א רואיק געוויסן און כ׳וועל נישט האָבן קיין חוב פאר מענטשן, וואָס לעבן שוין נישט מער.

**פראנציסקא קאטאשעווסקא**

אוליצא אָגראָדאָווא 57

פון „פאָרווערטס"

# „מיר וועלן נישט פאַרגעסן חורבן ביעלסק"

## אזוי שרייבט א גראַטעוועטער ייִד פון ביעלסק (פאָדלאַסקי) צו זיין פריינדין אין ניו־יאָרק

דעם פאָלגנדיקן בריוו האָט אונדז צוגעשיקט אַ פרוי מיטן נאָמען ליבע עלסאָן, וועלכע וווינט אין 2102 וואַלאַס עוועניו, בראָנקס, וואָס זי האָט די טעג דערהאַלטן פון איר א פריינדין חנה טיקאָצקי פון ביעלסק (פאָדלאַסקי, געוועזענע גראָדנער גובערניע).

ביעלסק (פאָדלאַסקי), אויגוסט 14, 1945

טייערע פריינדין ליבע!

איך האָב דיר טעלעגראַפירט, און איצט מוז איך דערפילן מיין טרויעריקן חוב און דיר אַלץ אויסשרייבן אין א בריוו. ליידער האָב איך פאַר דיר נישט קיין גוטע נייעס צו שרייבן. נאָך דער טראַגעדיע, וואָס מיר, די פוילישע אידן, האָבן איבערגעלעבט, מוז איך, ליידער, זיין דער אַנזאָגער פון טרויער און ווייטאָג.

טייערע ליבע! עס איז מיר שווער דיר צו שרייבן. איך פיל דיין גרויסן ווייטאָג, וואָס איך מוז דיר פאַרשאַפן, אָבער זיי געשטאַרקט! אויך דיר, אלס טאָכטער פון אידישן פאָלק, האָט דער אומגליק נישט אויסגעמיטן און דו האָסט אויך א גרויסן חלק אין דער טראַגעדיע, וואָס די היטלעריסטישע הינט האָבן אונדזער איבערגעלאָזט.

אַלזאָ, טייערינקע, ווישׁ אויס דיינע טרערן און הער אויס, וועל איך דיר בקיצור באַשרייבן די „טראַגעדיע—ביעלסק", צווישן זיי זענען אויך פאַרטראָטן דיין און מיינע משפחות! איך וועל דיר שרייבן בקיצור, ווייל אויסשרייבן די גאַנצע ליידן, וואָס די אידן אין ביעלסק האָבן איבערגעלעבט, וועט מיר נישט קלעקן קיין פאַפּיר און אין מיין קאָפּ איז א מישמאַש. אלע געדאַנקען ווילן ארויס טאַנצן די ערשטע אויפן פאַפּיר, און עס איז מיר שווער זיך צו קאָנצענטרירן. עס דערגייט ביז משוגעת!

זונטאָג, דעם 22־טן יוני, 1941 יאָר, 4 אזייגער אינדערפרי, איז די גאַנצע ביעלסקער באַפעלקערונג דערציטערט געוואָרן פון שרעקלעכע קלעפּ, וואָס די דייטשע לופט־פּיראַטן האָבן אָנגעהויבן. זיי האָבן געוואָרפן באָמבעס אויף דער שטאָט און דערהרג'עט פיל מענטשן. אזוי האָט געדויערט דריי טעג. מיטוואָך רישער ארבעט. זיי האָבן באלד דערשאָסן אייניגע יידן. אין אייניגע טעג נאָך האָבן זיי פאַרנומען די שטאָט. זיי האָבן באלד צוגעטראָטן צו זייער מערדע־ זייער אָנקום, האָבן זיי ארעסטירט 30 אידן, די אינטעליגענץ פון שטאָט, צווישן זיי איז אויך געווען דיין שוואָגער לעווין, דבע'ס מאַן, אונדזערע חברים יוסף קאַץ, יאַנקל ברעזינסקי, מאָטל איטשטיין, אלטער מוזיקאנט, די ברידער מייי־ ציק און טאָלע קאַפּלאַנסקי און נאָך אנדערע. נאָך 3 טעג פּייניגונגען זענען

זיי ערגעץ פארשלעפט און דערמאָרדעט געוואָרן. ביז היינטיקן טאָג נישט גע־פונען זייער קבר. אין א מאָנאַט שפּעטער האָבן זיי געמאַכט די צווייטע עק־זעקוציע. זיי האָבן ווידער דערמאָרדעט 16 אידן, צווישן זיי שעפּע קעסטינ׳ס פאָטער, וואָראָנע דעם מאַליער, יהודה לאָזאָווסקי׳ס מוטער און נאָך אנדערע. די היטלעריסטן האָבן זיי דערמאָרדעט אין פּיליקער וואַלד, (מיט 10 טעג פריער האָבן מיר אויפגעזוכט זייער קבר און זייערע קערפּערס געבראכט צו קבר ישראל).



**ישראל בערקאָווסקי** און **יאנעק גלעזער** ביים אויפגראָבן די ביעלסקער קדושים אין פּיליקער וואלד, כדי זיי צו ברענגען צו קבר ישראל — 1946

נאָכדעם האָבן אלע אידן געמוזט פארלאָזן זייערע אייגענע הייזער און זיך אָפּשליסן אין א געטאָ. זייערע הייזער און מעבל האָבן די דייטשן פארנומען. עס פלעגט נישט אוועקגיין א פּאָר טעג, אז עס זאָל נישט דערשאָסן ווערן אַ פּאָר אידן. דאָס האָט געדויערט ביזן סוף פון 1941 יאָר. דאַן האָבן די פאר־שאָלטענע הינט צונויפגעזאמלט אלע אידן פון די ארומיקע שטעטלעך אין ביעלסקער געטאָ און פון דאָרט זיי געפירט סטאַדעוויטש צום באַן, ווו זיי פלעגן פארלאָדן ווערן אין ספּעציעלע וואַגאָנען און אָפּגעשיקט געוואָרן אין די טויטן־לאגער פון טרעבלינקע, מאידאַנעק, אוישוויענטשים. אין איין טאָג האָבן זיי אויסגעמאָרדעט די אלע קראַנקע איבערגעבליבענע אידן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט גיין צו דער באַן. עס זענען יענעם טאָג דערשאָסן געוואָרן איבער 100 מענער, פרויען און קינדער. זיי ליגן אַל אין א ברודער־קבר, אויף דער לאָנקע הינטער דעם יפה־עינים בית־מדרש. מיר רעכענען זיי אינגיכן צו ברענ־גען צו קבר ישראל.

אויך דיין משפחה, מיין טייערע, איז דאַן אוועקגעפירט געוואָרן און, ליידער, איז ביז היינטיקן טאָג נאָך קיינער פון זיי נישט צוריקגעקומען. ביז היינט זענען געקומען פון קאָנצענטראציע לאגער דריי אידן: דער אינגסטער פיא־

סעק, לייזער דאווידאָוויטש און דער חלוץ. אויך האָט פון רוסלאַנד זיך אומגעקערט יצחק כראבאַלאָווסקי, און איך. אזוי זענען מיר פינף איינציקע מענטשן, אָן פרויען און פאמיליעס...

אויסער אונדז וווינען איצט אין ביעלסק נאָך 50 אידן, וועלכע זענען אריינגעפאָרן פון די ארומיקע שטעטלעך פון ביעלסקער קרייז, ווייל אין ביעלסק איז פיל זיכערער. אלע שטעטלעך פון ארום ביעלסק זענען „ריין פון אידן". עס זענען נאָך דאָ איינציגע ביעלסקער, וועלכע זענען איבערגעבליבן, דאָס זענען די יוגנטלעכע, וואָס דינען אין דער רויטער אָדער אין די פוילישע ארמייען, אָדער עס געפינען זיך נאָך אייניקע פאַמיליעס אין רוסלאַנד, וועלכע זענען ארויסגעפירט געוואָרן. דאָס זענען די משפחה פון אייזיק בלומנטאַל, בארכאטעס, און קלמן פריידקעס. מיט אלע האַלט איך אָן אַ קאָנטאַקט און קאָרעספאָנדיר זיך. מיר האָפן, אז זיי וועלן אינגיכן אַלע קומען צוריק אַהער. יאָ, אויך די משפחה הירש קאדלובאַווסקי פון באַן גאַס, ער און זיין פרוי מיט די קינדער לעבן אין רוסלאַנד.

דאָס איז דער ביטערער סך־הכל פון אלע ביעלסקער אידן, פריינט און באַקאַנטע, און אויך פון דיין און מיין משפחה.

וועגן זיך וועל איך זיך באַנוגענען מיט אַ פּאָר ווערטער, ווייל צופיל האָסטו דיין אייגענעם ווייטאָג און צו גרויס איז מיין אומגליק. מיר האָבן די סאָוועטן מאָביליזירט אַלס בוי־מייסטער אין 1940 און איך בין געוועז אָנגעשטעלט ביים בויען פאר דער רויטער ארמיי. און מיט דער סאָוועטישער ארמיי האָב איך אָפּגעטראָטן ביז רוסלאַנד, און אויך דאָרט האָב איך מיט דער רויטער ארמיי דורכגעמאַכט דעם גאנצן מאַרש פון דער מלחמה ביז ענדע 1944. דאַן בין איך געוואָרן באפרייט צוליב מיין געזונט־צושטאַנד און זיך אומגעקערט אין מיין היים, אָבער ליידער, האָב איך קיינעם שוין מער נישט געטראָפן. איך האָב קיינעם נישט — נישט קיין פרוי און קינד, נישט קיין שוועסטער און ברידער, נישט קיין פריינט, און אפילו נישט קיין איינעם פון די אמאָליקע באַקאַנטע. איך בין עלנט ווי אַ שטיין, און ווייטער מער גאָרנישט... און אזוי מוז מען ווייטער ציען די לאמקע, וועלכע רופט זיך נאָך, צו אַלע טייוואָלים אָן, לעבן...

דאָס, מיין טייערע, קענסטו איבערגעבן צו אלע ביעלסקער לאנדסלייט, וואָס געפינען זיך אין אמעריקע. איך שיק דיר א פּאָר פאָטאָגראפיעס פון א טייל פון די ביעלסקער הרוגים. דאָס איז די עקסהומאַציע, וואָס מיר האָבן דורכגעפירט פון די 16 דערמאָרדעטע ביעלסקער אידן אין פיליקער וואַלד.

זיי געטרייסט אין דיין שווערן טרויער און פאַרבלייב געזונט און שטאַרק און פארגעס נישט צו געדענקען דעם „חורבן ביעלסק"!

דיין פריינט,

**חנא טיקאָצקי**

# אין ביעלסק נאכן חורבן

ביעלסק, 8.7.45

בעסטע ח׳טע פערעלע!

דיין בריוו וואָס דו האָסט געשיקט נאָך ביעלסק, איז אָנגעקומען צו מיר. ד״ה צו דיין שכן טיקאָצקי חנא, ווייל ליידער ביז יעצט בין איך געווען דער איינציקער ייד אין ביעלסק. יעצט זענען מיר שוין 5 יידן, 3 זענען געקומען פון היטלער׳יסטישע טויט־לאַגערן און 2 האָבן זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד. מיט ווייטאָג מוז איך דיר ענטפערן, אַז דיינע עלטערן האָבן געטיילט דעם זעלביקן גורל ווי אַלע ביעלסקער יידן און אַוועקגעפירט געוואָרן אין טרעבלינקע. דאָס איז איינער פון די גרעסטע טויט־לאַגערן, וואָס די היטלער׳יסטישע מער־דער האָבן אויפגעבויט פאַר יידן. ביז יעצט איז נאָך קיינער פון דאָרט נישט אומגעקערט. דאָרט איז דער גרעסטער קבר פון אַלע פוילישע יידן. דאָס איז געווען דעם 19 ליסטאָפּאַד 1942, אַזוי איז געשען אין גאַנץ פוילן. עס זענען פאַראַן ווייניק גליקלעכע שטעט, פון וועלכע עס האָבן זיך געראַטעוועט צו אייניקע יידן, אַזוי אַז די יידן פון אַלע שטעט פון ביעלסקער פּאָוויאַט ווינען יעצט אין ביעלסק און צוזאַמען זענען מיר ביז 70 פערזאָן. די מערהייט איינציקע מענטשן, אָן משפחות. דאָס טרויעריקע זאָלסטו איבערגעבן אַלע אונדזערע ביעלסקער — זאָלן זיי וויסן דעם גרויסן בראָך וואָס האָט געטראָפן דעם פּוי־לישן יידנטום און צוזאַמען אויך די ביעלסקער יידן.

טייערע פערעלע, איך וואָלט דיר נאָך געהאַט פיל צו שרייבן. עס ווילט זיך אַביסל אויסריידן דאָס פאַרוויסטאָגטע האַרץ פאַר אַ באַקאַנטן מענטשן. אָבער עס איז מיר אומעגלעך, די געדאַנקען אין מיין מאַרך האָבן זיך צעבונ־טעוועט און אַלע ווילן, אַז איך זאָל זיי מיט אַמאָל אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר און דאָס דערברענגט ביז משוגעת, איז פאַרלויפּיק גענוג.

יאָ, טייערע פּער׳עלע (אַנטשולדיקט וואָס איך בין מיט אייך אַזוי פאַמיליאַר, עס בענקט זיך מיר נאָך אַ באַקאַנטן מענטשן). אַלזאָ, איך האָב צו אייך אַ ביטע: זעט זיך מיט ראַדילעווסקין אָדער מיט פאַרבער׳ן און זאָלן זיי מיר שרייבן אַ בריוו. פּילייכט וויסן זיי עפּעס פון מיין ליבע׳ן, פּילייכט לעבט זי און האָט צו זיי עפּעס געשריבן. זאָלן זיי מיר עפּעס שרייבן, מיר וווּנדערט זער וואָס זיי שווייגן און שרייבן גאָרנישט.

וועגן זיך וועל איך אייך דערציילן אין קורצן. איך האָב די גאַנצע צייט פון קריג געווען אין רוסלאַנד. יעצט בין איך זיך אומגעקערט אין פוילן מיט דעם האָפענונג וועמען צו טרעפן פון פאַמיליע אָדער פר׳יינד. ביז יעצט האָב איך קיינעם נישט, איך בין איין מענטש אָן פרוי, קינד, פריינד און אפילו אָן באַקאַנטע. מאַטעריעל גייט מיר נישט שלעכט, אָבער איך וויל קומען צו אייך. גיט דאָס אַלעס איבער ביי ראַדילעווסקי אָדער פאַרבער׳ן. איך וואָלט זיי אַליין געשריבן, האָב איך נישט זייער אַדרעס. זייט געזונט און שטאַרק. האַרציקע גערוסן פאַר מיין משפחה און אַלע ביעלסקער.

אייער געוועזענער שכן **ח. טיקאָצקי**

# די לעצטע אידן אין ביעלסק־פאדלאס״ק זענען שוין איינגעפאקט און ווארטן אויף א שיף קיין ישראל

פון ש. ל. שניידערמאן

**רעדאקציע באמערקונג:**

מיר גיבן דאַ ש. ל. שניידערמאנס באריכטס־אַרטיקל אין פאַרווערטס פון 27.12.57 טראָץ זיין פארעלטערטקייט, ווייל עס שפיגלט אָפּ ביעלסק פון דער נאָך נאצישער גרויזאַמער קאַטאַסטראָפּע מיט אירע יידן־שפּליטערלעך און אויך דערפאר, ווייל ס'דערשיינען דאַ נעמען פון ביעלסקער יידן־רעשטלעך און צווישן די אויפגאַבן פון יזכור בוך איז אויך זיין וויכטיקייט אין דעם וואַס ער דערציילט וועגן ביעלסקער געבליבענע און ברענגט עס צום וויסן פון ביעלסקעער אין דער גאַרער וועלט.

דער שאָסיי, וואָס פירט פון זאבלודאוו צו דער פאוויאט־שטאָט ביעלסק־פאָדליאסק, איז געפלאסטערט מיט גרויע ציגעל. דער דאָזיקער שיינער שאָסיי, וואָס ציט זיך אויף צענדליקער מייל לענגאויס די אָרימע פאדליאסקער דערפלעך מיט די שטרוי־געדעקטע הייזקעס, ווינטמילען און הילצערנע ברינעמער, איז דורכגעווייקט מיט'ן בלוט פון די יידישע שקלאפן־ארבעטער. דעם דאָזיקן שאָסיי האָבן געפלאסטערט די יידן פון זאבלודאווע, ביעלסק פאדלאסק. ארלע, גראיעווע, וואסילאווקע, זעמבראווע און אנדערע שטעטלעך פון ביאליסטאָקער געגנט.

פונקט ווי ביי פרעה'ן אין מצרים, אזוי אויך אונטער דער נאצישער אָקופּאציע, האָבן די יידן פון דער דאָזיקער געגנט געמוזט אליין צושטעלען די ליים, אויסברענען די ציגעל און זיי אויספלאסטערן איבער די בלאָטיקע, דאָרפשע וועגן. פאר דער דאָזיקער ארבעט פון שנעלן אויסבויען דעם שאָסיי האָבן די נאציס געמאכט פאראנטוואָרטלעך דעם אָרלער רב, הרב האלפערן און דעם פאָרזיצער פון דער קהילה, שמואל וויינשטיין, וועלכער איז געווען דער אייגנטימער פון דריי ציגעל פאבריקן אין דער געגנט. ביידע זענען זיי געפאָלן אויפ'ן שאָסיי אונטער די קלעפּ פון די נאציס און דאָס דערפאר, ווייל זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצוטרייבן די יידן צו ארבעטן שנעלער.

ביעלסק־פאָדלאסק איז געווען א גרויסער יידישער צענטר אין ביאליסטאָקער פראָווינץ. פונקט ווי אלע אנדערע שטעטלעך אין דער געגנט פון פאָדליעסיע, איז אויך די פאוויאט־שטאָט ביעלסק א מין גרויס דאָרף מיט נידעריקע, הילצערנע הייזקעס. בלויז אויפ'ן מאַרק געפינען זיך געמויערטע הייזקעס און אין צענטער — א בנין מיט א הויכן רויט־ציגעלדיקן טורעם. דאָ געפינט זיך דער שטאָט־ראט, די טורמע, די פייער לעשער און אנדערע אינסטיטוציעס.

ווי אונדזער אויטאָמאָביל איז אָנגעקומען אין שטאָט, זענען אלע יידן פון

ביעלסק־פאדלאסק זיך צונויפגעקומען אין הויז פון ישראל קאפּלאנסקי, וואָס איז דער זאמלונגס־פּונקט פון דעם הייפל ביעלסקער יידן. קאפּלאנסקי איז עס דער בעל תפילה אין דער ביאַליסטאָקער שול. דער בעל הבית און זיין פרוי, טויבע, האָבן גלייך גענומען גרייטן דעם טיש, וואָס זיי האָבן איבערגעדעקט מיט א ווייס טישטוך און אוועקגעשטעלט פון כל־טוב — מארינירטן הערינג, שטרודעל, בראָנפען און אפילו פסח־דיקען ווישניאק, וואָס זיי האָבן אָפּגעגאָסן פון א גרויסן סלאָי.

ישראל און טויבע קאפּלאנסקי וווינען אין א נייער הייזקע פון פיר צי־מערן, באקוועם און מאָדערן איינגעריכטעט. ווען זיי האָבן באמערקט מיין שטוינונג צוליב דער פיינער הייזקע, האָבן זיי מיר דערציילט, אז דאָס הויז האָט זיך אייגענטלעך געפונען אין שכנות־דיקן ארלע, ווו זייער משפחה האָט געלעבט במשך פון דורות. נאָך דער באַפרייונג, ווען זיי זענען ארויסגעקומען פון דער באהעלטעניש אין א דערבייאיקן דאָרף, האָבן זיי דאָס הויז פון אָרלע אריבערגעטראָגן קיין ביעלסק־פּאָדלאסק, ווייל זיי זענען געווען די איינציקע יידישע משפחה, וואָס איז צוריקגעקומען קיין אָרלע.

דאָס הילצערנע הויז איז געוואָרן פאנאנדערגענומען און שטיקלעכווייז איבערגעפירט געוואָרן מיט פויערישע וועגענער. א חודש צייט האָט געדויערט דאָס אריבערפירן און במשך פון 2 וואָכן צייט איז עס אויפגעשטעלט געוואָרן. די גאס, ווו דאָס הויז פון ישראל קאפּלאנסקי שטייט איצט, האָט פאר׳ן קריג געהייסן אוליצא בוזשניטשנאַ — בית מדרש גאס. דאָ האָט זיך געפונען דאָס גרויסע בית המדרש, די מקווה, דער מרחץ און די אנדערע קהל׳שע אינסטי־טוציעס פון ביעלסק פאדלאסק. פון דעם אלעם איז נישט פארבליבן קיין זכר. אויך דער נאָמען פון דער גאס איז געענדערט געוואָרן אויף: קאזשימיע־זשאַווקא.

אין די גראָמע צימערן פון קאפּלאנסקי׳ס הויז זענען געשטאַנען דריי ריזיקע קאסטנס, געמאכט פון פרישע סאָסנאָווע ברעטער, וואָס האָבן אין די שטובען פארשפרייט דעם ריח פון וואלד. די קאסטנס זענען געווען פארמאכט מיט שלעסלעך. דאָס איז דער באגאזש, וואָס די משפחה קאפּלאנסקי האָט פארטיק פאר זייער אָפּפאָר קיין מדינת ישראל. אין איינעם פון די קאסטנס געפינט זיך אַ שפּאָגל נייע פּיאנאָ.

קאפּלאנסקי, פון בארוף א פיהענדלער, האָט זיך פאר מיר מודה געווען, אז ער האָט די גאנצע צייט גאנץ פיין פארדינט און אז איצט, צוליב דער נייער פאראָרדענונג וועגן מער פרייהייט פאר פריוואטן האנדל, קען ער מאכן נאָך מער געלט. ער האָט אָבער באַשלאָסן אויסצוואנדערן קיין ישראל, ווייל אין ביעלסק און אפילו אין ביאַליסטאָק לעשט זיך אויס דאָס יידישע לעבן און עס ווילט זיך די לעצטע יאָרן זיין אין א יידישער סביבה. דאָס הויז, וואָס ער האָט שטיקלעכווייז איבערגעפירט פון אָרלע, האָט ער שוין פארקויפט פאר 700 דאלאר. ער האָט שוין זיין פאספּאָרט, די וויזע, און ווארט בלויז אויף דער מיטיילונג וועגן דער שיף, וואָס דארף פון פוילישען האַפן, פון גדיניא, אָפּפאָרן קיין חיפה.

קאפלאנסקי און אויך אַ צווייטער ביעלסקער איד, עליאש פאגאדע, די־רעקטאָר פון דער אָרטיקער מלוכה׳שער פלאקס־שפּינערײַ, זענען געוואָרן אין פרעזידיום פון ביעלסקער נאַציאָנאַל־ראַט, ווו דער פּאָרזיצער און די אַנדערע באַאמטע האָבן מיט זיי געפרוווט איינטענה׳ן, אַז זיי זאָלן נישט אוועקפאָרן פון שטאָט.

„איך האָב קלאָר געפילט — האָט קאפלאנסקי געזאָגט — אַז די גויים מיינען עס ערנסט. זיי האָבן מיך געפרעגט, צי איך לייד פון אַנטיסעמיטיזם, צי איך האָב וועלכע עס איז שוועריקייטן און פּרובירט ווירקן אויף מיר אַז איך זאָל אין לעצטן מאָמענט ענדערן מיין באַשלוס און בלייבן אין ביעלסק״.

עליאש פאגאדע האָט צוגעגעבן אַז דער פּאָרזיצער פון נאַציאָנאַלראַט, מיט וועלכן ער איז פּערזענלעך באַפריינדעט, האָט מיט טיפער אויפריכטיקייט געזאָגט: „עס וועט זיין אומעטיק אין שטעטל אָן אייך. פּאָרט נישט אוועק. איר האָט זיך פאר גאָרנישט וואָס צו שרעקן. די אַמאָליקע צייטן זענען פאַרביי״.

אויך די דריי ברידער גרודע האָבן שוין זייערע פּאַספּאָרטן און גרייטן זיך אָפּצופאָרן קיין ישראל. ווי פעיקע סוחרים האָבן זיי די איבערוואַנדערונג קיין ישראל פלאַנירט מיט אַ טאָלק. זיי האָבן ארויסגעשיקט קיין ישראל זייער עלטסטן ברודער, לייזער, צוזאמען מיט זיין 17־יאָריקן זון. די פרוי פון לייזער גרודע איז נאָך פאַרבליבן אין ביעלסק, כדי צו העלפן ארויסשיקן דעם איבע־ריקן באַגאַזש. לייזער גרודע מיט זיין זון זענען געפאָרן מיט אַ גרויסן טראַנס־פּאָרט פון 22 יידישע פאַרמערס פון נידער־שלעזיען. דאָס איז געווען א ספּע־ציעלער צוג פון 36 וואַגאָנען מיט בהמות, פערד, שעפסען און אגריקולטור מאשינען. די ברידער גרודע האָבן אין דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט מיטגעשיקט 6 בהמות, 19 שעפסען און א טראַקטאָר. די ברידער גרודע, וועלכע געפונען זיך נאָך אין ביעלסק־פאַדלאַסק, וועלן אַלזאָ פאָרן קיין ישראל אויף א פאַר־טיקער ווירטשאַפט, וואָס זייער ברודער האָט פאַר זיי צוגעגרייט הינטער חיפה.

די ברידער גרודה און בכלל די עטלעכע אידן פון ביעלסק־פאדלאסק שפּיגלען ווייט נישט אָפּ דעם צושטאַנד פון די פּוילישע אידן, וועמענס מער־הייט באַשטייט פון צעבראָכענע, אָרימע מענטשן, וועלכע מוזן אָנקומען נאָך הילף און שטיצע, ווי נאָר זיי באַטרעטן די ערד פון מדינת ישראל.

די ברידער גרודע האָבן אָבער באַצאָלט פאַר דער פּראָספּעריטי, וואָס זיי האָבן גענאָסן אין די ערשטע יאָרן פון קאָמוניסטישן פּולין. אין יאָר 1953, ווען דער פּאָליציי רעזשים איז געווען פאַרשטאַרקט און מען האָט גענומען אונטער־דריקן יעדע פּריוואַטע איניציאַטיוו אין פּוילען, איז פישעל גרודע ארעסטירט געוואָרן. די פּאָליציי פון ביעלסק־פאַדלאַסק האָט אויף אים געמאַכט א בלבול, אַז ער האַנדלט מיט דאָלאַרן. די ברודער גרודע האָבן דאַן אָנגעשטעלט פיר אדוואָקאַטן פון וואַרשע — איין ייד און דריי פּאָלאַקן. דער יידישער אדוואָ־קאַט, ערליך, געפינט זיך שוין איצט אין ישראל און די פּוילישע אדוואָקאַטן זענען געווען: פּרושינסקי, לודאשוק און באַבינסקי. נאָך לאַנגע לאָדענישן אין געריכט האָט פישל גרודע באַקומען ניין חדשים תפיסה. ביז צום משפט איז ער שרעקלעך געפייניקט געוואָרן פון דער פּאָליציי.

צוויי יאָר נאָך דער באפרייאונג, אין ווינטער פון יאָר 1953, ממש עטלעכע טעג נאָך דעם דאָקטוירים בלבול אין מאָסקווע, איז פישעל גרודע ווידעראמאָל געוואָרן ארעסטירט. דאָס מאָל איז ער געוואָרן אָנגעקלאָגט, אז ער האלט אַ פארבינדונג מיט דער אונטערערדישער באוועגונג. צוועלף פּאָליציאנטן זענען געקומען אין הויז פון די ברידער גרודע און צוגענומען ממש אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט אין הויז. קורץ נאָך סטאלינ׳ס טויט איז גרודע, פונקט ווי די דאָקטוירים, אָן שום משפט באפרייט געוואָרן און זיין אָרט אין תפיסה האָבן פארנומען דער ביעלסקער פּראָקוראָר און דער אויספאָרשונגס ריכטער. עס האָט זיך, נעמליך, ארויסגעוויזן, אז זיי האָבן צוגע׳גנבעט דאָס זילבערווארג און דאָס צירונג פון די ברידער גרודע.

דער פּראָצעס געגען פּראָקוראָר און אויספאָרשונגס־ריכטער איז פּאָרגע־קומען הינטער געשלאָסענע טירן און יעדער איינער פון זיי האָט באקומען צו אַכט יאָר תפיסה. לעצטענס זענען זיי באַפרייט געוואָרן, געניסנדיק פון דער גאַמולקא־אַמנעסטיע. דער אויספאָרשונגס־ריכטער געפונט זיך ווייטער אין ביעלסק־פּאָדלאסק און ארבעט אלס א טרעגער. ווי נאָר ער איז ארויס פון תפיסה איז ער געקומען צו די ברידער גרודע און זיך פארענפערט, אַז ער האָט זיי ארעסטירט אויף דער פאראָרדענונג פון דער פּארטיי. ער האָט אפילו באַהויפּטעט, אז דער סעקרעטאר פון דער פּארטיי האָט אים געשיקט א צעטעלע צו פאר׳משפּט״ן פישעל גרודע׳ן אויף פינף יאָר טורמע.

די איבערלעבונגען פון פישעל גרודע און זיין פרוי שטעלען מיט זיך פאָר א טרייע אָפּשפּיגלונג פון די ליידן, וואָס די לעבן־געבליבענע פּוילישע יידן האָבן דורכגעמאכט אין פארלויף פון די לעצטע צוויי צענטליק יאָר אונטער די נאציס און אונטער די סאָוועטן. דורך די יאָרן פון דער נאצישער אָקופּאציע האָט פישל גרודע. צוזאמען מיט זיינע ברידער, זיך אויסבאַהאַלטן ביי פּריינטלעכע פּויערים אין א דאָרף הינטער ביעלסק־פּאדליאסק. דאגעגן די פרוי פון פישעל גרודע, וועלכע שטאַמט פון ראוונע, האָט די מלחמה־יאָרן דורכ־געמאַכט אויף די וואנדער וועגן פון סאָוועט רוסלאנד. אלס 12־יאָריקע מיידעלע איז זי אין יאָר 1941 עוואקואירט געוואָרן טיף אין סאָוועטישער באשקיריע, ווו זי איז ביזן יאָר 1945 פארבליבן אין דער שטאָט אופא. זי האָט זיך דאָרט צוגעטוליעט צו א יידישער משפחה קראמער פון סטאניסלאוואוו און אין 1945 צוזאמען מיט זיי צוריקגעפאָרן אין דער דאָזיקער גאליצישער שטאָט, וואָס געפינט זיך אונטער סאָוועט רוסלאנד.

די ברידער גרודע מיט זייערע משפחות וווינען צוזאמען אין איין הויז און פונקט ווי ביי ישראל קאפּלאנסקי זענען אויך ביי זיי די צימערן פול מיט וואליזעס און קאסטנס מיט זאכן און פון טאָג צו טאָג ווארטן זיי אויף דער מיטיילונג וועגן דער פּוילישער שיף, כדי פון דאנציג אָפּצופאָרן קיין חיפה.

**צבי קאדלאבאָווסקי**

# הילף אינסטיטוציעס

די לינת הצדק איז געגרינדעט געוואָרן פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה. איינער פון די גרינדער איז געווען משה נחמז סירקינס טאַטע. קיין קהילה אין אונדזער שטאָט אין דער צייט איז נאָך נישט געווען. די עסקנים זענען געווען מענטשן פון סוחרישן קרייז און זיי האָבן געשאַפן פריער דעם לינת־הצדק, שפּעטער א בית חולים, הכנסת אורחים פאַר אָרעמע לייט, וואָס זענען געקומען אין שטאָט, זיי זאָלן האָבן ווו צו שלאָפן, דערנאָך איז געווען ביי אונדז אויך א יתומים הויז. צווישן די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס ביי אונדז אין שטאָט איז דער לינת הצדק געווען א ווירקזאַמע און נוצלעכע אינסטיטוציע און דאָס א דאַנק דעם דאָקטאָר עפּשטיין, דעם משומד, וואָס האָט געוווינט אין ביעלסק. ער האָט געהאָלפן דעם לינת הצדק, מיט זיין מעדיצינישער דינסט וואָס ער האָט ארויסגעוויזן אָן אַ גרענעץ און אָן געלט. ער איז פּשוט געווען א מיטגליד פון דעם יידישן לינת הצדק. זיין פרוי איז געווען א קריסטן און זיינע קינדער האָבן שוין גאָר נישט געוווּסט פון יידישקייט, אָבער ער האָט זער א סך געהאָלפן יידן.

דער לינת הצדק האָט געגעבן עקאָנאָמישע הילף, מעדיצינישע הילף, שפּעטער האָט ער געשאַפן עטלעכע בעטן פאַר ספּעציעל יידישע קראַנקע, וואָס מ׳האָט געדאַרפט היילן באַזונדער אין ספּעציעלע באַדינגונגען און אויך די קראַנקע וועלכע האָבן אין שטוב נישט געהאַט קיין גוטע באַדינגונגען זיך אויסצוהיילן. דאָס איז געווען איינע פון די פיינסטע אינסניטוציעס וועלכע מיר האָבן געהאַט אין שטאָט.

נאָך אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע האָבן מיר געהאַט — אַ הכנסת אורחים. אין יענע צייטן פלעגן די אָרעמע לייט קומען פון איין שטאָט אין דע צווייטער. אין יעדע שטאָט פלעגן זיי גיין פון קראָם צו קראָם, פון שטוב צו שטוב אָן קלייבן נדבות. אָבער זיי האָבן נישט געהאַט ווו צו נעכטיקן. האָט מען געשאַפן דעם הכנסת אורחים און דאָרט האָבן זיי געקאָנט זיך אָפּרוען און נעכטיקן און שפּעטער גיין ווייטער.

לינת הצדק איז געווען פאַרבונדן מיט דער „באַלניצה״, מיטן יידישן שפּיטאָל; די טוערס און מיגלידער זענען געווען אַמיינסטנס יונגע מענטשן, וועלכע פלעגן גיין צו קראַנקע זיצן ביי זייער בעט אין די נעכט. אַ מענטש איז קראַנק געוואָרן און האָט נישט געהאַט אין שטוב קיין גוטע באַדינגונגען, אָדער ווער ס׳זאָל אויף אים אויפּפּאַסן, אים העלפן — פלעגן זיי זיצן גאַנצע נעכט ביי דעם קראַנקן, אים געבן די רעצעפּטן, אכטונג געבן אויף אים, טאָמער וועט עפּעס געשען. די „באַלניצה״, דער שפּיטאָל, האָט געגעבן הילף, ממש הילף, מעדיצינישע הילף.

אַ דריטע אינסטיטוציע וואָס מיר האָבן געהאַט — דאָס אַלץ פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה — איז געווען א פּרייוויליקע פּאַזשאַרנע. אין דער

פאַזשאַרנע האָט אויך געאַרבעט דער דאָקטאָר עפּשטיין, דער משומד, געווען איינער פון די גרינדער. די אַלע פּריוווילִיקע זענען געווען יידן. אחוץ אפשר די פירער זענען אַלע געווען פון די פאָלקס מאַסן, פון אַרבעטער, ווייל אין דער פאַזשאַרנע האָט מען געדאַרפט שטאַרקע מענטשן זאָלן קענען אַרבעטן. מ׳האָט זיי געמאַכט אוניפאָרמען און די פאַזשאַרנע איז געווען איינע פון די שענסטע אינסטיטוציעס אין אונדזער גאַנצער געגנט. זיי האָבן געפירט פאַראַדן, געהאַט גוטע כלים, מאַשינען, און אין מיטן שטאָט איז געווען א רעמיזיע וווּ מ׳האָט געהאַלטן די כלים.

א ביסל שפּעטער איז אויך געשאַפן געוואָרן — מיטן אָנטייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, פון דער נישט־ציוניסטישער אינטעליגענץ — א ביבליאָטעק. זיי זענען נישט געווען יידישיסטן. אין יענע צייט איז נאָך נישט געווען דער אויסדרוק. אָבער א טייל פון זיי זענען געווען סאָציאַליסטן. די ביבליאָטעק איז געווען אַן אַלגעמיין געזעלשאַפטלעכע, נישט קיין יידישע אינסטיטוציע. זי האָט באַדינט קריסטן און יידן צוזאַמען. דער גרעסטער טייל ביכער זענען געווען רוסישע, א קלענערער טייל יידישע. העברעישע ביכער געדענק איך בכלל נישט. מסתמא זענען געווען עטלעכע. אין די ביבליאָטעק האָבן ציוניסטן געהאַט זייער א קליינע השפּעה.

מ׳קאָן נישט רופן די יידן מיטגלידער פון דער ביבליאָטעק אַנטי־ציוניסטן, ווייל אין יענע צייטן האָט אין דער יידישער באַפעלקערונג זיך נאָך נישט אָפּגעטיילט ציוניסטן און אַנטי־ציוניסטן. איינער פון די פירער איז געווען א נאָטאַריוס, א גוי, ראַדקעוויטש האָט ער געהייסן. א קריסט, א ליבעראַל. האָבן מיר געהאַט א אונטערשטיצונג פון אים. דער שטאָט ראַט האָט אויך געהאָלפן.

אין יענע צייט האָבן געהאַט שטים־רעכט צו דעם שטאָט ראַט נאָר יידן בעלי רכוש. אַרבעטער, פאָלקס־מענטשן און אַנדערע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פאַרמעגן, האָבן נישט געהאַט קיין שטים־רעכט. קיין וואַלן האָבן זיך בכלל נישט געפירט אין די רוסישע צייטן. ס׳זענען געווען „פּיאַטידוואָרניקעס" ווי מ׳האָט זיי גערופן. בעלי־בתים פון פינף הייפן. די בעלי בתים פון פינף הייפן האָבן זיך אויפגעקליבן און אויסגעוועלט עטלעכע מיטגלידער פון שטאָט־ראַט. א דרינל פון דעם שטאָט ראַט האָבן זיי געהאַט די רעכט אויסצוקלייבן. צוויי דריטל זענען געווען באַשטימט פון אויבן. די ביבליאָטעק איז געווען זער אויף א שיינעם הויף געשטעלט, ס׳איז געווען זער אַסאַך ביכער, און א לייען־זאַל און פאַרנאַכט זענען מענטשן געקומען לייענען. ס׳איז געווען א מיטגליד אָפּצאָל און יעדער מיטגליד האָט געדאַרפט צאָלן צו דריי רובל א יאָר, דוכט זיך. מיט דעם אָפּצאָל איז ער געוואָרן א מיטגליד און מ׳האָט אים געגעבן ביכער אין שטוב אריין צו לייענען, עס איז געווען א תורנות אין דער ביבליאָטעק. שפּעטער האָט מען גענומען אַן אָנגעשטעלטן און נאָך שפּעטער אפילו צוויי ספּעציעלע אויף פאַרנאַכט. איינער איז געווען א קריסט, דער צווייטער א ייד.

די יידישע אינסטיטוציעס האָבן זיך געדאַרפט אויסהאַלטן פון געקליבענע

געלדער. וואָס מ׳האָט גערופן „קאראבקע״, די מסים האָט מען געקליבן פון שעכטן עופות. יעדע באַלעבאָסטע, וואָס האָט געדאַרפט גיין שעכטן עופות, האָט געדארפט קויפן אַ קוויטל, איידער דער שוחט האָט איר געשאָכטן די עופות. אָפּגעצאָלט האָט זי דאן אַן ערך פון פינף גראָשן פאר יעדער עוף. דאַן האָט דער שוחט געהאט דאָס רעכט צו שוחטן. אָן דעם אָפּצאָל האָט מען נישט געקענט שחטן. פלייש האָט מען אויך געדארפט שטעמפּלען אין שטאָט ראט און פאר דעם פלעגט מען אויך אָפּצאָלן. א טייל פון די געלדער איז געגאנגען פאר די צרכים פון דער יידישע קהילה.

די יידישע קהילה ביי אונדז אין שטאָט האָט געבויט א באָד. עס איז געווען זער אַן אלטע באָד, מ׳האָט זי געמוזט באַנייען און די קריסטלעכע באַפעל־קערונג האָט אויך נישט געהאט קיין באָד האָבן די קריסטן געפירט א קאמף מיט די יידן, זיי האָבן געוואָלט זיין שותפים מיט די יידן צו דער באָד. די יידן האָבן נישט געוואָלט בשום אופן אריינלאָזן די קריסטן אין באָד, ווייל יידן האָבן געהאלטן, אז אין באָד וועט מען איינאָרדענען א מקווה, און דאָס האָט צו טון מיט יידישער רעליגיע, און דאָס שותפות מיט די קריסטן קאָן שטערן. אזוי אז זיי האָבן בשום אופן נישט געוואָלט אריינלאָזן די קריסטן. די יידן האָבן אליין געבויט די באָד און אין דער באָד האָט מען געמאכט צוויי אפטיילונגען: איינע א געוויינלעכע באָד, פאר דער פשוטער באפעל־קערונג און איינע האָט מען געמאַכט, אַ בעסערע, און איר געגעבן אַ נאָמען „דוואריאנסקי״. דוואריאנין איז א העכערע שיכט אין דער רוסישער באַ־פעלקערונג. די געוויינלעכע באָד איז געווען אַ גאַנץ שיינע. מיט קאכל, מיט וואנעס שיינע אויפגעשטעלט, דאָס פארע צימער איז געווען אין דער אַלגעמיינער טייל. אין דער בעסערער באָד, אין דער „דוואָריאנסקער״, איז יעדער אריין אין א באזונדערן צימער. עס איז געווען זער א שיינע אינסטי־טוציע.

דאָ האָט מען געהאַלטן א יידישן בעדער און פארן באָד האָט מען געצאָלט.

קריסטן פלעגן אויך גיין אין די דוואריאנסקי באָד און אויך געצאָלט. אין דער אלגעמיינער באָד פלעגן אויך גיין יידן און קריסטן. מיינסטנס פלעגט זיך הייצן דאָרט דאָנערשטיק און פרייטיק. ווינטער פלעגט זיך הייצן נאָך א טאָג

ש. י. סטופניצקי

# גמילות חסדים אמאל און היינט

## גמילות חסדים ווערט געטון שטענדיק הייליק

דער ענין גמילות־חסדים געהערט צו די זאכן, וואָס דער מענטש געניסט פון די פירות אויף דער וועלט און דער קרן בלייבט אויף עולם־הבא — ווערט ביי אונדז געזאָגט. מען קאָן עס פארשטיין אין וועלטלעכן זין אויך: עס קאָן הייסן, אז פון א גמילות חסד געניסט מען און געניסט און עס ווערט קיינמאָל נישט אויסגענוצט, ווייל דער „קרן" קערט זיך כסדר צוריק אום, דער קרן ווערט נישט אויפגעגעסן. עס איז בבחינת וועלטלעכער, מאַטעריאַ־ליזירטער סנה פון וועלכן עס ווערט דערציילט, אז ער ברענט און ברענט און ברענט און ווערט קיינמאָל נישט פאַרברענט; דעם קערן עסט קיינער נישט אויף; דעם קרן גיט מען שטענדיק אָפּ. אזוי האָבן יידן פארשטאַנען דעם ענין גמילות חסד אמאָל. א גמילות חסד איז געווען הייליק, א גמ"ח האָט מען שטענדיק אָפּגעצאָלט, אפילו ווען מען איז שטיין געבליבן, אפילו ווען מען איז, לא עלינו, געוואָרן א אָנזעצער. אָט פון דער אייגנארטיקער אויפאסונג פון פאָלק דעם ענין גמילות חסד האָב איך זיך דערוווּסט בעת איך בין געווען נאָך גאָר א קינד.



**וויאזוי מיין טאַטע האָט פאַרשטאַנען ג״ח**

צו מיין טאַטן, א ייד א בעל הבית אין ביעלסק, פלעגט קומען א שכנטע, הינדע־ביילע, א קרעמערקע, באָרגן א גמילות חסד. זי פלעגט באָרגן מיטוואָך פאַרן מאַרק און אָפּגעבן פרייטיק נאָכן מאַרק. אזוי האָט זיך עס געצויגן אין משך פון יאָרן. מיט דער צייט פלעגט שוין קומען דער זון, יחיאלקע, נעמען דעם גמילות חסד. ער האָט שוין געהאט אן השגה צו באָרגן א גאַנץ פינף און צוואנציקער (25 רובל) און האַלטן ביז איבער שבת, אַמאָל פּראָלאָנגירן דעם חוב אויף אַ גאַנצע וואָך. אויך ער האָט געהאַט קרעדיט א לאנגע צייט. איינמאָל איז ער געקומען שבת צו נאַכטס, האָט זיך אוועקגעזעצט שמועסן מכוח פּאָליטיק, אין וועלכער ער איז געווען א „מבין״ און אין שמועס האָט ער זיך געווענדט צום טאַטן מיט אַ פּראָיעקט ער זאָל אים באָרגן אַנשטאָט א גמילות חסד פשוט א פינף און צוואַנציקער אויף א וועקסל, ער וועט צאָלן פּראָצענט. דער טאַטע האָט געשמייכלט און נישט געוואָלט מסכים זיין אויף זיין פּאָרשלאָג: א גמילות חסד קענסטו קריגן — האָט מיין טאטע גע־ענטפערט; אויף קיין וועקסל קען איך דיר נישט באָרגן און יחיאלקע האָט גענומען א גמילות חסד דיזעלבע 25 רובל. ווען ער איז אוועק, האָב איך געפרעגט דעם טאַטן: היתכן? אויף קיין וועקסל געטרויסטו אים נישט און אָפּן, אָן שום באוואָרעניש, גיסטו אים געלט? אויף דעם האָט דער טאַטע געענטפערט:

**א גמילת חסד גיט מען אָפּ**

— א גמילות חסד גיט מען אָפּ. מען מעג זיך געפינען אין דער שווערסטער לאגע וועט א ייד אָפּגעבן א גמילות חסד. אַנדערש איז א חוב, בפרט א חוב אויף וועלכן מען האָט אויסגעשטעלט א וועקסל און אויב מען האָט נאָך געצאָלט פּראָצענט איז שוין גאָר די באַציונג אן אנדערע. דאָס איז שוין געשעפט און אין מסחר קומט פאַרשידנס פאָר; עס איז רעכט יאָ צו באצאָלן און אויב מען קען נישט, איז רעכט אויך נישט צו באַצאָלן און דערפאַר קען איך באָרגן א גמילות חסד אָבער נישט ווערן מלווה, ווייל קיין קרעדיט האָט דער יינגערמאַן ביי מיר נישט.

אָט אזוי האָט מיין טאטע פאַרשטאַנען דעם ענין גמילות חסד אז דאָס איז אן אייזערנער קאַפּיטאַל, וואָס קען נישט פאַרלוירן גיין. א גמילות חסד מוז מען אָפּגעבן — דאָס איז געווען א כלל אָן אַקסיאָמע ביי יידן. גלייכצייטיק האָבן אונדזערע עלטערן געהאַלטן, אז גמילות חכד איז די וויכטיקסטע מצווה ד. ה. אז אונדזערע זיידעס האָבן ארויסגעפילט דעם סאָציאַלן מאָמענט אין דער מצווה. און דערפאַר איז אין יעדער שטאָט, אין יעדער קהלה געווען א גמילות חסדים קאסע — ווי מען רופט עס היינט. פּרימיטיוו, באַשיידן איז גע־ווען איר טעטיקייט; די קאַסע איז געוויינליך געווען פאַרקאָנספּירירט; נישט מען האָט געוווסט ווער די גבאים זענען, נישט מען האָט געוווסט ווער עס באָרגט געלט פון דער קאַסע, אָבער דער גמילות חסד האָט עקזיסטירט און

האָט אין די ראַמען פון זיינע באַשיידענע מיטלען געהאָלפן דעם געפאַלענעם, געראַטעוועט אין א נויט.

## א ג״ח-קאַסע פון אמאָליקע צייטן

איך געדענק, ביי מיר אין שטעטל, ביעלסק-פאָדליאסקי, איז אין אַלטן בית המדרש, אין א ווינקל נעבן די פאָליצעס ספרים, געשטאַנען א גרויסער דעמבענער קאַסטן, געשמירט און ארומגענומען מיט אייזערנע רייפן. דער קאַסטן איז געווען אַלט, ווארשיינלעך אזוי אַלט ווי דער בית המדרש. אז מען איז ארויפגעקראָכן אויפן קאַסטן האָט מען דערלאַנגט צו די הויכע פאָליצעס ספרים, מען האָט דערלאנגט צום וואַנט-זייגער, צום נר תמיד. אויפן קאַסטן פלעגן זיך אויסבעטן ישיבה בחורים און איבערשלאָפן די נאַכט; יינגלעך האָבן געשפילט אין באהעלטעניש ארום דעם קאסטן. וואָס אין קאַסטן ליגט אזוינס באַהאַלטן האָט קיינער נישט געוווּסט. צווישן אונדז קינדער, האָבן זיך אפילו אָנגעהויבן שפינען לעגענדעס ארום דעם קאַסטן. אַמאָל אין א מיטן מיטוואָך, נאָך אלע דאווענס, האָב איך דערזען ווי ר׳ מאָטיע לייב, אַ שטרענגער ייד, א גרויסער שוויגער, גייט צו צום קאסטן, עפנט די שווערע שלעסער און קריכט ממש אריין אינגאַנצן אין קאַסטן, זוכט, נישטערט דאָרט און שלעפּט ענדלעך ארויס א קליין פעקעלע. איך בין געווען נייגעריק און האָב מיך געפרוווט צורוקן נענטער, אָבער דער בייזער ייד האָט אויף מיר א קוק געטון מיט זיין שטרענגן בליק און איך בין אָפּגעטרעטן. אָבער מיין טאַטע האָט מיר שטילערהייט פארטרויט דעם סוד, אז אין קאַסטן ליגן די משכונות פון „גמילות חסד״ און אז ר׳ מאָטיע לייב איז דער גבאי און ער נעמט אוודאי ארויס א חפץ וואָס עמיצער האָט פארזעצט און איז געקומען אויסקויפן. און ווירקלעך האָט זיך פון ווייבער שול אריינגעשאַרט א יידענע, אינגאנצן פארוויקלט אין א טוך און ר׳ מאָטיע לייב האָט איר אָפּגעגעבן דאָס פעקעלע.

אָט אזוי האָט אויסגעזען ביי אונדזערע טאַטעס און זיידעס דער ענין „גמילות חסדים קאסע״. עס איז געווען א שטיק הייליקייט, אַ טייל פון בית המדרש און עס איז געשטאַנען אונטער דער שמירה פון גאנצן כלל אזוי גוט ווי די ספרי תורות, ספרים און אנדערע תשמישי קדושה. און ווען א ייד האָט געמאכט זיין חשבון מיט דער וועלט און האָט פארשריבן א טייל פון פארמעגן אויף „עולמות״ אויף אייביקייט, איז געווען זעלבסטפארשטענדלעך, אז קודם כל האָט ער געמיינט דעם „גמילות חסדים״ אין שטאָט. ער איז געווען זיכער אז דאָרט וועט זיין קאפּיטאַל בלייבן אייביק, ווייל עס געהערט דאָך צו די זאכן וואָס „מען עסט פירות אויף דער וועלט און דער קרן בלייבט לעולם הבא״, בלייבט פאר דער ווייטער צוקונפט.

## דער אלטער קרן און די נייע פאָרם

אין די לעצטע צייטן האָבן מיר געמיינט, אז די תקופה פון גמילות־חסדים האָט זיך געענדיקט און מען האָט געפרוווט רעפאָרמירן, איבערצאַנדערשן

די אַלטע אינסטיטוציע, געבֿן איר מער א קאָמערציעלן כאַראַקטער. מיר האָבֿן געשאפֿן די פֿאָלקס־בֿענק מיט שיינע לאָקאלן, גרויסע פֿערסאָנאַלן און זיך פֿארמאָסטן גאָר גרויס. ליידער האָט אונדזער „פּראָספּעריטי״ נישט לאנג אָנגעהאַלטן. גאַנץ שנעל האָבֿן זיך די בֿענק איינגעבראָכן, עס איז געקומען דער גרויסער קאַצניאָמער און מיר זיינען געווען געצווונגען זיך צוריקצוציען צו די פֿאָרויס צוגעגרייטע פּאָזיציעס — ווי עס הייסט אויפֿן סטראַטעגישן לשון. מיר האַלטן ווידער ביים אלטן גמילות חסד, כאָטש עס איז נישט מער קיין שותּף צום בית מדרש און מען נעמט נישט מער קיין משכּונות. די פֿאָרם האָט זיך געענדערט, אָבֿער דער אינהאַלט איז געבֿליבֿן. מיר זאָרגן דערפֿאַר, אז דער גמילות חסד וואָס מען באַקומט, אפֿילו אויף א וועקסל מיט זשיראַנטן, זאָל בֿלייבֿן איינס פֿון די זאכן וואָס דער מענטש עסט די פּירות היינט און דער קערן בֿלייבֿט פֿאר דער ווייטער צוקונפֿט. מיר זאָרגן דערפֿאר, אז דער קערן זאָל נישט ווערן אויפֿגעגעסן. כדי אָבֿער צו ערפֿילן אָט די וויכטיקע אויפֿגאַבֿע, מוזן מיר האָבֿן די נויטיקע קאַפּיטאַלן, ווייל מרובים צרכי עמך, ווייל די נויט איז גרויס און מיט א קליינער סומע וואָס דער קרעמער אָדער בֿעל מלאכה באקומט אָן פּראָצענט, אויף לייכטע באַדינגונגען דערהאַלט מען אָפֿט גאַנצע פֿאמיליעס ביים לעבֿן.

**משה אלפערט**

# שולן, שמשים, גבאים און מענטשן

ס׳איז געווען דער אַלטער בית־מדרש און אויף זיין נאָמען אַ גאַס, וואָס האָט געהייסן בית־מדרש גאַס; אין דער בית־מדרש גאַס זענען געווען דריי בתי־מדרשים און אַ חסידים שטיבל. דאָרטן נישט ווייט איז געווען דער חצר פון באָד און מקוה; אין דער גאַס איז געווען דער אַלטסטער בית־מדרש, וואָס האָט געהייסן „דער אַלטער" בית־מדרש און אויך דער נייער בית־מדרש. אויך דער „הכנסת־אורחים" בית־מדרש.

איך געדענק נאָר די שמשים, וואָס זענען געווען אין די בתי־מדרשים. אין דעם „אַלטן בית־מדרש" איז געווען ר׳ יוסל דער שמש. אייגנטלעך יוסל פארבער׳ס פון משפחה פארבער דער קאלצ׳אק. דער אונטער שמש דאָרט איז געווען דער שלאָסער. אין דעם נייעם בית־מדרש איז געען משה־אהרון דער אויבער־שמש און ישראל־שמחה דער אונטער שמש. דאָס איז געווען אין 1908—1914, ביז דער ערשטער מלחמה. אין „הכנסת אורחים" בית־מדרש איז געווען ר׳ שמואל־משה דער אויבער־שמש. ער איז געווען א שיינער בעל תפילה און מ׳פלעגט אים רופן דער „קופערנער גאָרגל"; דער אונטער שמש איז פריער געווען איסר דער שמש און נאָכהער דוד דער איינבינדע, דוד גורנינסקי. פארוואָס האָט מען אים גערופן „הכנסת אורחים" בית־מדרש — ווייל דאָרטן ווייטער אַביסל איז געווען דער הכנסת אורחים מיט א הקדש. אין בית־מדרש „יפה עיניים" איז געווען מיכל קאפלאנסקי (מיכל גאָלדשמיט) דער אויבער שמש. ער איז געווען אַ גאָלדשמידט. און דער אונטער שמש איז געווען איסר מיין טאַטע. ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט זיין אַן אויבער שמש, ווייל אַן אויבער שמש דאַרף איינעם זאָגן „רעב" און דעם צווייטן חנפנה׳ן אַזוי אָבער, האָט ער געזאָגט, אויסקערן דעם בית מדרש קער איך אויס פאר אלעמען גלייך. אָפּווישן די טישן ווישט מען אָפּ פאר אלעמען. עס איז נאָך געווען „איצאלע׳ס בית מדרש". דער איצאלע איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געמעגט פאָרן קיין גרויס רוסלאנד און פעטערבורג און האָט אויסגעארבעט, אַז מ׳זאָל לאָזן יידן וווינען אין ביעלסק. ווייל ביז אים איז דאָס געווען פאַרבאָטן. אַלע ראָגאָווע הייזער אין ביעלסק זענען געווען זיינע. דאָס הייסט, אין אַלע ווינקלען פון דער שטאָט זענען געווען זיינע בנינים. דער גבאי דאָרט איז געווען ברוך׳ס פאָטער, פון די שטיינבערג׳ס. ער איז אויך געווען פון איצאלעס אָפּשטאם. דאָרטן איז געווען ר׳ מאיר דער שמש — דער אויבער שמש. ער איז געווען א שיינער חזן. און דער אונטער שמש איז געווען אַלטער (פאמיליע געדענק איך נישט).

דאָס זענען געווען די בתי מדרשים.

איצט איז געווען אַ „תלמוד תורה". ביעלסק איז געווען אַ פּאָוויאטאָווע שטאָט און מ׳פלעגט קומען פון גאנצן פּאָוויאט, פון גאַנצן מחוז, דאָרטן לערנען. 5 כיתות זענען געווען אין דער תלמוד תורה. דער גבאי איז געווען אמאָל נחמן

זונדלס. און אַז ער איז אַוועק, איז געוואָרן גבאי ר׳ חאצקל לעוויטאל, דער דיין. דעם ערשטן דרדקי־מלמד דאָרטן געדענק איך נישט. דער צווייטער איז געווען ר׳ יענקל און פישל דער מלמד. נאָך זיי איז געווען אברם דער מלמד און לייבל דער מלמד. נאָך לייבלען איז געווען שמעון־וועלוול, אַ קלעשטשעלער מלמד אין דער ערשטער כיתה. דאָס אַלץ איז געווען כמעט ביז דער מלחמה.

איך בין ארויס פון ביעלסק אין יאָר 1920. אינצווישן האָבן זיך געביטן די מלמדים. נאָך דער מלחמה איז געוואָרן אין ביעלסק א ישיבה, אַ נאָוואַרדעקי ישיבה.

אין דער מלחמה זענען פאַרברענט געוואָרן די דריי בתי מדרשים מיט דעם חסידים שטיבל.

אין דעם נייעם בית מדרש איז געווען גבאי יואל לאנדעס און נאָכהער איז געווען ר׳ יענקל ביילס, משה־לייב דניאל. אין איצאַלע׳ס בית מדרש איז געווען שייע שטיינבערג (אהרון שטיינבערג׳ס אַן עלטער זיידע).

אין ביעלסק זענען געווען מוסדות־צדקה, ווי לינת הצדק. מ׳פלעגט גיין דאָרטן נעכטיקן ביי קראַנקע. יעדער פלעגט גיין איין מאָל אין חודש, אָדער צוויי מאָל אין חודש און מ׳פלעגט געבן רעצעפּטן און שיקן אַ דאָקטאָר. מ׳פלעגט אַריינטראָגן ברויט און פלייש צו אָרעמע מענטשן.

עס איז געווען אַ „קאָמיטעט" און ס׳איז געווען איינגעפירט, אַז אָרעמעלייט זאָלן נישט גיין אין שטאָט אין די הייזער. די אָרעמעלייט פלעגן קומען און קריגן אַן איינמאָליקע וואָכן־סומע. נישט אַ מתן־בסתר, נאָר אַזוי ווי אַ משכורת. שטאָטישע נויטבאַדערפטיקע האָבן אויך געקריגן יעדע וואָך אַ געוויסע סומע. זיי פלעגן קומען אין דעם „יפה עיניים" בית־מדרש אין דעם אונטער שטיבל יעדע וואָך פאַר שבת. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן קומען אַליין נעמען די „משכורת" און עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס די גבאים פלעגן זיי איבערגעבן. אַריינטראָגן אין שטוב — מתן בסתר. אין דעם קאָמיטעט זענען געווען גבאים און אַ מזכיר. די גבאים האָבן דאָס געפירט אָן געלט. דער פאָטער מיינער איסר דער שמש איז געווען דער מזכיר, וואָס פלעגט פירן די בוכהאַלטעריע. ס׳זענען געווען אָרעמעלייט פון דער פרעמד, פון דער געגנט, וואָס זענען געקומען פון גאנצן לאנד, פון רוסלאַנד און דאָ איז געווען איינגעפירט. אַז יעדע דריי חדשים האָט יעדער פון זיי געמוזט קומען און קריגן זייערס. ס׳האָט זיך געפירט א קאַרטאָטעקע לויטן א—ב און לויט דער קאַרטאָטעקע האָט יעדער פרעמדער באַקומען אַ האַלבן רובל א חודש אַ מענטש. דאָס איז דאַן געווען אַ מטבע. עס זענען געווען אַזעלכע. וואָס האָבן געקריגן מער, למשל קראַנקע א.א.וו. מ׳האָט געקענט קריגן ביז דריי רובל. למשל א שוחט א.א.וו. בכבודיקע מענטשן פלעגן קריגן אביסל מער. און עס איז געווען אזוי דערליידיקט, אַז ווען עס איז געקומען עמיצער אין אונדזער שטאָט, אין „פּאָוויאַט", קריגן אַ רשיון א.א.וו. — פלעגט ער שוין אויסנוצן די געלעגנהייט און באקומען זיין דריי־חדשימדיקן אָפּצאָל. און עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן קומען אין שטאָט מיטן באַן, מיט דער גאנצער משפחה, אַמאָל אויך מיט צען קינדער, און דער פאָטער האָט זיי געדאַרפט אַלעמען באַזאָרגן.

פאַר די פרויען איז געווען איינגעאָרדנט, אַז יעדע קימפעטאָרין פלעגט קריגן ביז 4 רובל אויף צו קויפן אַלץ, וואָס זי דאַרף האָבן.

פון די אַלע מוסדות איז מיין פאָטער געווען דער סעקרעטאַר. נאָך דער ערשטער מלחמה איז אויך געווען „לחם עניים", געפירט האָט זי אליה מינוביצקי און איך. דאָ האָט מען געגעבן ברויט אַזעלכע. וואָס פלעגן קומען. די געלט פאַר די אַלע מוסדות — וואָס דער פאָטער איז געווען זייער סעקרעטאַר — האָט זיך געזאַמלט פון מאָנאַטלעכן אָפּצאָל. אויך דאָס האָט זיך געפירט מיט אַ קאָר־טאָטעק, וואָס דאָרטן איז געווען אָנגעשריבן וויפיל יעדער האָט זיך מתחייב געווען צו געבן — און מ'פלעגט אַרויסשיקן פאָרן אין די ראַיאָנען אויפקלייבן די געלטער, אזוי ווי מסים. אַלע האָבן געאַרבעט ללא תשלום. דער פאָטער פלעגט זיי גלייך געבן דעם בוך מיט די קבלות און זיי פלעגן אַרויסגיין איבער די ראַ־יאָנען, אויפקלייבן דאָס געלט און שרייבן קבלות. דער „לחם עניים" האָט זיך אויך געפירט אַזוי. דאָ האָט מען געגעבן ברויט און אַמאָל האָלץ. אויף פסח פלעגט מען געבן אָדער מצה אָדער מצה־מעל. מצה פלעגט מען געבן 8 פונט און מצה־מעל — 10 פונט. און דאָס איז געווען בהתנדבות. עס איז געווען אַ מחסן און אין דער זעלבער געגנט האָבן מיר געהאַט די בעקעריי. יעדער פלעגט צוקומען מיט אַ צעטעלע און איך בין אריין אין בעקעריי אָדער אין מחסן פון מעל און געבן מצה אָדער מצה־מעל. דאָס זענען געווען די מוסדות־ציבור אין אונדזער שטאָט.



אין מיין צייט איז אויך געווען א חברה „לוויה", וואָס האָט געזאָרגט אַז צו יעדער לוויה זאָל מען צוזאַמענרופן א מנין מענטשן, עס זאָל נישט זיין קיין בזיון־המת. ביי א גרויסער לוויה האָט מען צוזאַמענגערופן די גאנצע שטאָט. עס איז נישט געווען קיין נפטר אין שטאָט, וואָס די „חברת לוויה" איז נישט געגאנגען. עס זענען געווען פאַקטן, וואָס איך אַליין בין אַמאָל אריין צום קברן און אים גערופן צו א לוויה ביינאַכט. אויך איז געווען א חברה קדישא. זייערע מיטגלידער זענען אַלעמאָל געשטאַנען ביים גוסס בשעת יציאת נשמה. דאָס איז געווען אַזאַ מנהג שבמצווה. געווען אינטערעסאַנטע פאַלן. איינעם אַזעלכן וויל איך דאָ דערציילן:

איינער אַ מענדל איז געלעגן און גע'גוססט. רופט זיך אָן צו אים זיינער אַ זון, שמואליק: טאַטע, אפשר ווילסטו פאַרייכערן אַ פאַפּיראָס? זאָגט ער יאָ. און דער מענטש וואָס איז געווען אַ גוסס זעצט זיך אויף אויפן בעט, נעמט ארויס די פיס פון בעט, זעצט זיך אַנידער און זיין זון שמואל דערלאַנגט אים אַ פאַפּיראָס. דער גוסס פאַרייכערט און די חברה קדישא שטייט און וואַרט. הקיצור הדבר, זאָל זיך אייך דוכטן, אַז דער גוסס זיצט און רייכערט אַ פאַפּיראָס און די חברה קדישא שטייט אַרום און ווייסט נישט וואָס צו קלערן. דעמאָלט זענען געווען לאַנגע פאַפּיראָסן מיט קאַרקעס, וואָס האָבן זיך גערייכערט לאַנג. ווען ס'האָט שוין אָנגעהויבן אויסגיין דער פאַפּיראָס און אויבן האָט געברענט אַ קליין לעמ־

פעלע, ווי אַמאָל. מיט נאַפט, האָט זיך דאָס לעמפּעלע אויך אָנגעהויבן פאַרלעשן. רופט זיך אָן דער גוסס צו די חברה קדישא מענטשן: אַ טשעקאווע זאַך, אַלע דריי האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אין איין צייט — די חברה קדישא, דאָס לעמפּל וואָס גייט אויס, און... דאָ האָט ער דעם אויסגעברענטן פּאַפּיראָס אַ וואָרף געטון אויף דער ערד, אַריינגענומען די פיס אין בעט. פאַרמאַכט די אויגן און... ס׳איז נישט געווען צו וועמען צו רעדן.

מיין פאָטער איז געווען דערביי.

איצטער וועל איך דערציילן נאָך אַ מעשה, וואָס מיין פאָטער איז געווען דערביי: געווען א פרוי, אַן אָרימע פרוי, אַ גוססת. דער טאַטע איז געשטאַנען נעבן איר. ער האָט געבראַכט אַ דאָקטאָר און דער דאָקטאָר איז געווען א דייטש און ער נעמט און פארשרייבט אַ רעצעפּט, וואָס האָט געקאָסט דריי רובל. פרעגט דער טאַטע דעם דאָקטאָר: דאָקטאָר, נאָך דיין מיינונג, ווי לאנג קען די קראנקע אָנציען? זאָגט דער דאָקטאָר: ער רעכנט ביז צוויי שטונדן. האָט דער פאָטער אָנגהויבן קלערן און זאָגט צום דאָקטאָר: הער זיך איין, דו אליין זאָגסט אפשר צוויי שטונדן וועט די קראנקע לעבן, אפילו ווען דאָס וואָלט געווען אַ רייכע שטוב, דריי רובל אמאָל — דאָס איז געווען אַ מעשה מיט אַ 80—70 יאָר צוריק — איז דאָך געווען גאָר א סך געלט. אפילו ביי אַ רייכן איז דאָך אויך אַ שאָד אַרויסצווואַרפן געלט ובפרט, אַז דאָס איז אַ אָרימע שטוב וואָס לעבט פון דעם, וואָס קהל גיט איר, נעמסט דו דאָקטאָר און פארשרייבסט אַזאַ טייערן רעצעפּט? האָט דער דאָקטאָר געגעבן אַ טראַכט און געזאָגט, ווי קאָנסטו אָפּשאַצן מענטשנס לעבן א שעה צייט, בשעת דער מענטש לעבט נאָך א שטונדע און דער דופק קלאַפּט, איז דאָך נאָך אלץ דאָ אַ האָפנונג. וויפל וואָלט אַ מענטש געצאָלט פאר דעם, ער זאָל נאָך צוציען א שעה?

דער טאַטע איז געבליבן שטיין און געזאָגט צום דאָקטאָר: ביזט גערעכט.

ס׳איז געווען א גבאי סירקין, פון די באקאנטע סירקינס, אויך נחמן סירקין׳ס פאָטער איז געווען אַ גבאי. עס פלעגט זיין ביי אונדז אַ מנהג, אַז ערב ראש חודש שבט, פלעגט זיין די סעודה פון „חברה קדישא״ און אנדערע פלעצער מאַכט מען אין חודש אדר. דאָס איז געעוון אַ טאָג וואָס מען פאַסט אין דער פרי, מ׳גייט דאוונען אויפן בית הקברות און נאַכהער, אין אָוונט, מאַכט מען א סעודה. דאָס פלעגט זיין פאַר פרויען באַזונדער און מענער באַזונדער און אויך פאר קינדער באַזונדער.

נחמן, דער גבאי פון חברה קדישא, פלעגט ווייזן קונצן. ער פלעגט נעמען אַ גלאָז וואַסער אויפן שטערן און פלעגט אַזוי אַרומגיין אין מיטן דער סעודה אַרום די טישן, פלעגט זינגען און טאַנצן, אַרויפגיין מיט דער גלאָז וואַסער אויף אַ שטול, אויף אַ באַנק און נישט אַראָפּוואַרפן די גלאָז.

צ. קאדלבאָווסקי

# באנק וועזן, מסחר און דעמאקראטיע אין ביעלסק

אין ביעלסק איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָלקס באַנק, א בראַנזש פון אַ צענטראַלער באַנק אין פוילן תיכף נאָכן אַנטשטיין פון פוילן נאָך דער וועלט־מלחמה. אזא אינסטיטוציע איז נייטיק געוואָרן ווייל אין ביעלסק זענען געווען א סך בעלי מלאכות און אויך א גאנץ גרויסע טייל סוחרים, וועלכע האָבן זיך גענייט פון צייט צו צייט אין א הלוואה. ווייל קיין קאפיטאל האָבן זיי נישט געהאט. האָבן זיך אויפגעקליבן פאָרשטייער פון די האנטווערקער און די סוחרים און געשאַפן די באַנק. מיר האָבן געקריגן א הלוואה פון דער צענטראלע פון די פאָלקס בענק פון גאנץ פוילן אין ווארשע. די באנק האָט געדינט און האָט געקערט נאָר צו די קליינע האנטווערקער און סוחרים. די גרויסע האָבן געהאַט אַן אנדער באַנק, קופיעצקי באַנק — די באַנק פון די סוחרים. אָבער אזוי ווי מיר האָבן נישט געקאָנט איינפירן אזוי גיך און לייכט, די באַנק זאָל פול פונקציאָנירן, האָבן מיר זיך צונויפגערעדט מיט אנדערע שטעט פון דער געגנט און מיר האָבן שפּעטער געשאפן אין ווילנע א צווייטע צענטראלע נישט אָנגעהאָנגען אין דער ווארשאווער צענטראלע. די צווייטע סיבה איז געווען ווייל די ווארשאווער האָבן נישט געוואָלט שרייבן יידיש. דאָס איז געווען אין יאָר 1921—1922. די פאָלקסבאַנק איז געווען איינע פון די גרעסטע הילף פאר דער באפעלקערונג.



דאָנערשטיק איז געווען ביי אונדז דער מארק. פון די ארומיקע שטעט און דערפער זענען אַ סך געקומען אין שטאָט אריין, דעם טאָג האָט מען געהאָפּט, האָבן א סך לייזונג און פרנסה. אזוי ווי היינט האָט מען דאן אויך גענומען אלץ אויף קרעדיט. און די וועקסלען האָט מען געשריבן אויף צוצאָלן דאָנערשטיק. וואָס האָט מען געקאָנט מאכן אויב דער דאָנערשטיק איז געווען א שלעכטער, אָדער אין דעם טאָג איז געווען א יום טוב, שרייבנדיק די וועקסלען האָט מען דאָס נישט גענומען אין אכט. עס וואָלט געווען א קאטאסטראָפע, מענטשן וואָלטן באַנקראָטירט, אָנגעווירן דעם קרעדיט. האָבן מיר אזוי איינגעפירט, אז די גאנצע וואָך וואָס די יידן האָבן געלייזט האָבן זיי אריינגעטראָגן אין באנק. די וועקסלען וואָס זיי האָבן אונטערגעשריבן האָט מען געשיקט צו אונדז, און מיר האָבן זיי אָפּגעצאָלט. אזוי האָט אזא קרעדיט וועקסלונג געגעבן דעם מסחר און מלאכה א גרויסע אונטערשטיצונג.

פאר דער שטאָט איז אויך געווען אַ הילף, דאָס וואָס מיר האָבן געקריגן פון דער פוילישער מלוכהשער באנק אין שטאָט, א הלוואה וואָס מ׳האָט געגעבן בדרך כלל, נאָר פריוואטע סוחרים אָדער אן אנדער באנק. די הילף האָבן מיר באקומען אַ דאַנק גוטע באַציונגען און פּראָטעקציע און אַ דאַנק דעם האָבן מיר געקאָנט זיך פילן שטאַרק אפילו קעגן אונדזער צענטראַלע. אונדזער באנק האָט תמיד געגעבן הלוואות, און האָט זיך געפירט זער גוט. די פארוואלטונג און ראט פון באנק זענען געווען געקליבענע פון צווישן די מיטגלידער. דער דירעקטאָר איז געווען אן אָנגעשטעלטער מיט געהאַלט און אחוץ אים האָבן דאָרט געארבעט נאָך 3—4 אָנגעשטעלטע. די געקליבענע האָבן געארבעט אין באנק אָן געלד. דאָך איז ביי דעם אויסקלייבן דעם ראט און פארוואלטונג אפילו געווען א קאמף צווישן די בעלי מלאכה און סוחרים. נאָר די ארבעט האָט זיך געפירט הארמאָניש.

א דאנק דער דעמאָקראטישער אנטוויקלונג האָט זיך אין שטאָט געשאפן אויך א האנטווערקער פאריין. זינט איך געדענק האָבן די האנטווערקער אין שטאָט נישט געהאט א זעלבסטשטענדיקן פאריין. נאָר דאָס דעמאָקראטיזירן פון לעבן און זייער ארייננעמען ווערן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן האָבן געגעבן א שטויס, זיי זאָלן שאַפן א האַנטווערקער פאריין, איינער פון זייערע טוערס איז געווען אונדזער חבר חנה כאשקעס, א צעירי ציוניק און שפּעטער א פּועלי ציוניק, א מיטגליד אין דער ועד הקהילה, א מיטגליד אין א פאָלקסבאנק, א שוסטער וואָס האָט נישט געהאַט קיין הויכע בילדונג, נאָר ער האָט געהאט א געזונטן שכל. קיינמאָל נישט געהאלטן פון דאָגמעס און א לאָגישע זאך פלעגט ער גלייך כאפּן און פארשטיין. צוליב אים זענען א סך באזייטיקטע האנטווערקער אין שטאָט אריין אין געזעלשאפטלעכן לעבן. זיי זענען געוואָרן אָנהענגער פון שול־וועזן סיי פון העברעישן סיי פון יידישן און אָנטייל גענומען אין פארשיידענע געזעלשאפטלעכע טעטיקייטן. מיט זיי איז זייער אָרגאניזאציע געוואָרן א באקאנטע און שטארקע.

די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאציע האָט עקזיסטירט נאָך פאַר דער דייטשער אָקופּאציע, נאָר זי איז געווען אן אָפּגעשלאָסענע. עס זענען געווען

נאָר עטלעכע טוערס און די גאַנצע טעטיקייט איז נישט געווען אויף אַ גרויסן פארנעם. די טוערס זענען קיינמאָל נישט ארויס פון זייערע ד׳ אמות. אז עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס דעמאָקראטיזירן פון דער באפעלקערונג האָט די ציוניסטישע באוועגונג אָנגעהויבן זיך פארברייטערן. צעירי ציון, למשל, האָט געהאט א לאָקאל פון עטלעכע צימערן אין צענטער פון שטאָט, פארזאמ־לונגען זענען געווען כמעט 4—5 מאָל אין וואָך מיט העכער הונדערט מענטשן אויף א פארזאמלונג .און אין דער צייט זענען צו די ציוניסטישע פארזאמ־לונגען געקומען 10—12 מענטשן, ווייל זיי זענען דאן געווען א פארמאכטער קרייז. אלס טוערס זענען זיי געווען זער אויפגעגעבענע פארן העברעישע שול־וועזן. צווישן זיי זענען געווען מנחם סטופניצקי. אפרים מעלאמעדאָוויטש, יעקב אַפּלבוים, פאר זיי — יעקב ביילעס און ראדזילעווסקי, די צוויי זענען געווען די ערשטע פיאָנערן, וואָס זענען עולה געווען קיין ארץ ישראל. דאָס איז געווען אין 1920. מ׳האָט פאר זיי געמאכט א שיינעם באַנקעט מיט א פארזאַמלונג און דאָס האָט געגעבן אַ שטויס דער ציוניסטישער באַוועגונג.

פאר דער מלחמה זענען ביי אונדז געווען נאָך צוויי בענק — קריווי־אנסקיס באנק — א ייד וואָס האָט אָנגעהויבן צו שאפן א באנק נאָך פאר די רוסן. און אזוי ווי ביי יידן פירט זיך, האָט זיך גלייך געשאפן א צווייטער באנק, דורך א ייד יפה, וועלכן מען האָט גערופן דער רבי. אזוי אז אין ביעלסק, וועלכע איז געווען א סוחרישע שטאָט, איז אויך געווען א טראַ־דיציע פון בענק. די שטאָט האָט געהאַט מערק און א גרויסן הינטערלאַנד. אן האנדלס שטאָט מיט א גרויסע פעריפעריע. חוץ דעם איז נאָך ביעלסק געווען א פּאָוויאטעווע שטאָט, וואָס, האָט אויך געווירקט אויף דעם עקאָ־נאָמישן לעבן.

**ליבע (עלסון) אוזשיצקי**

## די יידישע שולע אין ביעלסק

פון מיינע קינדער זכרונות געדענק איך די שולע אונדזערע נישט אלס לערנאַנשטאַלט אליין, כ׳געדענק זי מער אלס היים פאר דער יוגנט און אונד־זער אינטערעסאנטע קינדער שטוב. שיינע יוגנט זכרונות, געשמאקע קינדער־איבערלעבונגען אין אַ קרייז פון גוטע, ליבע, דערוואקסענע מענטשן, וועלכע זענען געווען אונדזערע לערער און דערציער. דאָס איז פאר אונדז געווען די יידישע שולע אין ביעלסק און אזוי איז זי פארבליבן אין אונדזערע זכרונות.

עס איז מיר שווער צו זיין גלייכגילטיק צו דעם טעמאַט, ווייס ס׳פארגיסט מיך א ווארעמקייט ווען כ׳קלער וועגן מיין שולע. אָבער כ׳וועל זיך באמיען רעדן איבער איר רואיק און „טרוקן״ ווייל כ׳ווייס, אז כ׳שרייב א אנדענק ארטיקל און דאָס מוז בלייבן פאר דורות מוז עס זיין אָביעקטיוו און פריי פון עמאָציאָנעלע נייגונגען, וועלכע ברייגגען דעם מענטשן ער זאָל נישט ווילנדיק זינדיקן אַמאָל מיט סוביעקטיווער איבערטרייבונג.

די יידישע שולע אין ביעלסק איז געווען די פעסטונג פון „עמך״ פון די פשוטע האָרעפאַשנע מאַסן וועלכע האָבן געוואָלט דאָס פאָלקסטימלעכע און פשטות פון זייער לעבן אָנגעבן א ווערט און דערציען אויף איר זייערע קינדער. געמיינט צו זאָגן לערנען די קינדער יידישקייט פון נייען שניט, יידישקייט פון אַרבעט און כבוד צום ארבעטער, פארערונג פון יידישן מאַסן



פאָלקס־שולע טוער — ביעלסק 1921

מענטש, וועלכער זעט זיין יידישן גורל, אַלס אונפּאַרבייטלעכן, אָבער וועלכער זוכט אָנצוגעבן דעם יידישן פאָלק דעם אימאזש פון מענטשן, וואָס לעבן נישט אויף יענעמס חשבון. שטראכן זיך נישט מיט קענען די קליינע אות׳הלעך, נאָר זוכן קודם כל דעם מאָראַלישן מענטש און וואָס שעמן זיך נישט מיט יידיש, נאָר להיפך, האלטן דאָס פאַר דער פאָלקס שפּראַך, די שפּראַך פון דער מאָדערנער יידישער, אָדער יידן ליטעראַטור מיט וועלכער מ׳קאָן זיין שטאָלץ און צו וועלכער מ׳דאַרף דערציען די קינדער, זיי באַקענען מיט איר און ציען דעם פאָדעם פון איר שאַפונג.

דערפאַר האָבן זיך מיט דער שולע אין שטאָט אָפּגעגעבן פאָרנעמע ערנסטע יידן און איר געווידמעט זייערע שענסטע שעה׳ן און זייער וואַרעמסטן אינטערעס.

די יידישע שולע האָט ארומגענומען 250 קינדער פון אָרעמסטע שיכטן אין ביעלסק, פורמאַנעס, שוסטערס, שניידערס, און אַנדערע פּאַכמענער, וואָס מאַטערן זיך אויף זייער לעבן און אויסלעבן זיך. ביז מ׳האָט ביי זיי געקראַגן די איינע זלאָטע חודש געלט פלעג אוועקגיין וואָכן, הגם זיי האָבן מיט׳ן גאַנצן האַרצן דאָס געוואָלט געבן און אָפּגעשפּאָרט די זלאָטע פון זייער ביסן.

דער ניוואָ פון אונדזער שולע איז געווען זער א הויכער, פון איר אריין אין גימנאַזיום איז געווען זער לייכט, מ׳האָט נאָר געדאַרפט ביילעגן אַן עקזאַמען פון דער פּוילישער שפּראַך.

די אטמאָספערע אין דעם לערן אנשטאַלט איז געווען א וואַרעמע, קינדער האָבן דאָ אַפּגעפילט א מין היימישקייט, וואָס האָט זיי פאַרלייכטערט זייערע נויטן פון שטוב און געזעלשאַפט און זיי איינגעפּלאנצט גלויבן אין דערוואַקסענעם מענטש. די לערער זענען געווען שליחים פון א פאָלקס אידיי, וועלכע האָבן זייער פאַך געזען אַלס מיטל צום ברייננגען ליכט און גלויבן אין די יידישע קינדער מאסן פון די דערדריקטע שיכטן פון דער יידישער שטאָט און שטעטל. דערפאַר האָבן זיי דאָס קינד געזען אלס צענטער פון זייער יידישן אינטערעס און נישט באַצויגן זיך צו אים נאָר ווי צו א שילער. הגם די געלט לאַגע פון שולע איז געווען א דערדריקנדיקע האָבן זיי זייער ארבעט געטון מיטן פולסטן ברען, דאַביי נישט געדענקענדיק צו האָבן זיי שוין געקריגן זייער געהאַלט, אָדער ניין.

דער בודזשעט איז געווען א צוזאמענגעשטעלטער פון שנאָר, ספּעציעל פון אמעריקאַנער „רייכע״ ברידער, דאָס מיינט אמעריקאַנער פשוטע פאָלקס ברידער, וועמען מ׳האָט באַטראַכט אלס רייכע, און פון שכר לימוד, פון די אָרעמע עלטערן וואָס האָט געמיינט א זלאָטע א מאָנאַט. כ׳געדענק נאָך די צייטן, אז מיר יוגנט האָבן געמוזט שנאָרן געלט צום באהייצן די קאַלטע צימערן פון דער שולע אין די באַוווסטע שווערע ווינטערן פון אונדזערע קאַנטן.

צום ערשט איז די שולע געווען אין א באַזונדערער געביידע, מ׳האָט זי גערופן ייברייסקאַיא אוטשילישטשאָ. דערנאָך האָבן די מאכטהאָבער ביי אונדז צוגענומען די געביידע און וויפיל די יידן, די גאַנצע שטאָט האָט זיך

געווערט האָט עס נישט געהאָלפן. האָבן מיר זיך געוואלגערט אין שווערע באַדינגונגען ביז מ׳האָט אויסגעבויט אן אייגענע געביידע פאר זיך.

די געשיכטע פון דער אייגענער געביידע איז אייגנטלעך נישט קיין פּשוטע, דאָס איז א דערציילונג פון פּשוטע מענטשן וואָס האָבן געבּרענט מיט התלהבות פאר אן אידיי און האָבן אלע צרות איבּערווינדן צוליב איר. שטעלט אייך פאָר, אז זייענדיק אזוי געדריקט און בודזשעט אָרעם, האָבן די טוער פון ז׳ער יידישע שולע אין ביעלסק, מיט חנא טיקאצקי בראש, צוזאַ־מענגעשנאָרט געלדער און אויפגעשטעלט אַן אייגענעם לערן־פּאַלאַץ פאר זיך, א בית מקדש פאר יידן־קולטור און יידישער דערציונג אין ביעלסק.

חנא טיקאצקי איז בכלל א געשיכטע פאר זיך. דער ייד איז געווען אן אייגנאַרטיקער טיפּ, וואָס מיט זיין דינאַמיק און אינערלעכן בּרען און איג־האַלט האָט ער בּאַוויגן און איניציאירט אסאך אויפטוען פאר דער געזעלשאפט פון שטעטל. ער איז געווען פון די מענטשן, וואָס זייענדיק פארטאָן אין „מאכן געלט״ און מאַכנדיק דעם איינדרוק פון א טרוקענעם געשעפט־מענטש, האָט ער פארמאָגט א טיפע גייסטיקע נשמה, א הארץ, וואָס האָט געבּרענט מיט אידייען און א מוח וואָס האָט געארבעט אָן אויפהער און געהאט צו טון מיט קאָמבינאציעס פון אנדערע העכערע געדאנקען־ספערן. אזוי האָט די יידישע שולע פארכאפּט זיין גאנצן וועזן און זי האָט געקריגן א לעבּעדיקן מאָטאָר, וואָס אנדערע צען וואָלטן אים פאר קיין פאל נישט געקאָנט פארבייטן.




ביי חנא׳ן אין שטוב האָבן זיך אָפּגעהאלטן אלע זיצונגען פון שול קאָ־מיטעט. ביי אים האָט מען דערליידיקט אלע שוועריקייטן, וואָס האָבן זיך דערוועקט אין אויסהאלטן די שולע און אפילו עניינים פון עלטערן, קינדער און לערער זענען אויך אויפגעקלערט געוואָרן ביי אים אין שטוב. דאָס איז

געווען א מין געזעלשאפטלעכע קאַנצעלאריע פון דער שולע. און ווען מ'האָט באַדאַרפט אַמאָל אַ געלט דעקונג צו פאַרלייגן א לאָך אין דער קאַסע, און לעכער האָבן אין איר נישט געפעלט, האָט חנא געגעבן זיינע וועקסלען, ווייל זיינע זענען געווען „גוטע" וועקסלען, און אפשר ווייל אנדערע האָבן זיך נישט געקאָנט דערלויבן, און אויך מורא געהאַט, זיך צו דערלויבן, איינצו־שטעלן זייער געלט.

אזוי האָט חנא מיט גאונישע געלט קאָמבינאציעס אויפגעשטעלט די איי־גענע געביידע פאר אונדזער ידישער שולע. ער האָט געשנאָרט פון דאָ און פון דאָרט, ספעציעל פון אמעריקע, און דער היכל איז אויפגעשטעלט געוואָרן.

טייכמן דער לערער פון ראדאָם איז געווען דירעקטאָר פון שולע. ער האָט חתונה געהאט מיט חצקל לעווינטאלס טאָכטער חנה, פארבליבן אין ביעלסק און לאנגע יאָרן אָנגעפירט מיט דער צישא. ביידע האָבן זיי געאַרבעט אין שולע, ער איז געווען א גוטער לערער און פעדאגאָגישער אדמיניסטראטאָר און חנה, וואָס איז געווען א דיפלאָמירטע לערערין, האָט אויך געלערנט. פון די בולטע צווישן די לערער איז געווען משה יונגערמאן, איבער וועלכן איך האָב געשריבן א ספעציעל ארטיקל, און שעפסל אייזענבערג. שעפסיל האָט געלערנט נאָר האַנטווערקעריי און קונסט, אָבער מיט זיין פעדאגאָגיש־קינסטלערישער פערזענלעכקייט האָט ער דערוואָרעמט די קינדערישע נשמות און זיי צוגעבונדן צו זיך, אזוי אז זייער באזוך אין שולע איז געוואָרן א געמיש פון פארגעניגן מיט גייסטיקער דערהויבנקייט. ער איז געווען אן אויסערגעוויינלעכער אָרגאניזאטאָר און ספאָרט־אינסטרוקטאָר און ער האָט אונדז דערצויגן צו אינערלעכער דיסציפלין, צו ספאָרט און אָרדענונג.

בכלל קאָן געזאָגט ווערן, אז אונדזער שולע האָט זוכה געווען צו א צו־זאמענשטעל פון לערער, וועלכע זענען דער חלום פון יעדן אנשטאַלט. פעיקע פעדאַגאָגן, אַלגעמיין אינטעליגענטע מענטשן און איבערגעגעבענע אַלס כלל־טוער צו זייער שולע. זיי זענען געווען דערציער, קולטור טרעגער און אידעישע חסידים, וועלכע זענען זעלטענע דערשיינונגען אין דער וועלט.

ווען מיינע געציילטע שורות זיין א דענק־בלאט פאר זיי און א דאנק אָנדענק פון אונדזער ביעלסקער אַמאָליקע לערערס און זייערע תלמידים.

**ר. ליטמאנס**

# די יידישע פאלקסשולע אין ביעלסק — א צווייטע היים

די יידיש וועלטלעכע שולע, מיט יידיש אלס לערנשפּראַך, איז אנטשטאנען בערך אין 1919, לויט דער איניציאַטיוו פון א גרופּע איבערגעגעבענע חברים פון ביעלסק. זי איז אנטשטאנען א דאנק דער ענערגיע, אידעאַליזם און אויפריכטיקן ברען פון די אָ מענטשן, און דערפאר האָט די שול אָן ספק, געשפּילט א גרויסע ראָל אין ביעלסקער קולטור לעבן.

די שול האָט געהאט א גרויסע נעץ פון יידישע קולטור־טעטיקייטן. זי האָט געהאט צענדליקער טוער מיט שעפערישע כוחות. זי האָט געהאט די עלטערן פון די קינדער, וואָס האָבן זי ארומגערינגלט מיט ליבע און געטריישאפט. געוועזן מיט איר אין שטענדיקן קאָנטאַקט. געהאָלפן איר אין די נויטן און געפרייט זיך מיט אירע דערגרייכונגען, וואָס האָבן זיך אזוי בולט אַנטפּלעקט אויף די אויס־שטעלונגען פון די קינדער אַרבעטן.




דער הויכער פּעדאגאָגישער ניוואָ פון שול איז אויך געקומען צום אויסדרוק אויף די זער אַפּטע איינגעאָרדנטע פאָרשטעלונגען פון די קינדער, וואָס זיי פלעגן אזוי מייסטערהאפט אויפפירן יעדן יום־טוב. סיי חנוכה, סיי פורים, צו

ביי א סיום פון ארויסלאָז. ס׳זענען געווען פאָרשטעלונגען קינדערשע: ווי די „פארבלאָנדזשעטע מיידעלע״, „דאָס שלענגעלע״, „בום און דריידל״. ס׳זענען געווען ערנסטע, ווי „דוד און מיכל״ א. א.

די שול האָט געהאַט באגאבטע, פעיקע קינדער, ממש ארטיסטן, ממש באלעט טענצערינס, זינגערס און רעציטאטאָרס. מ׳האָט דעקלאמירט לידער פון פרץ׳ן, רייזין, איינהאָרן, מאני־לייב און קולבאק. זיי האָבן באצויבערט מיט זייער שפילן דעם גרויסן עולם מענטשן.

די שולע איז געווען דער שטאָלץ און די קרוין. זי איז געווען דאָס האַרץ פון שטעטל, אידעאליזם און קינדער־ליבע איז געווען פאראייביקט אין יעדן ווינקעלע פון שולע. די שולע און דער קלוב ווו די קינדער פלעגן זיך צענויפ־קומען אין די אָוונטן, איז געווען די צווייטע היים פון די קינדער. אין קלוב האָבן די קינדער געמאכט די לעקציעס, אין קלוב האָבן די קינדער געצייכנט, געמאכט פארשיידענע אַרבעטן פון קאַרטאָן, פון ליים און פון האָלץ, געפלאָכטן פון שטרוי, געשטריקט און אויסגענייט.

די קינדער האָבן ליב געהאט די שולע און געווען צו איר שטאַרק צוגעבונדן. אָט דערמאָנט זיך מיר, ווי אזוי די פוילישע מאַכט־האָבערס זיינען געקומען אַ פרייטיקצונאַכטס און מיט געוואַלט בגוואַלט ביי אונדז צונעמען די שולע, כדי עס אָפּצוגעבן דעם שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען דערנעבן. פאר זיי איז אונדזער שולע געווען סתם א בנין. פאר אונדז אָבער — אַ לעבנספראגע, אַ הייליק אָרט, און ווען ס׳האָט נישט געהאָלפן דאָס בעטן און דאָס משתדל זיין פון די לערערס אָפּצורופן די גזירה, האָבן מיר קינדער געפּרוווט פירן אַ קאַמף מיט די פּאָליציאַנטן. מיר האָבן געשטעלט אַ פּאסיוון ווידערשטאַנד. מיר האָבן נישט אָפּגעטראָטן פון קלאַס. געהיט איר בייטאָג און ביינאַכט. מיט ציטער און שרעק און מיט געוויין געגעבן זיי צו דערקלערן, אַז דאָס איז אונדזער היים. פארוואָס נעמען זיי נישט צו די פּאָוושעכנע שולע, וואָס געפינט זיך אויך אין שכנות און ליגט נאָך נענטער צום שפּיטאָל? פארוואָס דווקא אונדזערע? אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן אונדזער בעטן און וויינען, און מיט ברוטאלן כוח האָבן די פּאָליציאַנטן אונדז קינדער אַרויסגעשטופּט און פאַרשלאָסן די טיר, שוין אויף שטענדיק און קיין אַנדער לאָקאל אונדז נישט געגעבן.

אָבער לאנג זיינען די לימודים נישט געוואָרן איבערגעריסן. ס׳האָט זיך באַלד געפונען א טרייער איבערגעגעבענער טוער פון שולע — טיקאָצקי, און ער האָט זיין גאנצע שטוב איבערגעגעבן אין רשות פון די קינדער. ער מיט זיין פרוי האַבן זיך איבערגעבקליבן אין קיך און מיר קינדער האָבן ווייטער און נאָך מיט מער פלייס פאָרגעזעצט די לימודים. מ׳האָט געלערנט אין דערפרי און געלערנט נאָך מיטאָג. ביז מ׳האָט אָפּגעפונען א נייע געביידע, אַ גרויס הויז ביי מלמדן און זיין פרוי יאָכע קאפלאנסקי, די שטענדיקע איבערגעגעבענע אַרבעטערין פון דער ביעלסקער ביבליאָטעק.

און ווידער האָט זיך ווייט און ברייט געטראָגן דאָס הילכיקע און פריילעכע געזאַנג פון די קינדער. די ווונדערלעכע שיינע ניגונים האָבן אויפגעלעבט די גאַסן ארום דער שולע. ס׳איז געווען דאַן אַ צייט פון אויפשוווּנג און אויפלע־

בונג. עס האָט זיך אַנטוויקלט אויף דער איניציאַטיוו פון די לערערס אַברייטע פאַרצווייגטע בילדונגס און דערציונגס־טעטיקייט צווישן דער שטעטלדיקער יוגנט. עס האָבן זיך געשאַפן כאָרן, דראַמאַטישע קרייזן, מוזיקאַלישע סעקציעס, עס זיינען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען, פרייטיק צונאכטס־שמועסן, אַקאַדעמיעס און קאָנצערטן. עס האָט זיך אנטוויקלט אַ רייך געזעלשאַפטלעך לעבן ארום דער שולע.

פון דער יידישער שולע זיינען קינדער געפאָרן זיך לערנען אין ווילנע, אין רעאַל גימנאַזיע, אין טעכניקום, אין לערער סעמינאַר, און אפילו אין אויסלאַנד. די שולע האָט ארויסגעגעבן אינזשיניערן, ארטיסטן, ראַבינער און לערערס. די שולע האָט ארויסגעגעבן ארבעטאָרערס, פעיקע, אַלע פּראָדוקטיווע מענטשן, ווייל שוין ביים לערנען אויפן שול־באַנק האָט זי אין זיי איינגעפלאַנצט אַ ליבע צו ארבעט, אַ ליבע צום בוך, צו שיינקייט און צו דערהויבנקייט. די קינדער זענען דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון זעלבסט־טעטיקייט.

די שול מיט אירע לערער און לערערינס האָבן אריינגעשריבן אַ הערלעכן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון ביעלסק. די לערער האָבן בלי שום ספק סימבאָליזירט די גרויסע גייסטיקע און עטישע ווערטן פון ביעלסקער יידנטום.

די געפייניקטע און פאַרפייניקטע לערער וועלן לויכטן פאַר אונדז מיט הימלישן שיין פון מאַרטירערישקייט. זייערע נעמען וועלן לייכטן ווי אַ נר תמיד. לאָמיר זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. לאָמיר זיי אייביק געדענקען. זאָלן זיי דערמאָנט ווערן די קדושים ווי משה יונגערמאַן, שעפסל און שרה אייזנבערג, חנה לעוויטאַן, טייכמאַן, דער גאון יאָסל כץ, די שוועסטער ברעזינסקי און וואָלפסאָן.

משה יונגערמאַן, וואָס איז געקומען צו דער שולע פון בית מדרש און תורה לערנען, איז געווען אַ משכיל, האָט אַליין געלערנט, האָט געהאַט אַ ברייטע באַקאַנטשאַפט מיט ליטעראַטור און געשיכטע. איז געווען אַ יידישע מלומד. אינטערעסאַנט זענען געווען זיינע לעקציעס פון יידיש. ער האָט געלערנט די קינדער מענדעלען, שלום עליכמ׳ן, פרצ׳ן און אש׳ן. מ׳האָט גשריבן אַרבעטן פון טוביה דער מילכיקער, פון מאָטל פייסי דעם חזנ׳ס, פון פרצ׳ן די פאָלקסטימלעכע געשיכטע און פון אש׳ן זיין שטעטל און קידוש השם. און יעדן חול המועד פסח ווען ס׳איז אויסגעפאַלן פרצ׳עס יאָרצייט און די שול האָט איינגעאָרדנט אַן אַקאַדעמיע, האָט יונגערמאַן באַשטימט, אַז קינדער אַליין זאָלן ארויסטרעטן מיט רעפעראַטן וועגן דיכטער. אַזוי געדענק איך, האָב איך געמוזט פאַר אַן עולם מענטשן רעדן וועגן פרצ׳עס ביאָגראַפיע, וועגן זיין שאַפן, וועגן זיין חסידיזם, און א. ז. וו. —

אויך באַלעזנט זענען געווען זיינע העברעישע לעקציעס. ער האָט געלערנט די שענסטע קאַפּיטלען פון תהלים, ער האָט אויפגעזוכט די שענסטע פּתגמים פון דער הגדה, ער האָט אונדז געלערנט איוב, שיר השירים, מגילת רות, קהלת א. א. וו. אַ שילער פון דער יידישער שול האָט נישט געקענט ווייניקער תנ״ך ווי אַ שילער פון תרבות שול.

אַ צווייטער איבערגעגעבענער לערער איז געווען שעפסל אייזנבערג. אַ טאַלאַנטירטער מאָלער און סקולפּטאָר, אָנגעפירט מיט ספּאָרט באַוועגונג און

מיטן כאָר. געגומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע אַרבעטן פון די קינדער אין קלוב. אָנגעפירט מיט זומער קאָלאָניעס און אויספלוגן, נאָנטע און ווייטע. מיט מוט און יוגנט ברען האָט ער זיך געוואָרפן צו יעדע אַרבעט. די שול איז געווען זיין גאנץ לעבן, ער האָט געהאַט אין זיך אַ קוואַל פון אונאויסשעפּלעכע ענערגיע און איניציאַטיוו. ער האָט געארבעט אין שול מיט ליבע און אויסדויער, מיט איבערגעגעבנקייט און אויסערגעוויינלעכער אחריות! אומעטום ארויסגעוויזן אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט און פלינקע אָריענטאַציע.

טייכמאַן, וואָס איז געקומען פון ראדאָם און חתונה געהאַט מיט חנה לעוויטאַן, איז געוואָרן א ביעלסקער תושב. ער איז געווען א גרויסער אינטע־ליגענט, מיט א סך בילדונג און פּעדאַגאָגישן וויסן. ער האָט געהאַט אַ חוש פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט בכלל און באַזונדערס פאַר קולטורעלער טעטיקייט צווישן די קינדער. ער האָט געהאַט די מעלה צו דערווערבן זיך די אָנערקענונג און ארויסצורופן צו זיך די געהעריקע באַציונג נישט בלויז פון די קינדער, נאָר אויך פון די עלטערן און פון גאַנץ שטעטל. ער איז בלי ספק געווען א געטרייער לערער פון שול, ער איז געווען איר ענערגישער פאַרוואַלטער און לעבעדיקער גייסט. א מענטש פון קאָנסטרוקטיווער מחשבה און אויספיר פעיקייט. א סך מאָל האָט ער געדרוקט אַרבעטן אין די פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן פון ציש״א די „נייע שול”. האָט אויך איבערגעזעצט ביכער פון וועלט ליטעראַ־טור, ווי קולע־בערניאָן פון ראָמאַן ראָלאַן א. א.

חנה לעוויטאַן — זי איז געווען שטיל, שיין, באַחנט, קולטורעל און באַ־שיידן. געטריי, פּינקטלעך צו דער ארבעט. זי איז געווען די עסטעטין פון שול און האָט עס איינגעוואָרצלט אויך אין די קינדער. זי איז פון אַלעמען רעספּעק־טירט געוואָרן און זי האָט אויך אנדערע רעספּעקטירט. זי איז תמיד געווען קאָרעקט אין באַציונג צו אַנדערע.

שרה אייזנבערג — אַ באַגאַבטע, פעיקע לערערין. איז געווען באַליבט ביי די קינדער און ארויסגערופן צו זיך אכטונג, צוטרוי. מיט מוט און ברען האָט זי געארבעט מיט די קינדער ביי אַלע פאָרשטעלונגען. מיט האַרץ און מיט ליבע האָט זי זיך אָפּגעגעבן צו אָט דער קינסטלערישער אַרבעט, און א דאנק איר האָבן טאַקע אַלע קינדער־יום־טובים געהאַט אזא דערפאָלג און געווען אַזוי רייך אין אינהאַלט. איר עמפּינדלעכער אויער און איר שאַרף אויג איז געווען תמיד וואַך פאַר די קינדער וואָס האָבן איר טאָג טעגלעך ארומגערינגלט.

וואָלפסאָן איז געווען א לערערין פון חשבון. אירע לעקציעס זענען געווען זער לעבעדיקע, ספּעציעל דאַן ווען ס׳איז געווען א שעה פון שנעל רעכענען. אפילו די שטילסטע קינדער האָבן דאָ אָנטייל גענומען אין קלאַס. זי האָט אָבער אַ קורצע צייט געלערנט אין שולע, ווייל זי איז אָפּגעפאָרן אין וואַרשע און דאָרט פאָרגעזעצט איר אַרבעט אין די ציש״אָ שולן.

אויך די שוועסטער בזעזינסקי זענען געווען פון די פּיאָנערינס פון דער שול און מיט ענערגיע און איבערגעגעבנקייט געלערנט די קינדער און געהאָלפן באַטייליקן זיך אין אַלע וויכטיקסטע אונטערנעמונגען. ביידע שוועסטער זענען געווען גרויסע קינדערפריינט.

איינע פון די באגאבסטע און פעיקסטע לערערינס פון דער שולע איז געווען חוה סלוצקי. נאָך אַלס גאָר יונגע, אָקאָרשט געענדיקט די פּוילישע גימנאַזיע אין וואַרשע, שיקט איר „צישאָ“ צו לערנען פּויליש אין ביעלסק. פאַר איר האָט געלערנט פּויליש אין שולע אַ פּאָליאק אַ גוי, וואָס איז געווען גיכער מיליטערמאַן, ווי פּעדאגאָג. ער האָט געשלאָגן די קינדער מער ווי זיי געלערנט און דערפאַר טאַקע, ווען אויף זיין אָרט קומט סלוצקי, ווערט אן אויפלעבונג, א פרייד און אַ שמחה ביי אַלע קינדער.

סלוצקי איז געווען פול מיט לעבן. מיט ענערגיע און טעמפּעראמענט, מיט שטארקן ווילן צו לערנען און איבערצוגעבן די קינדער אירע קענטעניש און וויסן. זי לערנט די קינדער מיצקעוויטשן, סלאָוואצקין, אָזשעשקאָווען און קאָנאָפּניצ־קין. באַטאָנט ספּעציעל די עטישע, די אלטרויסטישע זייטן פון די העלדן פון די ווערק. זי לייענט פאר אונדז די שענסטע דערציילונגען און מעשה׳לעך פון קאָרטשאַקן. זי דערציילט וועגן זיין פּעדאגאָגישער אַרבעט אין יתומים הויז, ווו דאָרט האָט אויך געלערנט איר ייִנגסטע שוועסטערל — אַ ווונדער שיין מיידעלע. סלוצקי האָט זער פיל פון איר צייט געווידמעט די קינדער. אָפּגעּ־שטאַנענע שילער האָט זי אפילו געגעבן פּריוואַטע לעקציעס און אָן געלט. זי האָט זיך אינטערעסירט מיט יעדן קינד באזונדער, אפילו זיי באזוכט אין זייער היים, כדי צו באַקענען זיך נענטער מיט זיי. זי האָט געהאַט אַן אינטויטיוון אַריינבליק אין די קענדערס נשמה.

כ׳וועל שטענדיק געדענקען, ווי איינמאָל אין אַ יום־כיפור פארנאכט, ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען ביי נעילה אין בית המדרש, איז זי צוזאַמען מיט איר חתן קעסטין, געקומען צו מיר אין שטוב, געברענגט מיר בלומען, אינטערעסירט זיך, וואָס איך לייען און ווי איך פארשטיי דעם בוך. זי האָט ארויסגעוועזן אזויפיל אקטיוון אינטערעס פאר א צווייטן. אַלע קינדער האָבן איר ליב געהאט און געאכטעט, און זי האָט אַלעמען ליב געהאט און געשעצט. נישט איין קינד האָט געוויינט און באדויערט, ווען זי האָט זיך געזעגנט מיט דער שולע, כדי צו פאָרן ארבעטן אין וואַרשע און גלייכצייטיק זיך לערנען אין אוניווערסיטעט.

שוין אַרבעטנדיק אין וואַרשע און וווינענדיק אויף לעשנא 76, קומען צו איר ביעלסקער קינדער, ווי יידן צו א רבי׳ן. נאָך אַן עצה. און יעדערן העלפט זי. וועמען מיט אַרבעט, מיט לערנען זיך אַ פאַך, וועמען מיט העלפן צו פאַר־שפּרייטן אַ בוך לידער, וואָס אַ יונגער, נאָך נישט באַוווסטער קינסטלער האָט געשאַפן, און וועמען צו קענען ווערן אָנגענומען אין יידישן טעאטער. אזוי האָט מינא בערענגאָלץ — היינט אַן אַרטיסטין אין יידישן טעאטער אין אמעריקע — צו פארדאנקען סלוצקין, אירע דערגרייכונגען אויף דער יידישער בינע.

חוה סלוצקי איז געווען אַן אומרויקע נאַטור. זי איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט זיך דערהויבן אויפן העכסטן שטאַפּל פון מענטשלעכקייט. ביז איר לעצטן אָטעם האָט זי געלערנט און געשאפן און געזוכט נייע וועגן און אידעאלן. אויף דער עלטער אפילו געוואָרן אַ קינסטלערין, אַ גרויסע מאָלערין. און ווער ווייס, וויפל נאָך פאַרבאָרגענע טאַלאַנטן מ׳וואָלט געפונען ביי איר, ווען זי וואָלט

באַשאַנקען געוואָרן מיט נאָך יאָרן צום לעבן. איר אָנדענק איז ביי אַלע ביעלס־קער זער טייער.

אָט דער מערקווירדיקער אויסוואַל פון לערער אידעאַליסטן אויסגעצייכנטע אין דער אַרבעט מיט דערפינדערישקייט, מוט און איניציאַטיוו האָבן גע־אַרבעט מיט דער גרעסטער מסירת נפש פאַר א נישט רעגלמעסיקן שוואַכן לוין, זענען געווען אונבויגזאַם אין זייער קאַמף פאַרן קיום פון דער שול און פאַרן כבוד און רעכט פון יידיש.

זיי, וואָס זענען געווען א ביישפיל פון טרייע ערלעכע געשטאַלטן, זיי, וואָס האָבן געקעמפט פאַר זייער לעבן און געריסן זיך צום לעבן אונטער אלע באַדינגונגען, זענען אויך מער נישטאָ. זייער לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן — אוועק מיטן רויך. עס איז חרוב געוואָרן די יידישע ביעלסק, וואָס איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין יידישן שטייגער און טראַדיציע. עס איז חרוב געוואָרן דער היימישער יידישער לעבן, וואָס איז געווען אזוי זאַפטיק, קאָלירפול און דינאַמיש.

די ערד פון דער יידישער שולע, די ערד פון דער יידישער ביעלסק, וועט נישט אויפהערן צו מאָנען דאָס בלוט פון די קדושים וטהורים, וואָס די נאַצישע חיות האָבן אומגעברענגט.




(פון רעכטס צו לינקס)

ערשטע רייע (שטייען): **שרה אייזענבערג, קאַם, חנה לעוויטאַן, נאָוואָגראָדסקי, וואָלפסאָן, חישילעווסקי**

צווייטע רייע (זיצן): **מ. יונגערמאַן, ד"ר כהן. רבי יונגערמאַן, וואַקסמאַן, פרעדמיעסטקי**

דריטע רייע: **קראַמער, אכרימאָווסקי, יצחק וואַקסמאַן, רחל בנדעת, פּיניע ראַבינאָוויטש, פאַניע עפשטיין, חנא טיקאָצקי, יוסף לעוואַרטאָווסקי**

ב. שטערן

# סיכסוכים מיט רבנים אין ביעלסק

אין בליעסק זענען געווען דריי רבנים. מיט צוויי פון זיי איז די אָרגאַניזאציע געקומען אין אַ צוזאמענשטויס. איין סכסוך איז געקומען פון אַ זייטיקער זאך, אין וועלכער די רבנים זענען אריינגעצויגן געוואָרן.

דער ערשטער סכסוך איז געווען מיטן הויפּט־רב ר׳ בן־ציון. דאָס איז געווען מערער א „גבית עדות”, ווי מען רופט דאָס אויפן רבנישן לשון, ווי א סכסוך. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם אָפּצאָל פון א צען רובל, וואָס די נייע אייגנטימער פוּע דער באָד האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן דער אָרגאַניזאציע. דאָס איז געווען א יערלעכע בּיישטייערונג, וואָס די פריערדיקע אייגנטימער פון באָד האָבן תמיד געצאָלט. די באָד און די קאָראָבקע זענען געווען די קוואַלן פון וועלכע רבנים, שוחטים און געוויסע שטאָט־איסטיטוציעס פלעגן ציען זייער חיונה. די אָרגאַניזאציע האָט זיך גופא באַטראַכט ווי א וויכטיקע אינסטיטוציע און האָט אויסגעווירקט אַ בּיישטייערונג פון צען (10) רובל אַ יאָר פון דער באָד. די אייגנטימער פון דער באָד האָבן פּינקטלעך געצאָלט דעם שטייער. יענעם יאָר אָבער איז די באָד אריבּערגעגאַנגען אין אנדערע הענט און די נייע אייגנטימערס, נחמן גלעזער און בערל דער בעדערקעס, האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן און געטענהט, אז עס איז פאַראַן אַן אָפּמאַך צווישן זיי און דעם רב. ר׳ בן ציון, נישט צו צאָלן די צען רובל צו דער אָרגאַניזאציע. דער רב גופא, אַן ערלעכער, קלוגער מענטש, האָט נישט געקענט זיין קעגן דער אָרגאַניזאציע. האָט די אָרגאַניזאציע באַשלאָסן אויסצוגעפינען דעם אמת. איין שבת אָוונט בין איך געגאנגען מיט מיין שטענדיקן באַגלייטער, יואלקע יהודה זאָוועליכעס, צום רב. דער רב, ר׳ משה אהרון, דעם רבס איידעם, איז אונדז אנטקעגנגעקומען, געפרעגט וואָס מיר ווילן? מיר האָבן אים געזאָגט — דער רב לערנט נאָך — האָט ער אונדז געזאָגט. — ער פירט זיך, האָט אונדז דער איידעם דערקלערט, אז ווען ער קומט פון דאַוונען מעריב, לערנט ער אין זיין הדר מיוחד; ווען ער וועט פארטיק ווערן און מאַכן הבדלה ווערט וואָך — קען ער מיט אונדז ריידען. ער האָט אונדז פארבעטן אריינצוגיין אין אַן אַנדער צימער און פאַרזיכערט, אז אזוי שנעל ווי דער רב וועט פארטיק ווערן, וועט ער אים לאָזן וויסן וועגן אונדזער פאַרלאַנג און ער וועט זיכער אונדז אויסהערן.

צו לאנג וואַרטן האָבן מיר נישט באַדארפט. דער רב איז ארויס פון זיין צימער און געמאַכט הבדלה. דער איידעם האָט אים איבערגעגעבן וועגן אונדז. דער רב האָט אונדז אריינגערופן אין זיי צימער. אויך זיין איידעם. מיר האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט ארום א גרויסן טיש אויף וועלכן עס זענען געווען אָנגעלייגט א סך ספרים. דער רב האָט ערשטנס געפרעגט ווער מיר זענען? איך האָב אים געענטפערט. — וואָס זשע פאַרלאַנגט איר, קינדער? — האָט ער ווייטער געפרעגט. דאָ האָב איך געמאַכט אַ דערקלערונג, אז מיר זענען פאָרשטייערס פון דער ביעלסקער אַרבעטער אָרגאַניזאציע און מיר נויטיקן זיך

אין געלט. מיר פלעגן יעדן יאָר קריגן פון די אייגנטימער פון דער באָד א ביישטייערונג פון צען רובל, אָבער איצט האָבן די נייע אייגענטימער פון דער באָד אָפּגעזאָגט צו געבן די ביישטייערונג, ווייל דער רב האָט זיי דערפון באַפרייט — זענען מיר געקומען אויסגעפינען דעם אמת.

מיין רעדען האָט זייביידע שטאַרק פאראינטערעסירט.

— וואָס טוט אייער אָרגאַניזאַציע פאר די אַרבעטער? — האָט דער רב געפרעגט.

— מיר פרוּוון קריגן פאר זיי גרעסערע שכירות און ווייניקער ארבעטס־שעה'ן — האָב איך געענטפערט.

— ווי אזוי טוט איר דאָס? — האָט דער רב ווייטער געפרעגט.

— דורך סטרייקס — האָב איך געענטפערט.

— און וואָס האָט פון דעם די שטאָט — האָט ער ווייטער געפרעגט.

דער רב האָט, נאַטירלעך, נישט געוואַגט צו פרעגן, פארוואָס קומט אונדז געלט פון דער שטאָט, ווען מיר אַרבעטן גאָר צו פארבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער? ער האָט דאָס אָבער פאָרמולירט אין זיין לעצטער פראַגע: „וואָס האָט פון דעם די שטאָט"? איך האָב אים דעריבער געענטפערט, אז די שטאָט האָט פון דעם גאָר א סך, — און געמאַכט א ברייטערע דערקלערונג:

— די אַרבעטער בילדן דאָך אַ גרויסן טייל פון דער ביעלסקער באַפעל־קערונג און ביישטייערן צום גאַנצן לעבן פון שטאָט. ווען די אַרבעטס שעהן זענען לאַנגע און די שכירות זענען קליינע, האָבן די ארבעטער־משפחות נישט קיין צייט ארויסצוגיין אין גאַס און דאַרפן נישט קיין באַזונדערע קליידונג פאר זיך. דערביי פארדינען זיי דאָך נישט גענוג איינצוקויפן, שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס עס קלעקט זיי אפילו נישט פאר דאָס נויטיקסטע. און דאָס רופט זיך שטאַרק אָפּ אויף די קרעמער און געשעפטסלייט. פעלט זיי אויס דער איינקונפט פון א גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג. גאַנץ אַנדערש איז אָבער ווען די ארבעטער אַרבעטן קורצע שעה'ן, קריגן העכערע שכירות. עס קלעקט זיי שוין איינצוקויפן די אַלע נויטיקע זאַכן, פאַרגינען זיך מער צו עסן און דאָס פארגרעסערט די הכנסה פון די קרעמער.

דער רב מיטן איידעם האָבן זיך איבערגעקוקט. אַ ווײַלע האָבן זיי גע־שוויגן, דאַן האָט דער רב געזאָגט: איצט לאָמיר צוגיין צום עסק. ער איז, הייסט עס, נישט גרייט און נישט וויליק צו דיסקוטירן מיט מיר וועגן דער נייער תורה, וואָס איך האָב דאָ פאר אים אַוועקגעלייגט.

— וואָס האָב איך דאָ צו טאָן מיט דער גאַנצער זאך? און וואָס קען איך דאָ העלפן? — האָט ער געפרעגט.

— מיר באַשולדיקן אייך אין גאָרנישט, האָב איך אים באַרואיקט. אַלץ וואָס מיר ווילן וויסן איז, צי עס איז געווען אַן אָפּמאַך צווישן אייך מיט די נייע אייגנטימער פון דער באָד, נישט צו געבן דער אָרגאַניזאַציע די צען רובל אַ יאָר.

— איך וועל אייך זאָגן. קינדער — האָט דער רב זיך געווענדעט צו אונדז; איך און איר געפינען זיך אין דער זעלבער לאַגע. מיר דאַרפן ביידע אָקומען

צו די באָד־אייגנטימער. נישט איר קענט מיר מיט עפּעס העלפֿן, נישט איך קען אייך, מיט גאָרנישט העלפֿן. מיין גאַנצער כּוח איז אַ קרעכץ, דאַרף איך אים האָבן פֿאַר זיך!

— מיר פֿאַרלאַנגען פֿון אייך נישט קיין הילף — האָב איך געענטפֿערט, — מיר קענען אונדזער שטעטל אליין באַשטיין. וואָס מיר ווילן וויסן איז — וועגן דעם אָפּמאַך, צי עס איז דאָ אָדער נישט, האָב איך שאַרף באַטאָנט.

— כּזב ושקר! — האָט דער רב דערקלערט. איך האָב קיינע אָפּמאַכן נישט געמאַכט מיט קיינעם!

— אַ שיינעם דאַנק אייך — האָב איך אים געזאָגט, און ווינטשנדיק אים און זיין איידעם אַ גוטע וואָך און א גוטע נאַכט, האָבן מיר פֿאַרלאָזן דעם רב׳ס הויז.

אויף מאָרגן זענען מיר אַוועק צו די אייגנטימער פֿון דער באָד, איבער־געגעבן זיי. אַז דער רב האָט אָפּגעלייקנט די מעשה מיטן אָפּמאַך.

דערווייל איז די זאַך ארויס איבערן שטאָט און דער עולם האָט שטאַרק אָנגעשראָקן די אייגנטימער פֿון דער באָד. זיי זענען געקומען צו דער אָרגאַ־ניזאַציע בעטן. מען זאָל שוין קומען צו זיי נאָכן געלט.

די אָרגאַניזאַציע איז געקומען, ווען זיי האָבן דאָס גאָרנישט ערוואַר־טעט, און האָט באַקומען די צען רובל שטייער.

דער צווייטער רב, ר׳ משה חיים, איז געווען פֿון גאָר אַן אַנדער שניט. בעת דער הויפּט רב, ר׳ בן ציון, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דין תּורה׳ס, כּשרות, שאלות און די איבעריקע צייט געלערנט תּורה — האָט דער רב, ר׳ משה חיים. זיך אָפּגעגעבן מיט צדקה אַרבעט. אויף זיין איניציאַטיווע זענען געשאַפֿן גע־וואָרן געוויסע אינסטיטוציעס אין ביעלסק. וואָס האָבן פֿאַרבעסערט די לאַגע פֿון דעם אָרעמערן שיכט פֿון דער באַפֿעלקערונג. ער האָט געשאַפֿן א ליי־קאַסע ווו אָרעמע געשעפֿטס־מענטשן, קרעמער. בעלי מלאכות האָבן גקענט לייען געלט אויף קליינע און אויך אָן פּראָצענטער. ר׳ משה חיים גופֿא איז געווען דער הויפּט פֿאַרוואַלטער און דעה זאָגער. די אינסטיטוציע איז געווען איינגעאָרדנט מיט דירעקטאָרן או באַאַמטע. נאַטירלעך, האָט מען געמוזט פֿירן ביכער מיט חשבונות. פֿאַר דעם צוועק האָט זי געהאַט א בוכהאַלטער און אויך א געהילף. דער געהילפֿס־בוכהאַלטער איז געווען א מיטגליד פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציע, איינער א געוויסער זיידמאַן, אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן, א זון פֿון דוד שוסטער. אַ שוואַכער מענטש (ער האָט געליטן אויף שווינדזוכט) האָט ער זיינע פֿאַרדינסטן פֿאַרברויכט אויף מעדיצינען. אָט דער יונגער געהילפֿס־בוכהאַלטער האָט זיך געווענדעט צו דער אָרגאַניזאַציע מיט אַ פֿאַרלאַנג צו העלפֿן אים, ווייל ער האַלט ביים פֿאַרלירן זיין שטעלע.

די אָרגאַניזאַציע האָט די זאַך אויסגעפֿאָרשט און האָט אויסגעפֿונען, אַז אזוי איז עס טאַקע, און האָט דערפֿאַר באַשלאָסן אָנצונעמען זיך פֿאַר דער קריוודע פֿון דעם קראַנקן געהילפֿס־בוכהאַלטער.

אין א געוויסן אָונט בין איך אַוועק צוזאַמען מיט מיין באַגלייטער, יואלקע יהודה זאוועליכעס, צום רב, ר׳ משה חיים. ער האָט אונדז פֿריינטלעך אויפֿ־

גענומען און האָט געפרעגט דעם צוועק פון אונדזער קומען און וואָס מיר פאַר־לאנגען. איך האָב אים דערקלערט די גאַנצע זאַך, אַז זיידמאַן נויטיקט זיך אין די עטלעכע רובל וואָס ער פאַרדינט, ווייל ער איז קראַנק, און אויב ער וועט פאַרלירן זיין שטעלע, וועט זיין געזונט־צושטאַנד זיך פאַרערגערן און זיין לעבן וועט שטיין אין געפאַר.

ר׳ משה חיים האָט אַלץ אויסגעהערט און דערקלערט, אַז עס ליגט נישט אין זיינע הענט. די דירעקטאָרן דאַרפן דאָס אַנטשיידן. און האָט אונדז געגעבן די דאַטע, ווען די דירעקטאָרן וועלן זיך צוזאַמענקומען.

צו דער באַשטימטער דאַטע זענען מיד נאָכאַמאָל געקומען און האָבן גע־פונען ר׳ משה־חיים׳ן, דעם קאַזיאָנער ראַבינער, שמעי שערשענאָווסקי, און זיין איידעם, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט. ר׳ משה חיים האָט אונדז פאָרגעשטעלט פאַר די דירעקטאָרן. אָפּוואַרטנדיק אַ שעה צייט האָב איך גע־פרעגט, פאַרוואָס הויבט מען נישט אָן די פאַרהאַנדלונגען? — מען וואַרט אויף די דירעקטאָרן וואָס דאַרפן נאָך קומען — האָט ר׳ משה חיים געענטפערט.

נאָך אַ ביסל וואַרטן איז קלאָר געוואָרן, אַז קיינער וועט שוין מער נישט קומען, און זיי האָבן פאָרגעשלאָגן מען זאָל אָפּלייגן די אסיפה. איך האָב מיט דעם נישט געוואָלט איינשטימען: — מיר זענען נישט קיין לעגאַלע מענטשן. מיר קענען זיך נישט דערלויבן צו מאַכן אָפטע וויזיטן, ספּעציעל אין דער נאָכבאַרשאַפט פון דער „פּאָליציי אופּראַוולעניע״, פאַרוואָס קען מען היינט נישט פאַרהאַנדלען דעם ענין? איז מיט איין דירעקטאָר ווייניקער, מען מוז דאָך נישט האָבן אַלע דירעקטאָרן, האָב איך געטענה׳ט.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג צווישן דעם רב ר׳ משה חיים, מיטן ראַבינער שערשענאָווסקי און זיין איידעם, האָבן זיי איינגעשטימט דאָס גלייך צו פאַר־האַנדלען. איך האָב איבערגעחזרט די טענות, וועלכע כ׳האָב אַרויסגעבראַכט שוין ביים ערשטן וויזיט. דער ראַבינער שערשענאָווסקי און זיין איידעם האָבן נישט אַרגומענטירט און זיך נישט באַטייליקט אין דער פאַרהאַנדלונג. דער רב, ר׳ משה חיים, איז געווען דער גאַנצער רעדנער און זיין באַציִונג צו אונדז, אַלס פאָרשטייער פון אַן אָרגאַניזאַציע, איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע, ווי די באַציִונג פון רב ר׳ בן ציון צו אונדז, ווען מיר זענען געווען ביי אים וועגן דעם סיכסוך מיטן אייגנטימער פון דער באָד. דער רב ר׳ משה חיים האָט אונדז באַטראַכט ווי מענטשן וואָס מישן זיך אין זיינע „עסקים״. עס איז אפילו גע־קומען צו שאַרפע אויסדרוקן, ווען איך האָב אָפּגעוואָרפן זיין אַרגומענט, אַז די אינסטיטוציע וויל שפּאָרן געלט, און אַז דאָס איז די סיבה פון אָפּזאָגן דעם געהילף בוכהאַלטער. אויף מיין קאָנסטאַטירן דעם פאַקט, אַז אויב אַן אַנדערער וועט פאַרנעמען זיין פּלאַץ, וועט מען קיין געלט נישט שפּאָרן, האָט ר׳ משה חיים קיין דירעקטן ענטפער נישט געגעבן. ער האָט דעם פאַקט גופא נישט גע־לייקנט. ער האָט געענטפערט אומדירעקט, אַז די דירעקטאָרן האָבן אַ רעכט צו באַשליסן דאָס, וואָס זיי האַלטן פאַר נויטיק, און דערביי באַמערקט: אויב די אָרגאַניזאַציע וויל אויף אונדז אַרויפצווינגען — איז דאָך נישט שייך. אָבער מיר ריידן נאָר וועגן יושר. אויף די דאָזיקע שאַרפע באַמערקונג האָב

איך אים געענטפערט נאָך שארפער: — אויב איר זעט נישט קיין יושר אין דער האַנדלונג פון דער אָרגאַניזאַציע, איז דאָס דערפאַר, וואָס איר האָט גע־האַט ווייניק דערפאַרונג מיט איר. די אָרגאַניזאַציע האָט אָבער געהאַט זער אַ סך דערפאַרונג מיט בעלי בתים און האָט קיין סימן פון יושר ביי זיי נישט געפינען.

ר׳ משה חיים האָט נישט דערוואַרט אַזאַ שאַרפן ענטפער און דאָס האָט אים אַביסל איבערראַשט. אין דעם מאָמענט האָט ער נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. ער האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ ווײַלע און האָט דערקלערט, אַז די זאַך איז שוין פאַר אַלעמען קלאָר. איצט וועלן זיי זיך באַראַטן וואָס צו טאָן, און זענען אַרײַן אין אַן אַנדער צימער. מיר זענען געבליבן וואַרטן.

צו לאַנג וואַרטן האָבן מיר נישט באַדאַרפט. אַרום אַ העלבע שעה שפּע־טער זענען זיי אַרויס און איבערגעגעבן זייער באַשלוס: זיידמאַן וועט נישט אָפּגעזאָגט ווערן און וועט בלייבן אויף זיין שטעלע.

מיר האָבן פאַרלאָזן דאָס הויז פון ר׳ משה חיים דאַנקנדיק פאַרן יושרדיקן באַשלוס. דער יונגער זיידמאַן איז אָבער נישט געבליבן לאַנג אויף זיין שטעלע. אין ווייניקער ווי צוויי יאָר איז ער ליידער געשטאָרבן.

ליבע אושיטסקי (עלסאַן)

# ווי קינדער צו א מאמען

## (זכרונות׳לאך פון דער שולע)

ווינטער. אין שולע איז קאַלט. ס׳יאָגן ווינטן אין די קאָרידאָרן. אין די לערן־צימערן פרירן קינדערלעך, די נעזעלאך רויט פארקאטערט, ווער מעג אַזוי? ווער מעג נעמען אויף זיך דאָס אחריות פאַרן געזונט פון די קינדער? אָבער קיין געלט איז נישטאָ. טיקאָצקי האָט געזאָרגט פארן אַלגעמיינעם בודזשעט, אָבער ווו נעמט מען די קלייניקייטן, ווי ווינטער־הייצונג און אנדערע באַדערפע־נישן. האָבן מיר יעדן ווינטער געמאַכט אַ האָלץ־אַקציע. איך בין געקומען צוריק נאָכן לערנען פון בריסק און האָב גלייך מיט אנדערע זיך איינגעשפּאַנט אין דער „אַקציע". מיר פלעגן פאַרטיילן די שטאָט אויף טיילן, קרייזן, און מ׳איז געלאָפן שנאָרען געלט אויף האָלץ. גליקלעך, מער ווי גליקלעך זענען מיר געווען, ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין די פרעסטיקע טעג אין די לערן־זאַלן און געזען די קינדערלעך זיצן פריי, שיינענדיק און זאַפּן אין זיך איין אַלגעמיינע לערע און געדענקען אונדז צום גוטן. און אפשר איז דאָס געווען די בעסטע לעקציע — מענטשן גוטסקייט.

✶ דראַמע אין ביעלסק — מיר דוכט זיך, אַז ס׳איז נישטאָ קיין ביעלוסקער ייד, וואָס זאָל נישט געדענקען דעם דראמאטישן קרייז ביי דער יידישער שולע. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס מיט דעם וואָס מ׳האָט געדאַרפט געלט פאַר דער שולע. מ׳איז מיד געווען פון שלעפן געלדער פון די ביעלסקער „קליינע גבירים" און „גרויסע קבצנים". האָט מען באַשלאָסן מ׳דאַרף פאַרקויפן טאלאנט, געבן גייס־טיקן גענוס, הומאָר און בילד אונדזערע טייערע יידן און זיי ווען בּאַצאָלן דערפאַר, וועט בלייבן געלט פאר דער שולע.

האָט מען געשפּילט טעאטער.

מיר האָבן געהאַט אייגענע בינע־שטערן, אייגענע ליבהאָבער, קאָמיקער, פרימאַדאָנעס, זינגער. און ס׳איז געגאנגען. די שטאָט האָט הנאה געהאַט און געקויפט בילעטן. אונדזער רעזשיסער איז געווען דוקסין, אַ באַגאַבטער טעאטער־מענטש, פארשטאנען וואָס הייסט טעאטער, פארשטאנען וואָס הייסט, אָדער ווי אַזוי מ׳דאַרף „שפּילן", אויסדרוקן, זאָגן, וואָס מ׳וויל אין דראַמע און אין שפּיל. און אַליין נישט געלעבט דערפון. אַ האָבי געווען ביי אים.

ווען דוקסין איז אַוועק קיין אַמעריקע (ליידער איז ער פון דאָרט צוריק געקומען און אומגעקומען אין ביעלסק, וואָס האָט אים אַזוי אָפּגעשאַצט). האָבן מיר פון מאָל צו מאָל געבראַכט אַ רעזשיסאָר פון ביאַליסטאָק. זעענדיק, אַז דאָס קאָסט געלט און פאַרקלענערט די הכנסות, האָבן מיר געשאַפן אונדזער אייגענע קליין־קונסט־גרופּע און זיך רעזשיסירט איינס דאָס אנדערע. געהייסן האָבן מיר „מלא דיצה" און באמת געווען פול מיט פרייד און באמת אַריינגע־בראַכט פרייד אין די קרייזן פון די שולע־עסקנים.

מ׳האָט אַליין אויסגעארבעט דאָס פּראָגראַם פון אָוונט, אַליין געשפּילט און

אַליין פּאַרקויפּט בילעטן, געגאַנגען אין די הייזער פּאַרקויפן זיי, און אַליין געבויט די בינע, צוזאַמענגעשטעלט אַלץ און אויסגעקערט דעם זאַל נאָך די פאָרשטעלונגען.

✡ ספּאָרט — אַ יידישע שולע איז דאָך געווען אַ שטילע רעוואָלוציע אין יידישן לעבן. האָט זי געמוזט זיין אַן אַנשטאַלט, וואָס נישט נאָר ער זאָרגט פאַרן גייסט פון קינד. נאָר אויך פאַרן קערפּער פון יידישן קינד, ער זאָל זיין געזונט און אין קעגנזאַץ צו דער טראַדיציאָנעלער חיידערדיקער דערציאונגס־אויפפאַסונג פון זאָרגן נאָר פאַר דער נשמה, האָבן מיר געזאָגט: מ׳דאַרף זען אויך דעם קערפּער ווי א ציל אין דער דערציונג פון ייד.

האָבן מיר צוויי מאָל אַ וואָך געמאַכט גימנאַסטיק אין זאַל פון דער יידישער שולע און זומער־צייט — אויף דער פרייער לופט, אין הויף. מיר האָבן אפילו געהאַט אַ פּלאַץ אין דאביטש ווו די לופט איז אפשר פרישער ווי אין שטעטל. מיר האָבן אָפּגעדונגען אַ פעלדעלע ביי אַ פּויער און דאָרט געאיבט די מוסקולן און געאָטעמט מיט ערד און געוויקס.

מיטן ספּאָרט קלוב האָט אָנגעפירט שבתיל (שעפּסל) אייזנבערג. ער האָט דאָס געמאַכט מיט אַ פאַרנעם. ד״ר וויינבערג פלעגט אונדז אונטערזוכן, באַ־טראַכטן פון צייט צו צייט, מיר זאָלן וויסן צי מ׳גייט פאָראויס, און אויך כדי פעסטצושטעלן צי מיר זענען גענוג שטאַרק, יעדער איינער צו זיינע איבונגען.

דער ספּאָרט קלוב האָט אויך געהאַט אַ פוטבאָל־גרופּע, וואָס פלעגט זיך פאַרמעסטן מיט ביאַליסטאָק אָדער מיט שטעטלעך פון אַרום. ס׳זענען אויך געווען צוויי אַנדערע גרופּן פון וואָליי־באָל, פאַר יינגלעך באַזונדער און פאַר מיידלעך באַזונדער.

צו דער טעטיקייט פון קערפּער געזונטקייט האָט אויך געערט די אויספלוגן אין די וועלדער פון אַרום און אַנדערע אויספלוגן.

מיר פלעגן קריגן אַ דערלויבעניש פון וואַלד וועכטער און ער האָט אונדז אָנגעוויזן, ווו מיר קענען צעלייגן אַ פייערל און ארום דעם פייער, נאָך שעה׳ן פון שפּאַציר און אָנשטרענגונג, זיצן „אַרום דעם פייער", זינגען לידער און זיך אויסלעבן אין וואָרט און קלאַנג פון יידישן וועזן און יוגנטלעך הנאה האָבן וואָס מיר זענען יידן, וואָס מיר האָבן אַזאַ שיינע וואָקאַל־מוזיקאַלישע קולטור פון יידיש.

דער קלוב איז אויך געווען טעטיק אין די אָוונטן, מ׳פלעגט קומען זיצן, שפּילן דאַמקע, שאַך, קליין־ביליארד. קאָרטן האָט מען נישט געשפּילט. ס׳זענען געווען פאַרשידענע ליין־קרייזן ווו מ׳האָט אַרומגערעדט פּראָבלעמען פון ליטע־ראַטור און שאַפונג און דיסקוטירט. אַלץ אַן געלט.

מיט דער צייט האָבן מיר פאַרטראַכט אויך דערפון צו מאַכן געלט פאַר דער שולע. שבת אָוונט פלעגן מיר דאָרט מאַכן פאַרשידענע אונטערנעמונגען מיט איינטריט־אָפּצאָל, וואָס האָט געצויגן מענטשן פון שטאָט, אויסער אונדזערע קרייזן.

דאָס געלט איז געגאַנגען אויף עקסקורסיעס, ווי מ׳האָט דאָס דאַן גערופן. מיר פלעגן פאָרן זען פּוילן, איר אַלטערטימלעכקייטן און היסטאָרישע פּלעצער.

פאָרן פלעגט מען אויף אַ לאַסט־אויטאָ, מ׳האָט אַרויפגעשטעלט אַלע בענקלעך און זיך געהוידעט אַ נאַכט אַ גאַנצע, ביז מ׳איז אָנגעקומען קיין וואַרשע, קאַזימיעזש אַ.אַ.וו. געשלאָפן זענען מיר תמיד אין די שולן. יעדער האָט געהאַט אַ רוק־זאַק, אַ מיליטער קאָלדרע און אַביסל נויטיקע זאַכן איבערצובייטן. אויך אַ זייפל און אַ פונט האַרטן צוקער. פאַרוואָס צוקער, ווייסט איר? ווייל אין וואַרשע האָט אַ גלאָז טיי געקאָסט 25 גראָשן מיט צוקער און 15 — אָן צוקער. צו דער טיי האָבן מיר גענומען אַ שטיק ברויט, האָבן מיר געהאַט פרישטיק. דערצו האָבן מיר געהאט אַ מיטאָג אַזאַ מין אָרעם־מאָלצייט און גענוג. אַוועק אַ טאָג און חי־געלעבט.

עסן איז נישט געווען פון די וויכטיקע זאַכן. דער עיקר איז געווען אַלץ צו זען.

מיר האָבן געזען יידיש טעאַטער, צום ערשטן מאָל אַן אָפּערע. מיר האָבן באַזוכט מוזעאומס, אַלע אין וואַרשע, און אַלע פוילישע פּאַלאַצן, געווען אין די לאַזיענקעס און קראַשינסקיס גאָרטן.

נאָך אַ וואָך פון הונגער און לאַנג שעהדיקע גענג, זענען מיר מיט דעם זעלבן אופן געפאָרן אַהיים. דער אויטאָ האָט אויף צוריק געהאַט ווייניקער לאַסט, ווייל יעדער האָט פאַרלוירן אַ 4—5 קילאָ, אָבער יעדער איז געווען באַלאָדן מיט באַגייסטערונג און אַנטציקונג.

איינמאָל, געדענק איך (וואָס אַלץ ס׳געדענקט זיך). זענען מיר געפאָרן קיין קאַזימיעזש. פריער, פאַרשטייט זיך, קיין וואַרשע און פון דאַנען מיט אַ שיפל איבער דער ווייסל. אויף צו להכעיס זענען מיר געבליבן שטעקן אויף אַ זאַמדיקן אינדזל אינמיטן טייך. דאָס שיפל רירט זיך נישט שוין באַלד אַ טאָג, מיר זענען הונגעריק, און ווען מ׳איז אומגעדולדיק און הונגעריק וואַקסט דער אַפּעטיט. זאָגט דער שיפס־קאַפּיטאַן: נעמט אַ לאָדקע. כאַפּט זיך אַריבער אויפן צווייטן ברעג, דאָרט שטייט אַ דערפל וועט איר קויפן אַביסל עסנוואַרג פאַר דער חברה. שעפסל אייזנבערג האָט מיך מיטגענומען און מיר זענען אַוועק מיט דער לאָדקע, איינגעקויפט 4 לאַבן ברויט און 6 קעזן און ווי שטייט דאָרט ביי אונדז געשריבן: ווער ס׳האָט נישט געזען די שמחה ווי די חברה האָבן אַריינגעפלאָכטן דאָס בידנע ברויט מיט די זעקס קעזלעך, האָט אויף זיין לעבן נאָך נישט געזען אַן אמת׳ע שמחה. מיר האָבן זיך גוט אָנגעליטן ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין קאזימיעזש.

דער פּאַלאַץ פון קאַזימיעזש דעם גרויסן, יאַק דער פּאַלאַץ. זער א שענער. אַן אינטערעסאנטער. אָבער דאָס אינטערעסאנטסטע איז געווען אונדזער באזוך אין דער גרויסער, יידישער, אַלטער שול.

דאָס האָט קאַזימיעזש, דער גרויסער פוילישער קעניג, אויסגעבויט לכבוד זיין אסתר׳קען, זיין יידישער געליבטע. זי אַליין די „צדקת" האָט אויסגענייט דעם פרוכת פאַרן ארון הקודש און געזאָרגט פאַר זיינע באַצירונגען. פלוצים זעען מיר הויך אויף דער אנט אין שול הענגט אַן הילצערנע וועטעשני באַנק, אַזאַ מין געבעטע קושעטקע. פרעגן מיר: וואָס איז דאָס פאַר אַ מנהג?

ענטפערט מען אונדז אזוי:

די קושעטקע האָט אסתרקע געשענקט דעם עולם, כדי מ׳זאָל אויף איר

אַוועקזעצן דעם סנדק בעת׳ן מאַלע זיין און יידישן דאָס יידישע קינדעלע.
אָבער אזוי ווי דאָס איז שוין צו אַלט, איז אַ סכנה דארויף צו זיצן, האָט מען דאָס אויפגעהאָנגען.

איך האָב מיר געטראכט: אסתר פון דער מגילה האָט געראטעוועט יידן און אסתר פון קאזימיעזש האָט עפנטלעך געזאָרגט פאַרן יידישן די ניי געבוירענע קינדער. ווער ווייסט וואָס פאר אַ טראַגעדיע זי האָט מיט זיך מיטגעטראָגן איר גאַנץ לעבן, זי אליין האָט ווייזט אויס נישט בייגעשטייערט צום פאַרגרעסערונג פון יידישן פאָלק, פון איר פאָלק, האָט זי לפחות אַזוי זיך אידענטיפיצירט מיטן פאָלק מיט אירן.

די געדאנקען האָבן מיר אויך צו פארדאנקען דער יידישער־יידישיסטישער שולע אונדזערער פון ביעלסק, הגם דאָס איז אפשר נישט געווען לויט דעם פּראָגראַם.

ווייל זי האָט אונדז פארברייטערט אונדזערע האָריזאָנטן אפילו נאָכן לערנען.

ווי קינדער צו אַ מאַמען האָבן מיר זיך צו איר געטוליעט און זי האָט אונדז אַלץ דערמעגלעכט.

יי א מאמע צו קינדער.



# א הילפס־רוף

## פון ביעלסקער ישיבה צו אונזערע ברידער אין די פאראייניקטע שטאטן!

---

אזוי ווי די ישיבה פון „ביעלסק-פאדלאסקי" וועלכע עקזיסטירט שוין ב"ה ביי אונז אין שטאט באלד 9 יאר, און פאר דער צייט האט זי ארויסגעגעבן 100 טער תלמידים, וואס זיינען א צירונג פאר ג-ט און פאר לייטן, מיט זייער גרייסקייט אין לערנען תורה און חכמה, און זייער גרויס איידלקייט, צום שטאלץ און רוהם פון אונזער שטאט, נוויטיקט זיך זייער אין א אייגענעם בנין אויף דאווענען, לערנען, עסן, שלאפן, ווייל זיי וואלגערן זיך ארום, ניט האבנדיג קיין פאסענדען פלאץ אויף דעם אלעס. און דער גרעסטער טייל תלמידים איז אלץ פון ארימע עלטערן, נעמענדיג דאס, אין ארט זייענע מיר צוגעטראטן היינטיקס יאר צו בויען א אייגענעם בנין פאר דער ישיבה. מיט זייער א קליינעם קאפיטאל געלט זיינען מיר צוגעטראטן צום בויען, א דאנק די וויכטיגע ערשטע נדבה פון איינעם פון אונזערע אמעריקאנער ברידער, וואס ער האט מנדב געווען צו דעם צוועק, מיט דער האפנונג צו פארענדיגן היינטיגס יאר, מיט די שפענדונגען און שטיצע פון די פריינד און סימפאטיקער פון דער הייליגער ישיבה.

ליידער האט אונז דער קריזיס אזוי שרעקליך רואינירט, דאס מיר האבן ניט די מעגליכקייט צו פארזעצן ווייטער אונזער הייליגע בוי-ארבעט פון בנין-הישיבה וואס דאס איז א „מקדש-מעט" פון אונזער צייט, און מיר שטייען מיט פארלייגטע הענט, און קוקן פארצווייפלט אויף אונזער פיל מיה און קרעפטן וואס מיר האבן ארייגעלייגט ביז יעצט אין דער בוי-ארבעט, עס זאל ח"ו ניט פארלארן גיין, דערום ווענדן מיר זיך צו אייך אונזערע ברידער, וואס אייער הארץ איז אימער פארבונדן מיט אייער היימאט-שטאט ביעלסק-פאדליאסקי, טוט נאך דעם הייליגן ביישפיל פון אונזער אמעריקאנער ברודער, וואס ער איז געווען דער ערשטער וואס האט מנדב געווען זיין וויכטיגע נדבה אויף צו בויען דעם בנין פאר דער ישיבה, וואס דאס איז ביי דער ישיבה א לעבנס-פראגע צו איר עקזיסטענץ, און שפענדעט איר אויך צוזאמען מיט אונז אייערע וויכטיגע נדבות אויף פארזעצן ווייטער די בוי-ארבעט פון דער הייליגער ישיבה.

**פאראייביגט אייערע נעמען אין די הייליגע ווענט פון דער ישיבה, וואו עס וועט קלינגען דער קול-התורה טאג און נאכט!**

**קריצט איין אייערע נעמען אין פנקס הישיבה, צו איין אייביגן אנדיינקען, מיט אייערע נדבות פאר דעם אויפבוי פון דער ישיבה!**

**טייערע ברידער!** שטארקט אונזער ווילן און פעסטיקט אונזער מוט, און גיט אונז די מעגליכקייט צו פארזעצן ווייטער אונזער הייליגע בוי-ארבעט, און צו פארענדיגן מיט גרויס פרייד דעם גרויסן הייליגן ווערק וואס מיר האבן אנגעהויבן.

מיר האפן דאס אונזער רוף צו אייך וועט ארייגנגיין טיף אין אייער הארץ און נשמה, און איר וועט זיך גלייך אפרופן מיט אייערע נדבות און נעמען א גרויסן אנטייל אין דער בוי-אקציע פון ביעלסקער ישיבה, און בזכות התורה, וועט אייך השי"ת העלפן מיט אלעס גוטעס און איר וועט ווערן געבענטשט מיט אלע ברכות פון דער תורה, א. ס.




משה אהרן בן־דעת הרב הגאון אב"ד דבילסק פאדל.

מרדכי גאלדין ראש הישיבה ומנהל דהישיבה הי"ק דבילסק-פאדל.




**בוי־קאמיטעט**

| | |
|---|---|
| משה נווירע | אהרן ניסל קאמינעצקי |
| אלי' ציקערמאן | זיסקינד גאלדזוייג |
| אלטר ליטוואק | נתן נווירע |
| | דוב קאדליכאווסקי |

**א. שטיינבערג**
(געבראכט צום דרוק)

# נחום משה סירקין ז״ל

## (געבוירן ביעלסק 1878 (?), געשטאָרבן קיעוו (24.12.1918)

### ביבליאָגראפיע


לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראטור באנד 6, מ״ע, ניו־יאָרק.
לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראטור — ז. רייזין, באנד 2.
פון מיין דור — י. גרינבוים, ת״א, 1959, ז״ז 56—250.
פרסומים יהודיים בברית המועצות — א. שמאָראק, ירושלים, תשכ״א.


**געבוירן אין ביעלסק, גראָדנער געגנט, דעמאָלט רוסלאנד. באקומען א יידישע דערציונג אין דער היים, אויך באזוכט א רוסישע גימנאזיע, דערנאָך געענדיקט דעם ווארשעווער פּאָליטעכניקום אויף אינזשינער־טעכנאָלאָג. אין פּאָליטעכניקום געגרינדעט א קאָרפּאָראַציע פון די נאַציאָנאַל געשטימטע סטו־דענטן — להיפך פון דער אסימילאַטאָרישער מערהייט פון די סטודענטן אין דער שולע.**

**נ. מ. סירקין האָט געהערט צום קרייז פון יידישע און העברעאישע שריפט־שטעלערס אין ווארשע, געווען א אָפּטער אריינגייער צו נחום סאָקאָלאָוו און י. ל. פּרץ, באזונדערס צו נחום סאָקאָלאָוו, וואָס האָט ס׳ן צוגעצויגן צו מיט־אַרבעט אין דער הצפירה, ווו נ. מ. ס׳ האָט פון צייט צו צייט (זינט 1897) געדרוקט ארטיקלען.**

**צווישן אנדערע האָט סירקין אָנגעשריבן א גרעסערע אָפּהאַנדלונג א״ט „אַ פּרווו פון א טעאָרעטישער באגרינדונג פון דעם ציוניזם״, וואָס האָט אין דער צייט ארויסגערופן א גרויסן אינטערעס צווישן די לייענערס.**

**זינט דער אַנשטייונג פון פּאָליטישן ציוניזם איז סירקין געווען אַקטיוו אין דער באוועגונג, זיך באטייליקט אין א סך ציוניסטישע קאָנגרעסן ווי א דעלעגאט און אויך ווי דער קאָרעספּאָנדענט פון הצפירה.**

**אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, האָט נ. מ. ס. געפירט ציוניסטישע פּראָ־פּאגאנדע, דערהויפּט צווישן דער אינטעליגענטער יוגנט, אונטער דער השפעה פון י. ל. פּרץ איז ער געוואָרן אַן אָנהענגער פון יידיש און אויף ציוניסטישע פארזאמלונגען און קאָנפערענצן געקעמפט פאר יידיש און קעגן דער פאר־ביסנקייט פון די העברעאיסטן.**

**אויסער זיין אָנטייל אין דער הצפירה האָט סירקין פּארעפענטלעכט א סך ארטיקלען אין ספר השנה, אויך אין די רוסיש־יידישע „בודושטשאסט״ און „וואָסכאָד״, אין ספּעקטאָרס „די נייע וועלט״ (אין ווארשע), סאָקאָלאָווס „טעלע־גראַף״ פון וועלכן (1905—1907) ער איז געווען דער פאקטישער רעדאַקטאָר.**

**אין 1907 האָט ער זיך באַזעצט אין קיעוו, דאָרט געפירט אַן אינטענסיווע ארבעט פאר יידיש און דער יידישער ליטעראטור, זיינע רעפעראטן דורכ־**

געדרונגענע מיט א באגייסטערטער ליבע צום יידישן שאפן, האָבן געהאַט א גרויסע ווירקונג אויף דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט. ער האָט אויך פארעפנטלעכט א ריי נאָטיצן איבער יידישע שריפטשטעלערס אין דער יידיש־רוסישער „יעווערעיסקאיא ענציקלאָפעדיא".

נ. מ. סירקין האָט אויך געדרוקט פּאָפּולער־וויסנשאפטלעכע ארטיקלען אין די רוסישע זשורנאלן „וויעסטניק סאכארנאי פראמישלענאסטי", „וואד־נאיע דיעלא" 1910 א"א. אין די יאָרן פון ערשטן וועלטקריג זיך ארויסגע־ריַקט ווי א פּאָליטישער טוער, אויסגעווײלט געוואָרן אין דער אוקראַינישער „ראדע", אויך אין דער רוסלענדער גרינדונגס־פארזאמלונג, אין יידישן נאצי־אָנאלראט פון אוקראינע. ער איז אויך געווען פאָרזיצער פון דער דעמאָקראַ־טישער קהילה אין קיעוו און גלייכצייטיק געשריבן פובליציסטישע ארטיקלען אין ציוניסטישן וואָכן־בלאַט „אויף דער וואַך" (א"ר פון מ. גרוסמן, דערשינען 10 נומ', פון 15טען מערץ ביז 9טען אויג. 1918).

נ. מ. סירקין איז דער מחבר פון בראשורן: „אין דער פרייער אוקראינע" „באמערקונגען, פאקטן און מאטעריאלן" פ"ג „פארן פאָלק" 1917, 9—16 ז"ז (איבערגעדרוקט פון „טעלעגראף" פראָספעקט נומער 1917), „צו זענען מיר הפקר?" קיעוו 1917, 9 ז'.

סירקין איז געווען איינער פון די ווינציקע אויסנאַמען, וואָס האָבן אין דער ציוניסטיש־העברעישער סביבה נישט אויפגעהערט צו קעמפן פאר יידיש, און וואָס האָבן הויך געשעצט דאָס יידישע וואָרט. ער איז אויך געווען באליבט ביי דער אוקראַינישער אינטעליגענץ. געשטאָרבן אין קיעוו.



**אהרון שטיינבערג**
(צוזאמענגעקליבן)

## סטופניצקי שאול יצחק ז״ל
**(1876— — יולי, 1942)**

געבוירן אין ביעלסק, גראָדנער געגנט, רוסיש־פוילן. ביז 13 יאָר געלערנט אין חדר נאָך דעם אין לאָמזשער און איישישאָקער ישיבות און אין בית־המדרש פאר זיך. זיך אויסגעצייכנט מיט זיין התמדה אין לערנען. געווען אויך א גרויסער בעל תנ״ך, זיך אָפּגעגעבן מיט דער השכלה־ליטעראטור, אויך אלגעמיינע לימודים און שפּראכן, געקענט העברעיש, רוסיש, דייטש.

אונטערן איינפלוס פון זיין חבר דעם העברעישן שרייבער ה. ד. קלאצקין, אין 1895 זיך אוועקגעלאָזט אן א פאס און אָן געלט קיין פראג אָנצוקומען דאָרט אין ראבינער סעמינאר. מיט דער שטיצע פון דער חברה „עץ הדעת״ געוואָרן א קאנדידאט פאר א ראבינער, אדורכגעמאכט אלע רעליגיעזע לימו־דים, וואָס זענען נויטיק געווען צו ווערן א ראבינער, און אין זיין פרייער צייט שטודירט אין דער רייכער געמיינדע־ביבליאָטעק די וועלטלעכע ווערק איבער „חכמת ישראל״.

סוף 1897 אוועק קיין היידעלבערג (דייטשלאנד), דאָרט פארבראכט א סעמעסטער אין אוניווערסיטעט, זיך באקאנט מיט די שפּעטער בארימט גע־וואָרענע יידישע שרייבערס, וואָס האָבן דעמאָלט אויך שטודירט אין היידעל־בערג — מיט ד״ר מ. עליאשעוו (בעל מחשבות), קלויזנער, טשערניכאווסקי א״א. אין 1898 אוועק קיין בערן, שטודירט פילאָסאָפיע, געשיכטע און אָריענ־טאַלישע שפּראכן, אָבער אונטער דער ווירקונג פון דער סאָציאליסטישער און ראדיקאלער סביבה דעמאָלט אין בערן פארנאכלעסיגט די אָריענטאלישע שפּרא־כן און זיך אָפּגעגעבן דער עיקר מיט סאָציאלע און נאַציאָנאלע פּראָבלעמען.

מיטגרינדער פון „אקאדעמישן ציוניסטן־פאראיין״. אין 1901 געקומען קיין ווארשע און געוואָרן טעטיק אין די קרייזן פון די פוילישע סאָציאליסטן. אָנגע־פירט קרייזלאך, געשריבן פּראָקלאמאציעס און זיך באטייליקט אין דער יידי־שער פרעסע פון די פּפ״ס, אויך אין ספּעקטאָרס „די יודישע פאָלקס־צייטונג״.

אין 1903 אריבערגעפאָרן קיין זשענעווע (שווייץ), דאָרט געווען סעקרע־טאַר פון „ביורא פאר דער יידישער הויכשול״ (אונטער דער פירונג פון חיים ווייצמאן).

אין 1904, אויפן 7־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באזעל, צוגעשטאנען צו די טעריטאָריאַליסטן, זיך באַזעצט אין מינסק (ווייסרוסלאנד). און געוואָרן טעטיק ווי אַ פּראָפּאגאנדיסט און טעאָרעטיקער פון דער מינסקער ריכטונג פון די פּוע״צ, זיך באטייליקט אין די אומלעגאלע אויסגאבעס פון זיין פּארטיי־ריכטונג.

בעת די פּוע״צ האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט די ס״ס־גרופּעס, איז ס. ארויסגעטראָטן פון דער פּארטיי־אָרגאניזאציע, איז ווידער אריבערגעפאָרן קיין ווארשע, א צייט געווען סעקרעטאר פון „עמיגראציע־ביוראָ ביי דער „ייטא״, דערנאָך אין גאנצן אריבער צו זשורנאליסטישער צייטונג־ארבעט.

אין 1908, בעת עס איז געגרינדעט געוואָרן דער ווארשעווער „היינט״, איז ס. געוואָרן א שטענדיקער מיטארבעטער פון דער צייטונג, א סך געשריבן דאָרט, אָבער זיך געפילט דערדריקט פון דער ציוניסטישער רעדאקציע־מערהייט, אָפט געהאט מיינונגס־פארשידנהייטן מיט דער רעדאקציע. אין 1916, בעת די וואלן צום ווארשעווער שטאָט־ראט, האָט ס. פארלאָזט די צייטונג און איז געוואָרן אן אקטיווער טוער אין דער „יודישער פאָלקס־פּארטיי״, פארטראָטן די פּארטיי אין שטאָט־ראט, קהילה־פּארוואלטונג א״א אינסטיטוציעס. איז אויך ארויסגעטראָטן מיט פּאָליטישע רעפעראטן איבער די יידישע שטעט און שטעטלאך פון פּוילן. 1918—1926 געוווינט אין לובלין, געווען דאָרט רעדאקטאָר פון דעם פאלקיסטישן וואָכנבלאט „דאָס פאָלק״, דאן פון „לובלינער טאָגבלאט״, דערנאָך עטלעכע חדשים געלעבט אין ריגע (געווען רעדאקטאָר פון דער טאָגצייטונג „פרימאָרגן״), פון וואַנען צוריקגעקומען קיין ווארשע צוּן דאָרט געלעבט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. בעת די נאציס האָבן זיך דערנענטערט צו ווארשע, ארויסגעפאָרן מיט ספּעציעלן צוג, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון פּוילישע און יידישע זשורנאליסטן, אָבער אין לובלין אוועק פון דער גרופּע און צו פוס צוריקגעקומען קיין ווארשע. אין וואַרשעווער געטאָ געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער יידישער שול־און קולטור־ארבעט און, טראָץ הונגער, כסדר געארבעט אויף א ריי וויסנשאפטלעכע ווערק, וואָס א טייל פון זיי זענען געפונען געוואָרן אין די געטאָ חורבות צווישן די מאטעריאלן פון ד״ר ע. ריגלבלומס „עונג־שבת״ ארכיוו.

זיין שריפטשטעלערישע טעטיקייט אָנגעהויבן מיט דער סעריע ארטיקלען א״ט: „מכתבים מארץ ביהם״ אין „המליץ״ (אָדעס, 1896), דערנאָך געדרוקט אַרטיקלען אין „המגיד״, „האור״ א״א העברעישע צייטשריפטן. זינט 1903 אריבער אין גאנצן צו יידיש, דעביוטירט מיט דער ארבעט „די כוזרים״ אין ווכ״ב די „יודישע פאָלקס־צייטונג״ (ווארשע 1903, רעד. מ. ספּעקטאָר און ח. ד. הורוויץ); שפּעטער זיך בארימט געמאכט דורך דער סעריע ארטיקלען א״ט „וואָס איז נאציאָנאליזם?״ געדרוקט אין די „יודישע צוקונפט״, לאָנדאָן 1904 (רעד. ד״ר י. ווארטסמאן). געווען א רעדאקציע־מיטגליד פון די „יודישע ווירקלעכקייט״, ווילנע, 1906—1907; אויך פון „דער נייער וועג״ „דאָס וואָרט״ ווילנע; „אונדזער וועג״, וואַרשע, די אומלעגאלע „דער שטראַל״ א״א אין

ווילנע און ווארשע. אין „היינט" און אין אנדערע צייטונגען פארעפנטלעכט סעריעס ארטיקלען, וואָס זענען שפּעטער ארויס אין בראשור־פאָרם: „מלוכה און נאציע", דערשינען א"נ „דאָס רעכט פון דער נאַציאָנאלער מינדערהייט", ווארשע 1910; „קאָאָפּעראטיוון, פּראָפעסיאָנעלע פאריינען" א"א. געווען אַ ספּאָראַדישער מיטאַרבעטער פון „וואַרשעווער טאָגבלאַט" (רעד. ל' קאַהאַן און ה. ד. נאָמבערג); פון דעם פאָלקס פאַרטיי אָרגאַן „דאָס פאָלק" וואַרשע. פון 1918 ביז אָנהייב 1926 (מיט איבערייס) רעדאגירט די ט"צ „לובלינער טאָג־בלאט", דאָרטן אויך אָנגעהויבן דרוקן אין המשכים דאָס ווערק „פירער און טרוימער" — זכרונות פון די סטודענטן־ און עמיגראנטן־קאָלאָניעס אין שווייץ און דייטשלאנד. דעם סוף פון דער סעריע, ווי אויך די צווייטע סעריע „צייטן, מענטשן און געשטאלטן", געדרוקט אין די חדשים מערץ־יולי 1926 אין „פּריי־מאָרגן" ריגע. די דאָזיקע סעריע האָט ארייגענומען די שילדערונגען פון ישיבה־ און סטודענטן לעבן אין לאָמזשע, איישישוק, ראדין, פּראג, היידעלבערג א"א. דאַרט אויך געדרוקט מאָנאָגראַפיעס פון הערצל, זאנגוויל, אחד העם, י. נ. שמחוני זשאַבאָטינסקי, פּרויד א"א. די אלע זענען גלייכצייטיק געווען געדרוקט אין לובלינער טאָגבלאַט, נייער פאָלקסבלאַט, לאָדזש, אידישע צייטונג, ב"א, א"א. פון צייט צו צייט זיך באטייליקט אין „נייע פאָלקס צייטונג" „דאָס וואָרט", „ליטערארישע בלעטער" — ווארשע; „דאָס וואָרט" ווילנע, און אין דער יידישער פּראָווינץ־פּרעסע אין פּוילן. פון אויגוסט 1926, ביז סעפּטעמבער 1939 געווען אַן אינעווייניקסטער מיטארבעטער פון „מאָמענט", וואַרשע, זיינע אר־טיקלען א"ט „וויסענשאפטלעכער אָדער אוטאָפּישער סאָציאליזם", ווי אויך די סעריע וועגן דער „יידישער קאָלאָניזאציע אין ביראָבידזשאן", זענען שטארק אָנגעגריפן געוואָרן דורך דער „יעווסעקציע" (כ. דוניעץ) אויף צוויי פראָנטן (מינסק 1932, ז"ז 6 און 11). אין בוכפאָרם פארעפנטלעכט „ברוך שפינוזה", זיין פילאָזאָפיע, ווארשע 1916, 161 ז', דערשינען אין א סך אויפלאגעס, די לעצטע א"נ „ברוך שפינאָזע, זיין פילאָזאָפיע, ביבל קריטיק, שטאַטלעהרע און זיין באדייטונג אין דער אנטוויקלונג פון מענטשלעכען דענקען" ווארשע 1936). איינע פון די ווייניקע אָריגינעלע ארבעטן אין יידיש אויף דעם געביט" (ז. רייזן); „די ערשטע מאָנאָגראפיע וועגן שפינאָזאַן, וואָס האָט אין איר צייט משפיע געווען אויף טויזענטער יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן אָנגעהויבן בלאָנדזשען און זוכן..." (י. באשעוויץ); „אויפן וועג צום פאָלק" ווארשע, 1920, 152 ז"ז (א זמ"ג ארטיקלען וועגן נאציע און נאַציאָנאלע באוועגונג אין אייראָפּע, ווי אויך וועגן דער פילאָסאָפיע פון הערמאן כהן, אחד העם א"א). זיינע ווערק: „יידישע ראַסע און קולטור", אידייען און פאַרטייען אויף דער יידישער גאס; די געשיכטע פון דער יידישער פילאָזאָפיע, פון וועלכע גע־דרוקט טיילן אין דער יידישע פּרעסע, זענען נישט דערשינען אין בוכפאָרם.

אין דער ווארשעווער יידיש־פּוילישער צייטונג געטאָ „גאזעטא זשידובס־קא" במשך פון קנאַפּע צוויי יאָר געדרוקט ארטיקלען אויף יידיש־היסטאָרישע טעמעס. זייער תוך איז געווען: — נישט פארצווייפלען! אפילו ווען מיר וועלן דערמאָרדעט ווערן, וועלן מיר גייסטיק און מאָראליש נישט אומקומען. האָט

געדרוקט אויך א״ט ה. עדין, ח. קאנטאָר, ש. גערמייזע, ניק, ריגער בן־עמי, י. מירלזון א״א.

וועגן זיין טויט זענען פאראן צוויי ווערסיעס: איינע, אז ער האָט איינ־גענומען סם בעתן פירן אים פון אומשלאג פלאַץ אין ווארשע צום וואַגאָן, וואָס האָט אים געזאָלט פירן קיין טרעבלינקע; די צווייטע, אַז ער האָט זיך געסמט אין אָטוואָצק, אנטלויפנדיק פון די נאציס.

פון זיינע וויסנשאפטלעכע ארבעטן אין ווארשעווער געטאָ איז דערוויילגעפונען געוואָרן בלויז זיין ענטפער אויף דער אנקעטע „דאָס לעבן פון יידישע וויסנשאפטלער אין געטאָ״, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „בלעטער פאר געשיכטע״ ב׳ 1, נומ׳ 2, ווארשע, 1948 ז״ז 123—111.

„...אַן אייגנארטיקע פיגור״. אין אים האָבן זיך פאראייניקט לומדות און השכלה, פילאָזאָפיש דענקען מיט פּאָליטישן טעמפּעראַמענט, דרייסטקייט פון געדאנק מיט באלעבאטישער געמיטלעכקייט, אידעאישע קנאות מיט סקעפּטי־ציזם (...) ער האָט פילאָסאָפיש באגרינדעט („) א רואיקן, עטוואס קאָנסער־וואטיוון, צוגאנג צו יידישע פּראָבלעמען ער האָט אקצענטירט די רעליגיעזע ווערטן, אָבער זיך אקעגנגעשטעלט דער ארטאָדאקסיע ער האָט געשטרעבט צו פּאָליטישער פרייהייט, אָבער ביטער באַקעמפט יעדער ראדיקאַלן געדאַנק. ער האָט ליידנשאפטלעך ליב געהאט יידיש און נישט אקצעפּטירט יידישיזם (ש. מענדלסאָן).

**פון לערער יזכור־בוך**

## שעפסל אייזנבערג

געבוירן אין ביעלסק פאדליאסק ארום 1897, פונקט ווי זיין שוועסטער שרה, האָט אויך שעפסל געארבעט א סך יאָרן אין ביעלסק און לעצטנס אין ווילנע.

שעפסל איז געווען א לערער פון האנט־ארבעט און צייכענען. ער האָט פארמאָגט א קינסטלערישן טאלאנט און אינטואיציע, און אין זיין גאנצער ארבעט האָט ער אריינגעלייגט א סך אידעאליזם און ווארעמקייט.

ער האָט עטלעכע מאָל בזוכט די לערער־קורסן פון ציש״א. ער איז געווען שטאַרק באפריינדעט מיט זיינע תלמידים, און מיט איינער פון זיינע שילערינס האָט ער חתונה געהאט. די לעצטע יאָרן האָט ער זיך פארנומען מיט צאַן־טעכניק, אָבער פון דער שולע איז ער קיינמאָל נישט אוועק.

אומגעקומען איז ער אפנים אין ביעלסק.



פון לערער יזכור־בוך

# יוסף (יאסל) קאַץ

געבוירן אין נאָוועמבער 1903 אין ביעלסק־פּאָדלאַסקי, אין א שטארק רעליגיעזער היים (דער טאטע — ר׳ ישראל, דער שוחט פון שטעטל). יאָסל האָט געלערנט ביי די מלמדים פון שטעטל, אָבער זער שנעל האָט ער שוין נישט קיין פּאַסיקן מלמד צום לערנען פאַר זיך. דאַן הויבט אָן דער טאַטע אַליין צו לערנען עטלעכע שעה א טאָג מיט יאָסלען גמרא. אין לערנען איז ער א גרויסער מתמיד. פאַר וועלטלעכע לימודים קומט צו אים אַ לערער אין שטוב, ווייל שיקן יאָסלען אין דער „נאַראָדסקאָיע אוטשילישטשע" לערנען, וועגן דעם קען קיין רייד נישט זיין. ביים לערער ווייזט ער אויך ארויס זעלטענע פעאיקייטן. ביז צו 14 יאָר לערנט יאָסל מיטן טאַטן. ער איז צו יענער צייט אומגעהויער פרום. דער טאַטע האָפט, אַז ווי נאָר עס וועט זיך ענדיקן די ערשטע וועלט־מלחמה, וועט ער יאָסלען שיקן אין אַ ישיבה.

שוין אַלס קליינער יינגל לייענט יאָסל זייער אַ סך, וואָס עס קומט אים אונטער דער האַנט — מוז ער עס איבערלייענען. ווען די מלחמה ענדיקט זיך און עס צעפלאַקערן זיך אין די יידישע שטעטלעך די פאַרשידענע פּאַרטיי־שטרעמונגען, מיידט עס אויך נישט אויס דאָס שטעטעלע ביעלסק. די שטעטלשע יוגנט־לעכע זעען אין יאָסלען אַ גרויסן אַפּנעמער פון זייערע פארשידענע בראָשורן. זיי פאַרפלייצן אים מיט פּאָליטישער ליטעראַטור. אין יאָסלען קומט פאַר אַ געוואַלדיקער איבערברוך, ער הויבט אָן צו גיין איגאַנצן אויף אַנדערע וועגן. ער ווערט אַ מיטגליד אין דער פארוואַלטונג פון דער גרויסער שטאָט־ביבליאָטעק. פאַר יאָסלען עפנט זיך אַ נייע וועלט. גאַנצע טעג און נעכט קען מען אים נישט אַרויסרייסן פון די ביבליאָטעק־צימערן. ער שלינגט איין בוך נאָך דעם צווייטן. דאָס וואָס ער לייענט איבער, ווערט פון אים נישט פאַרגעסן. ער האָט פאַרמאָגט אַ פענאָמענאַלן זכרון. יאָסל ווערט איבערגענומען מיט די פרייהייטס־אידעען. ווערט אַ שטאַרקער אָנהענגער פון יידיש.

אין 1920־טן יאָר ווען יאָסל הערט, אַז מען גרייט זיך אין ווילנע אויפצו־עפענען א יידישן לערער־סעמינאַר, הייבט ער זיך אָן צוצוגרייטן צו פאָרן אין סעמינאַר לערנען. און אין 1921 פאָרט יאָסל אוועק קיין ווילנע און טרעט אַריין

אין יידישן לערער־סעמינאַר אויפן נאָמען פון ווָל. מעדעם. אין סעמינאַר עפענען זיך אים גאָר נייע האָריזאָנטן. ער הויבט אָן סיסטעמאַטיש לערנען און אַרבעטן איבער זיך. נאָך די לאַנגע שעהן לעקציעס פון סעמינאַר, זיצט יאָסל גאַנצע טעג אין דער אוניווערסיטעט־און סטראַשון־ביבליאָטעק, שטודירט און אַרבעט זער א סך. ער איז געווען געבענטשט מיט דער גוואַלדיקער קראַפט פון קענען אומ־דערמידלעך אַרבעטן איבער זיך. ער איז כסדר איינער פון די בעסטע שילער אויף אַלע לימודים אין סעמינאַר. זער אָפט גרייט ער רעפעראַטן און לייענט זיי פאַר די שילער פון סעמינאַר. דער סעמינאַר איז געווען פאַר אים אַ סיסטעמאַטישע שול און אַ וועגווייזער אויף ווייטערע פאָרשונגען און זעלבסטבילדונג. אין סעמינאַר ווערט יאָסל א מיטגליד פון „בונד". יאָסל ענדיקט דעם סעמינאַר אין יאָר 1925 (דער סעמינאַר איז נאָך צו יענער צייט אַ פיר־יאָריקער). ער איז איינער פון די בעסטע סעמינאַר־אַבסאָלווענטן.

ער וואַרפט זיך אַריין מיט זײַן גאַנצער ענערגיע אין דער לערער־אַרבעט. ביי אים ווערט נישט אָפּגעטיילט די בילדונג פון דער סאָציאַליסטישער דערציִונג, וועלכע ער גיט זיינע שילער. ביי דער לערער־אַרבעט אין שול פירט ער גלייכ־צייטיק סאָציאַליסטישע אויפקלערונג־אַרבעט אין די „סקיף"־קרייזן. ער איז אַ גלענצנדער פּעדאַגאָג, ער ווערט שטאַרק געליבט אין דער „גראָסער־שול". זיינע הויפּט־ לימודים זענען: יידיש און יידישע געשיכטע אין די עלטערע קלאַסן.

ביי יאָסלען איז אָבער דער דורשט צו וויסן נאָך ווייט נישט געשטילט. ער באַמיט זיך צו באַקומען אַרבעט אין ווילנע כדי דאָרט ווייטער קענען לערנען. אַלס עקסטערן גיט ער אָפּ עקזאַמען פאַר אַכט קלאַסן גימנאַזיע און קומט אָן אויפן אוניווערסיטעט. ער שטודירט גערמאַניסטיק. צו יענער צײַט אַרבעט ער א סך אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. ער פירט פאַרשידענע פאָרשונגען איבער דער יידישער שפראַך און אַרבעט איבער ייִדישער פילאָלאָגיע. ער שרייבט אָן עטלעכע אַרבעטן אין די „ייוואָ בלעטער". אויך אויפן אוניווערסיטעט איז ער איינער פון די בעסטע. אין יאָר 1933 האָט יאָסל חתונה מיט דער לערערין נ. סעגאַלאָוויטש. ער אַרבעט שפּעטער אַ צייט אין מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיע־דזעשין. ער קומט פון צייט צו צייט קיין וואַרשע און פירט אויס פּאַרטייאישע אַרבעטן. ער גיט אויך צו יענער צײַט לעקציעס אין פאָלקס אוניווערסיטעט. די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה אַרבעט ער אין ביאַליסטאָק אין דער יידישער גימנאַזיע. ער פאָרט זער אָפט אַרום אויף דער פּראָווינץ מיט ליטעראַרישע רע־פעראַטן. ער ווערט באַרימט און באַליבט ביי די בּרייטע פאָלקס־מאַסן אין און אַרום ביאַליסטאָק. ער באַמיט זיך אַלץ מער אַריינזאַפּן אין זיך בילדונג און וויסן כדי אין א גאָר ברייטער מאָס צו קענען דינען זיינע אָנגעצייכנטע לעבנס־אידעאַלן.

זער אַ אינטערעסאַנט קאַפּיטל איז געווען י. קאַצס אַרבעט אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. די שול־אַרבעט איז געווען צו ענג פאַר זיין כאַראַקטער און ענערגיע. אַ גאָט־געבענטשטער דערציער, האָר ער געזוכט אַ ברייטערע מעגלעכקייט פון צוזאמענלעבן מיט די קינדער. אַזאַ פּלאַץ האָט ער פאַר זיך געפונען אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט אין איר בעסטן און בליִ־אונגס־פּעריאָד. זיין דראַנג צו באַהעפטן זיך נאָענטער און אינטימער מיטן יידישן

פאָלקס־קינד — האָט דאָ אין סאַנאַטאָריע געפונען אַ תיקון. דאָ האָט ער פונאַנ־דערגעוויקלט אַלע זיינע טאַלאַנטן און כוחות אַלס דערציער און פירער פון דער יוגנט. דאָ איז די אַרבעט נישט געווען אַ שול־פּראָגראַם, נישט אין שטח און צייט. דאָ זענען געווען גרויסע מעגלעכקייטן פאַר דערציערישער אַרבעט, און י. קאַץ האָט זיך אין איר אַריינגעוואָרפן בלב ונפש.

אין יאָר 1939 ווען די מלחמה ברעכט אויס, איז יאָסל מיט זיין משפחה אין ביאַליסטאָק, ווו ער אַרבעט אַלץ כסדר אין דער יידישער גימנאַזיע. אין יאָר 1941 אין חודש יוני, ווען די דייטשן באַפאַלן פּלוצלונג די ווייסרוסישע און אוקראַינישע מערב־קרעסן, קלייבט זיך יאָסל אַריבער מיט זיין משפחה קיין ביעלסק, כדי אין די שרעקלעכע טעג זיין צוזאַמען מיט די עלטערן. אויפן צווייטן טאָג נאָכן פאַרנעמען דורך די דייטשן ביעלסק, קלייבן זיי אויס די איטעליגענץ פון שטעטל אין דער צאָל פון 30 מאַן. אין דער דאָזיקער אומגליקלעכער גרופּע פאַלט אויך יאָסל אַריין. די גרופּע ווערט אַרויסגעפירט אין איינעם פון די נאָענטע וועלדער אַרום דעם שטעטל, זיי ווערן דאָרט אַלע אויף אַן אומברחמנותדיקן אופן דערשאָסן נאָך דריי טעג פייניקונג.

יוסף קאַץ האָט געהערט צו דער יינגסטער גענעראַציע לערער אין דער ייִדיש־וועלטלעכן שולוועזן. מיט וועלכע די פירער פון צישאָ האָבן זיך „געשיינדלט". זיי האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף י. קאַצן. ער איז שטענדיק איינגע־לאַדן געוואָרן אויף די לערער־באַראַטונגען מכח דער פּראָגראַם און רעפאָרם פונעם יידיש־לימוד. ער האָט געשריבן אויף די דאָזיקע טעמעס אין די פּעדאַ־גאָגישע אויסגאַבעס פון צישאָ. ביי אים איז באַשטעלט געוואָרן אַ פּאָפּולער ביכל פאַר די שול־קינדער — די כללים פון דעם יידישן אויסלייג. אויף די לערער־קורסן פון 1938/39 אין ווילנע האָט י. קאַץ געפירט אַ קורס „יידישע גראַמאַטיק". די צישאָ האָט געהאָפט, אַז פון י. קאַצן וועט אויסוואַקסן נישט נאָר אַ געלערנטער יידישער פילאָלאָג, נאָר אויך אַ פּראַקטישער שול־פּעדאַגאָג, אַן אויטאָריטעט פאַר דער לערערשאַפט אין אַלע ענינים פונעם יידיש־לימוד.

זיין באַשיידענע נאַטור, זיין אחריות פאַר יעדער אַרבעט וואָס ער האָט גענומען אויף זיך, זיין גוטמוטיקער און אַנגענעמער כאַראַקטער, זיין גאַנצער שכל־הישרדיקער פאַרהאַלטן זיך צווישן די אַרומיקע, זיין גוואַלדיקע אַרבעט־זאַמקייט און שטענדיקער שטרעבן צו פאַרפולקאָמען, זיין אַנגעזאַפּטקייט מיט העברעאיש־תלמודישן וויסן, זיין געטריישאַפט צו דער אידעע פון אַ יידיש־וועלטלעכער שול וואָס איז באַהויכט מיטן סאָציאַליסטישן אידעאַל, — דאָס אַלץ איז געווען אַ גאַראַנטיע אַז יוסף קאַצן שטייט פאָר אַ גלענצנדע צוקונפט. אָבער דאָס יונגע שיינע לעבן פון יוסף קאַץ — איז טראַגיש איבערגעריסן געוואָרן דורך די נאַציס.



ליבע אוזשיטסקי (עלסון)

## משה יונגערמאן

זיין פעדאגאָגישן טאלאנט האָט משה מיטגעבראכט פון זיין פאָטער, אָבער זייענדיק אונגעהויער פעיק און מענטש פון ברייטע האָריזאָנטן, האָט ער די פעדאגאָגיק זיינע פארברייטערט און פארטיפט און געוואָרן לערער און דער־ציער פון ברייטן פארנעם.

זיין פאָטער איז נישט געווען קיין ביעלסקער. ער האָט חתונה געהאט פאר שולמאנס טאָכטער און איבערגענומען פון שולמאנען זיין חיידער און דאָס פארוואנדלט אין אַ מער וויניקער מאָדערנע אַנשטאַלט. אַ מין חיידער־מתוקן פאר פאָרגעשריטענע עלטערן. פאַנאַטישע אָדער סתם רעליגיעזע יידן האָבן צו אים נישט געשיקט זייערע קינדער.

ווען שולמאן איז שוין נישט געווען און משה איז אונטערגעוואַקסן, האָט ער אָנגעהויבן צוהעלפן זיין פאָטער ביים לערנען און אזוי אריין אין פאך ווי א געבוירענער דערצו. ווען זיין פאָטער איז ארויסגעפאָרן קיין אמעריקע האָט משה איבערגענומען דאָס חיידער און עלטערן האָבן זיך אויף אים פאר־לאָזט און אים געטרויעט זייערע קינדער מיט'ן גאנצן הארצן, ווייל שוין פון זיין פריעסטער יוגנט האָט משה זיך ארויסגעוויזן אלס באגאבטער דערציער און גוטער לערער.

פון אלטן יונגערמאן האָט משה אויך גערירשנט דעם רעוואָלוציאָנערן פראָגרעסיוון צוגאנג צו די פראָבלעמען פון יידישער דערציונג, זי זאָל זיין צוגעפאסט צו די באַדערפענישן פון צוקונפטס־דור פון דעם יוגנטלעכן און פון יידישן פאָלק. מ'דערציילט אז אין 1905 ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די באווע־גונג פון פראָגרעסיווע חדרים, האָט דער אלטער יונגערמאן זיך אקעגנגעשטעלט דעם פארזוך אין ביעלסק, „ווייל — ווי ער האָט געזאָגט — זיין חיידער איז שוין דער חדר מתוקן מיט אלע זיינע פארגעשריטענע מעלות". אין יענער צייט האָט מען געדארפט האָבן מוט און קוראזש און טיפע פראָגרעסיווע אנשויאונגען, כדי ארויס מיט אזעלכע אייסערונגען.

משה איז ווייט אריבער די גרענעץ פון זיין פאָטער און געוואָרן דער טרובאדור פון פאָרטשריט אין דער דערציונג, ביז ער איז פארגאנגען צו דער יידישיסטישער שולע מיט אלץ וואָס איז געווען אידעאיש פארבונדן דערצו.

נאָך ביי זיין פאָטערס לעבן האָט משה געלערנט תנ״ך און אלגעמיינע „פרידמעטן״ און ער האָט דאָס דערבראכט צו אַ זער הויכן ניווא. ס׳איז געווען א ווונדער, ווייל משה האָט קיינמאָל נישט געלערנט אין קיין הויכשולן און צוגעקומען צו זיין הויכער בילדונג מיט אייגענע כוחות. ער איז געווען אן אויטאָדידאקט. תמיד געווען פארטון אין לייענען און לערנען, און זייענדיק אויסערגעווייגלעך פעיק און אויסגעדורשט נאָך לעזונגען פון צאָלרייכע פראַגן וואָס האָבן אים באשעפטיק, האָט ער זיך אָנגעזאפט מיט א טיפער און רייכער ערודיציע און געוואָרן דידאקט, דענקער און דערציער פון העכערער שטופע.

שילער האָבן אים ליב געהאט טראָץ זיין לייכטער אויפגערעגטקייט, ווייל ער האָט זיי אלע זייערע פראָבלעמען געהאָלפן לעזן. זיין פרייע לער־מעטאָדע האָט אים געמאכט נאָענט צו זיי טראָץ זייער עלטער—אונטערשייד.

משה יונגערמאן איז געווען באהאוונט אין דער דייטשער, פראנצויזישער, רוסישער ליטעראטור און אירע פילאָזאָפישע ריכטונגען. דאָס זענען געווען די דריי שפראכן, וועלכע ער האָט פערפעקט געקאָנט, אויסער עברית, וואָס אירע אלע קוועלן זענען פאר אים געווען אָפן. דערפאר האָט ער זיינע שילער אריינ־געפירט אין א וועלט פון דענקן, פון זעלבסט דערציונג און רייכע מענטשן פראגן. ער פלעגט לערנען מיט זיין פאָטערס תלמידים תנ״ך מיט דער נייער מעטאָדע, אמת ער האָט זיי אריינגעקלאפט די העברעישע ווערטער אויפן אלטן שטייגער. אָבער דעם תנ״ך האָט ער זיי געלערנט ווי א ליטעראריש־היסטאָ־ריש שאפונג. דאָס זענען געווען המשך־לעקציעס צו די הויכע אלגעמיינע פרידמעטן וואָס ער האָט זיי געגעבן כדי צו דערגענצן זייער בילדונג.

די שטרענגע לערערין אין דעם אַנשאַלט איז געווען זיין שוועסטער שרה־מרים, איר האָט מען איבערגעגעבן די שווערע תלמידים, די שילער וואָס האָבן נישט לייכט געכאפט די תורה. דאָך איז משה פארבליבן דער לערער, וואָס האָט ארויסגעלאָקט־ארויסגעכישעפט פון די תלמידים דעם מאקסימום. אלץ צוליב דעם וואָס ער איז געווען באליבט אויף זיי.

משה איז געווען א הויכער יונגערמאן, א שווארצינקער. שטענדיק נאָכ־לעסיק אין זיין אויסערליכן אויסזען. אָפטמאָל נישט פארקעמט. די שוך קיינ־מאָל נישט צוגעשנורט, פון פידזאקל האָבן ארויסגעשטעקט די העמד מאנזשעטן איינציקווייז, אַמאָל דער רעכטער, אַמאָל דער לינקער, ווען נישט דאָס, וואָס מ׳האָט אים געקענט אלס נישט דורכשניטלעכן מענטש, וואָלטן קינד און קייט אָפגעלאכט פון זיין „הולך״, אָבער משהן האָט מען אָנגענומען פאר נאטירלעך, אויך זיין שלומפערישקייט ווייל מ׳האָט געוווסט, אז ער איז פארטון אין אן אנדער וועלט, וואָס איז העכער פון קליידונג און אויסערליכן אויסזען.

משה יונגערמאן איז געווען זער אן אימפולסיווער, ווען ס׳האָט אים וואָס, אדער ווער אויפגערעגט, האָט ער אויפגעברויזט, אָט, אָט וועט ער אָנפאלן און מערדעריש שטילן זיין צאָרן א פחד האָט באהערשט אלץ ארום אים. די קינדערלעך האָבן ממש געציטערט פאר דעם, וואָס וועט באלד געשען. אָבער משה האָט פארנומען רייבן זיינע הענט אויף אונטען־אין־דער־זייט, רייסן די פינגער פון זייער ווארצל־געלענק, גלעטן־ציפן זיינע שווארצע געדיכטע וואָנ־

צעס, עפעס אונטערמורמלען און צוריק געוואָרן רואיק. אפשר האָט ער זיך דאָס אזוי אויסגעטענה׳ט מיט זיין גורל, וואָס האָט אים מיט זיינע טיפע און שארפע פעאיקייטן פארוואָרפן אין א קליין, פאר אים, שטעטל און אָנשטאָט זיצן אין א שטילן קאַבינעט און שמידן זיינע ווייטע געדאנקן, שרייבן און ארויס־ברענגען די דערלויכטונגס בליצן פאר דעם גונסט פון דער מענטשהייט. מוז ער זיין דאָ, זיך אָפּגעבן מיט קינדער, וואָס רעכענען זיך נישט מיט זיינע געפילן און גייסט ראנגלענישן.

אָבער די קינדער האָבן געוווּסט, אז משה האָט זיי ליב און לעבט אויס זיין גייסט פאר זייערטוועגן און איב ליב געהאט.

ס׳האָט אמאָל פאסירט אז א שילערין איז געקומען צו אים א צעשלאָ־גענע. האָט זי משה געפרעגט ווי האָט זי זיך אזוי פארוווּנדעט, ער האָט דאָס געפרעגט מיט פולער איבערגעבנקייט, ווי ער איז געווּוינט געווען זיך צו באציען צו זיינע שילער. האָט זי אים געענטפערט אויך מיט אמתער געגנ־זייטיקייט אז נעכטן פארנאכט איז זי געגאנגען אין גאס, געווען פינצטערלעך, פלוצים האָט זיך איר געדוכט, אז עמיצער יאָגט איר נאָך, האָט זי פארנומען אנטלויפן און אזוי מיט פאניק צוגעפאלן צו א געגנשטאנד אין גאס און זיך פארלעצט. משה האָט זיך פארטראכט א ווײַלע, איבערגעגעבן פול מיט זאָרג פאר די יידישע קינדער, וואָס לעבן זיך אויס אין שרעק פאר דער וועלט, פאר אירע פינצטערקייטן, און געזאָגט :

— איר זאָלט קיינמאָל נישט אנטלויפן פון דעם וואָס געשעט ארום אייך. דאָס וועט נאָר פארטיפן אין אייך א געפיל פון פחד, פון פוסטן פחד. אין אזא פאל, שטעלט זיך אָפּ, קוקט אייך ארום אויף הינטן, אָן מורא וועט איר זען, אז קיינער לויפט אייך נישט נאָך. קיינער, קינדער, לויפט אייך נישט נאָך.

אין דעם ענטפער האָט זיך אייגענטלעך אויסגעדרוקט זיין געזעלשאפטלעכע תורה, דער עסענץ אירער : נישט אנטלויפן פון דעם וואָס שטייט דיר פאָר. זען די סכנה און זיך ראנגלען מיט איר. יעדער מענטש האָט אין זיך דעם כוח איבערווינדען אלע סכנות.

ווען משה איז אריבער לערנען אין דער יידישער שולע, איז ער ווייטער פארבליבן דער פאָפּולערסטער באליבטער לערער פון ביעלסקער קינדער, וואָס האָט זיי געגעבן א נייעם פרייען אויסקוק אויפן לעבן און זיי באפרייט פון א סך צוריקגעהאלטנקייטן און אינערלעכע געדרענגען. ער איז געווען פריי און פראָגרעסיוו און געוואָלט, אז די שילער, די ליבע יידישע קינדערלעך זאָלן אויך זיין פרייע גליקלעכע מענטשן, וואָס שעפּן ארויס זייער גליק פון זייער אייגענער אינערלעכער פרייקייט און קינדער האָבן אים באדאנקט מיט זייער ליבע דערפאר.

אָבער פאראמאָל איז געשען א געוואלדיקער איבערברוך ביי משהן און ער איז געוואָרן פאנאטיש רעליגיעז, אָפּגעזונדערט פון מענטשן און פאר־שלאָסן אין זיך, אין זיין אייגענער וועלט, אין א וועלט פון צוריקגעהאלטנקייט און אינערלעכן פחד. זייענדיק אזוי פארטון אין זיין טעטיקייט פאר זיינע שילער און איבערגעגעבן פאר זייער צוקונפט און גליק, איז ביי אים געשטאָרבן

זיין קינד, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט. ער האָט דאָס נישט געקאָנט לייכט אַריבערטראָגן. ס׳קאָן זיין אַז ביי משהן האָט זיך דערוועקט אַ טיפער ספק צו מעג אַ מענטש פּראָקלאַמירן אַ שטענדיקן געגענשטעל און קאַמף צו דער ווירקלעכקייט און די ווירקלעכקייט איז גרויזאַם און שטאַרק.

ער האָט דאָס אַלץ פּלוצעם דערזען אַנדערש, און זיך אַליין קליין און נישטיק. ער האָט דאָס פאַרבינדן מיט געדאַנקען פון זינד־און־אָפּצאָל, פון פאַר־ברעכן־און־שטראָף ווי לויט אַלטע יידישע מאָראַלישע פאַרטיפערונגען טאָר דער מענטש נישט וועלן זיין דער גאָט פאַרטרעטער, וואָס רעגולירט געפילן פון קינד און מענטש און ברענגט אַריין דערלייכטערונג און גליק אין הערצער פון די וואָס גאָט וויל, כביכול, זיי זאָלן זיין דערשלאָגן און דערדריקט. משה איז מיט אַמאָל געוואָרן דערדרוקט, רעליגיעז פול מיט מורא פאַרן צאָרנדיקן רבונו־של־עולם, ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון מענטשן, אַרויס פון שולע, זיך פאַרשלאָסן אין זיך און נישט מער דער משה יונגערמאַן פון נעכטן. ער האָט נאָך געגעבן פּריוואַטע לעקציעס, עלטערן וואָס האָבן געוואָלט געבן זייערע קינדער אַ ברייטע לערע, האָבן אים געשיקט זיי׳ערע קינדער און אים גוט באַצאָלט דערפאַר, פאַר זיי איז משה יונגערמאַן פאַרבליבן משה דער גרויסער פּעדאַגאָג און אפשר איז ער זיי נאָך נאָענטער געוואָרן מיט זיין גאָטספאָרכ־טיקייט, אָבער פאַר די קינדער פון שטאָט איז ער אוועקגעריסן געוואָרן דורך אַ מיסטישער האַנט און מער נישט געווען פאַר זיי.

אַזוי איז משה יונגערמאַן געוואָרן אַ שאָטן פון זיך אַליין, אַ לעבעדיקער צוזאַמענברוך וואָס יעדער האָט באַדויערט און באַוווּנדערט.

מיט אַלע זיינע באַליבטע שילער און איבערגעבליבענע עלטערן איז משה אומגעקומען דורך די משוגענע היטלער פאַרברעכער אין ביעלסק און זיין נאָמען, זיין טיף אינטערעסאַנטע און טראַגישע פּערזענלעכקייט איז פאַרבינדן אויף אייביק מיטן נאָמען פון ביעלסק און ביעלסקער רעשטלעך אויף דער גאָרער וועלט.

וואָלף יונין

# בילסקער דריי יידישע העלדן און מארטירער

דעם ארבייטער־טוער אהרן יוסף לעוואַרטאָווסקי, וועלכן די פוילישע רעגירונג האָט פאר׳ן קריג אריינגעזעצט אין טורמע אויף 15 יאָר, האָט איצט נאָך זיין העלדן־טויט אים געגעבן די העכסטע אויסצייכענונג פאר די קאמפן אין ווארשעווער און ביאַליסטאָקער געטאָס.

דער יונגער יידישער העלדין, טייבל קלעשטשעלסקי—אַגרעס, וועלכע האָט פאַרזאָרגט פּראַנצויזישע פּאַרטיזאַנען מיט דינאַמיט.

איר מאַן, מאַיאָר ירוחם קלעשטשעלסקי, וואָס האָט געהאָלפן באַפרייען פּאַריז.

מיינע ווערטער:

— 3 יידן זענען זיי געווען:

— זענען 2 פון זיי געפאַלן, און געבליבן איינער.

— אין צוויי וועלט־מלחמות זענען זיי ארויסגעוואַקסן.

## אהרון יוסף לעוואַרטאָווסקי

דער עלטסטער פון די דריי איז שוין אריין אין דער יידישער מאַרטירער־ און העלדן־געשיכטע. אים געדענק איך נאָך, ווען איך בין געווען א יונגל און מיר האָבן געוווינט אינ׳ם שטעטעל ביעלסק־פּאָדליאַסקי, הינטער ביאַ־ ליסטאָק.

ער איז געווען א גוטמוטיקער מיט אביסל פאַרזשמורעטע אויגן, ווי די זון וואָלט אים שטענדיק געשיינט אין פּנים אריין. כ׳פלעג אריינקומען צו זיי אין הויז, צו זיינע יונגערע שוועסטער, וואָס זענען געגאַנגען מיט מיר אין דער זעלביקער פאָלקס שול. געווען א פולע הויז מיט זין און טעכטער ביי זיי — א פאַרצווייקטע משפּחה. ברילאַנטענע קעפּ, אָבער אהרן יוסף לע־ וואַרטאָווסקי איז שוין געווען צופיל אָנגעלייגט און צופיל דערפאַרן מיט דער ערשטער וועלט־מלחמה און מיט אירע נאָכפאָלגן, אַז ער זאָל ווייטער קאָנען בלייבן אונטער דער פוילישער הערשאַפט אין שטעטל. און די דעמאָלטיקע פוילישע באַאַמטע האָבן עס אויך גוט געוווּסט, אַז אהרן יוסף זוכט צופיל גערעכטיקייט און אַז ער פאַרמאָגט א צו־פייערדיקן מויל, מען זאָל אים לאָזן ארומגיין אַזוי אויף דער פריי. ספּעציעל אין יענע „קרעסן־געגנטן״, וואָס די פּאָליאַקען האָבן באלד נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג פאַרכאַפּט פון סאָוויעט־ רוסלאַנד.

אהרן יוסף באַווייזט זיך מיט אַמאָל אין ווארשע. און ווארשע הויבט אָן קלינגען מיט אים. נאָך אלץ א לינקער פּועלי ציון, איז ער שוין אָבער אַן אַקטיווער טוער אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, און א רעדנער אויף מאַסן־ פאַרזאַמלונגען. די פוילישע דעפענסיווע, די „שפּיקעס״ (געהיים־אַגענטן)

זוכן אים און קאָנען אים נישט געפינען. אָט איז ער ביי די מעטאַל־אַרבייטער אין א מיטאָג־שעה און רעדט פאַר זיי אַריפּ׳ן הויף פון פאַבריק און פונקט דאַן, ווען די פּאָליציי קומט אָן, איז ער שוין נישטאָ. ווו איז ער פאַרשוווּנדן? דער מסור האָט דאָך אים די מינוט געהערט ריידען!

דאָס האָבן די אַרבייטער אים באַשטאַט. און ווען די פּאָליציי האָט אים געזוכט אין דער מעטאַל־גיסעריי, איז שוין אהרן־יוסף געשטאַנען צווישען אַדל־אַרבייטער אויף א צווייטער פאַבריק, נאָר אין אַן אַנדער קוואַרטאַל און גערעדט צו זיי...

אהרן יוסף איז געוואָרן א לעגענדע צווישען די צענטליקער טויזענטער וואַרשעווער יידישע און פּוילישע אַרבעטער.

יאָר 1928 אַנטיסעמיטיזם בושעוועט אין פּוילן מיט אַלע פייערן. אַלע פּוי־לישע תּפיסות זענען איבערגעפּאַקט מיט פּאָליטישע אַרעסטירטע. לוקישקעס אין ווילנע, און די ביאַליסטאָקער טורמע קאַמערן האָבן שוין צו דערציילען פון פּייניקונגען, וואָס קענען זיך פאַרגלייכן מיט די שפּעטערדיקע דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגער...

איך קום קיין וואַרשע אויף א קורצער צייט. באַגעגען גוטע פריינט. באַ־קען מיך מיט מלך ראַוויטש׳ן. טרעף זיך צוזאַמען מיט יידישע יוגענטלעכע, נישט קיין שרייבער.

— געהערט פון אהרן־יוסף׳ן?

— און ווער האָט דען נישט געהערט!

— ווו איז ער?

— ער לעבט. די פּאָליציי איז אים געקומען אַרעסטירן, איז אהרן־יוסף אַרונטערגעשפּרונגען פון 2־טן שטאָק דורך א פענסטער. צעבראָכן א פוס. געכאַפּט געוואָרן. זיצט אין טורמע א טערמין פון 15 יאָר. פאַרוואָס? ווייל ער האָט געקעמפט קעגן דעם פּוילישען פאַשיזם, וואָס האָט אָנגעהויבן צו בליען נאָך פאַר דעם דייטשישען.

דעם שפּעטסטען גרוס באַקומען וועגן אים האָב איך אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע. אהרן יוסף לעוואַרטאָווסקי פירט אָן מיט דער אונטער־ערדישער אַרבעט אין דעם וואַרשעווער און ביאַליסטאָקער געטאָ.

און — אין 1944 קלינגט שוין די וועלט מיט אים. דער שרייבער ב. מאַרק גיט איבער וועגן די העלדישקייטן פון די קדושים, וואָס האָבן אין וואַרשעווער און ביאַליסטאָקער געטאָס געשטעלט דעם לעצטן פאַרביטערטן קאַמף קעגן די נאַציס, און זיין נאָמען בראש.

1945. די נייע פּראָוויזאָרישע פּוילישע רעגירונג פון וואַרשע באַלוינט דעם אומגעקומענעם העלד און קדוש אהרן יוסף לעוואַרטאָווסקי מיט דער העכסטער אויסצייכענונג פאַר העלדישקייט און גערעכטיקייט.

אהרן יוסף פון קליינעם שטעטעלע ביעלסק פּאַדלאַסקי.



**ירוחם קלעטשעלסקי**

אין זעלביקן שטעטל האָבן געוווינט דער טאַטע מיט די בנים, הייזער־בויערס טשעסליאַרעס. די משפחה קליעשטשעלסקי, דער עלטסטער זון, אברהם האָט ער געהייסן, איז אוועק אין די פריע צוואַנציקער יאָרן קיין מעקסיקאָ. מיטן יונגערן ברודער נחום בין איך געגאַנגען אין פאָלקסשולע. אָבער ירוחם איז געווען מיט עטלעכע יאָר יונגער פון אונדז, אָט דעם ברודער זייערן גע־דענק איך אלס פיצעל קינד.

ער האָט אויך פאַרענדיקט די יידישע פאָלקסשולע, שוין נאָך דעם ווי איך האָב געביטן די לענדער פון אייראָפּע, ווי מען בייט אָן אויבערהעמד.

און — אין דער צייט פון חורבן שלישי — געפינט זיך ירוחם אין פראַנק־רייך צוזאַמען מיט זיין פרוי, טייבעל, איר מיידעלשער נאָמען, אַגרעס.

די נאַציס פאַרנעמען פאַריז. ירוחם שליסט זיך אָן אין די פּאַרטיזאַנען. ער ווערט דער פירער און שטייגט גאָר גיך אין זיין ראַנג און פירט דורך מיט זיין פּאַרטיזאַנער קאָמאַנדע־אָפּטיילונג איבערפאַלן אויף דייטשן אין פאַריז.

ירוחם מיט זיין מחנה אַטאַקירט מיט האַנטגראַנאַטן אריבער הונדערט נאַ־ציס און לאָזט איבער צענטליקער טויטע און פאַרוווּנדעטע דייטשן.

זינט 1943 ווערט ירוחם דער פירער פון די יידישע פּאַרטיזאַנען אין פאַריז און פירט דורך מאַסן אטאַקעס דערפאָלגרייך. פאָן שאַמבורג, דער דייטשער קאָמאַנדיר פון פאַריז, אויף וועמען ס׳ווערט דורכגעפירט אַן אטענטאַט, איז איינער פון די, אין וועלכע ירוחם האָט זיך נוקם געווען. דעם זעלביקן זומער אנטלויפט ירוחם קיין צפון־פראַנקרייך, טוט ווייטער פּאַרטיזאַנען־אַרבעט, ווערט אַרעסטירטער און נאָכדעם באַפרייט פון תפיסה דורך פראַנצויזישע פּאַרטיזאַנער. נעמט זיך ווידער צו דער אַרבעט און אָרגאַניזירט די הילף פאַר

סאָוועטישע קריגס־געפאנגענע, אז זיי זאָלן קאָנען אנטלויפן פון די לאגערן. מען פירט זיי אריבער נאָכדעם צו די „מאקיס". מען גיט זיי שפייז און קליי־דער, און די מחנה נאצי־באקעמפער וואקסט.

ירוחם קערט זיך אום קיין פאריז ערב דער באפרייונג און שפילט א וויכטיקע ראָלע אין דעם קאמף פאר דער באפרייונג פון דער פאנצויזישע הויפטשטאָט. ער פירט אָן מיט די שלאכטן קעגן די נאציס אויף די פאריזער גאַסן. זיין באַטאַליאָן באַשטייט פון יידישע, פוילישע, איטאַליענישע און שפאַ־נישע פארטיזאנען. און ווען פאריז איז בפרייט געוואָרן איז ירוחם אויטאָמאַ־טיש אריינגענומען געוואָרן אין דער פראנצויזישער ארמיי און האָט באקומען די ראנג קאפיטאן. ער ווערט דער פירער פון זיי באטאליאָן, מאיאָר און בא־טייליקט זיך אין דער אָקופאציע פון דייטשלאנד.

דאָס איז ירוחם, וואָס האָט געענדיקט די יידישע פאָלקסשולע אינם שטע־טעלע ביעלסק פאדלאסקי, הינטער ביאליסטאָק. דאָס איז דער יידישער יוגנט־ליכער, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אויף מענדעלין שלום עליכם, פרץ, אויף משה קולבאק'ן, אברהם רייזין און דר. זשיטלאָווסקי. דאָס איז ירוחם. דער זון פון יידישע הייזער־בויער, וואָס האָט פאראדירט אלס טשעך אונטער דער נאצי־אָקופאציע אין פאריז. דאָס איז ירוחם קליעשטשעלסקי.



**די הייליקע טויב**

וואָס האָט אין דער צייט געטון זיין ווייב טייבעל?

טייבעל אגרעס שטאמט פון זעלביקן שטעטעל. זי האָט אויך געלערנט אין דער יידישער פאָלקסשולע. איר טאטע איז געווען דער יודישער בריוון־טרעגער פון שטעטל, בעת די פאליאקן האָבן איבערגענומען די מאכט. ווען זיין אסטמאַ האָט אים אוועקגעלייגט איז די מאמע געוואָרן די בריוו־טרע־גערין.

טייבעל איז איינע פון די יונגסטע פון אירע 2 אנדערע שוועסטער. אלע האָבן געקאָנט שיין זינגען — ספּעציעל יידישע פאָלקס־לידער. טייבעל איז נאָך געווען א „מיידעלע״, ווען איך האָב זי געקענט, כ׳בין דאָך עפּעס גע־גאנגען מיט צוויי קלאַסן העכער !...

די נאצישע קאטאסטראָפע ברעכט אויס און טייבעל איז אין פאריז אונטער די נאציס, אָפּגעשייט פון איר מאן. ירוחם ארבעט מיט פארטיזאנען, און זי ארבעט אין א כעמישער לאבאָראטאָריע צו מאכן אויפרייס שטאָפן פאר די פארטיזאנער.ביידע באגעגענען זיך אונטער די ערגסטע געפארן. יעדער האַלט זיך אויף אין א באזונדער באהעלטעניש.

טייבעל ווערט דער „קאָנטאַקט״ זי נעמט אונטער געפערלעכע שליחות׳ן שטעלט אין פארבינדונג די באזונדערע פארטיזאנען־אָפּטיילונגען און ברענגט אריבער מאסן אויפרייס־שטאָפן פון לאבאָראטאָריע צו די פארטיזאנען. יעדע מינוט איז איר לעבן אין געפאר.

א קורצע צייט פאר די באפרייונג פון פאריז איז עס געווען: דעם 4־טן אפּריל, 1944, ברענגען די פאריזער צייטונגען א ידיעה, אז אין וואלד פון סעוור, 25 מייל פון פאריז, איז געפונען געוואָרן דער אויפגעריסענער קערפּער פון א פרוי.

ירוחם האָט זי דערקענט לויט דער באַשרייבונג און לויט די ידיעות פון די געהיימע פארטיזאנען־קעמערלעך — זיין טייבעל.

ווי אזוי האָט עס געטראָפן? — מען ווייסט נישט. צי דער אויפרייס־שטאָף, וואָס זי האָט דאן געטראָגן מיט זיך צו די פארטיזאנען, האָט אויפ־געריסן, צי דייטשן האָבן זי ארומגערינגלט און זי האָט זיך אליין אויפגע־ריסן. ווער ווייסט ? ווער וועט וויסן ?

הייליקע יידישע טייבעלע, נישט באַשערט דיר געווען צו דערלעבן דעם טאָג פון באפרייונג.

טייבעל אגרעס—קליעשטשעלסקי — די נישט באזונגענע יידישע העלדין.



ש. זאכאריאש

# יוסף לעווארטאווסקי

## דער קעמפער און רעוואָלוציאָנער, אָרגאניזאטאָר פון אנטיפאשיסטישן קאמף אין ווארשעווער געטאָ

יוסף לעווארטאָווסקי איז געבוירן געוואָרן אין 1895 אין שטעטל ביעלסק (ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדשאפט), אין א משפחה פון א יידישן האָרעפּאַשניק, וועלכע איז באשטאנען פון 12 קינדער. יוספס עלטערן האָבן זיך שווער געמא־טערט צו קאָנען מפרנס זיין די קינדער. די שווערע מאטעריעלע לאגע פון זיין פאמיליע, די שווערע פארהאָרעוועטקייט פון זיין פאָטער, דעם שפייזער פון 12 קינדער, די אָרעמקייט פון שטעטל פון איין זייט און דאָס רייכע לעבן פון די גבירים און באַלעגופים פון דער צווייטער זייט, האָבן געוועקט די אויפמערק־זאמקייט פון דעם עמפינדלעכן יוסף פון די יונגסטע יאָרן אָן. שוין אַלס קינד האָט יוסף ארויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן און א שטארקן פארלאנג צו לערנען זיך. די עלטערן, פּראָגרעסיווע מענטשן, האָבן געוואָלט לערנען די קינדער. אָבער די לאגע אין שטוב האָט נישט מעגלעך געמאכט צו רעאליזירן דעם פארלאנג פון די עלטערן און פון די קינדער. דער שטאַרקער ווילן פון יוספן ברעכט אָבער די שוועריקייטן, ער קריגט זיך פּאָרט אריין אין שול. ער באַווייזט אָבער קוים צו ענדיקן פיר אָפּטיילונגען פון דער גרונט־שול און צוויי קלאַסן גימנאַזיע. אין 16־טן לעבנס־יאָר איז ער געצוווּנגען צו גיין ארבעטן און פאַר־דינען, כדי צושטייער צו געבן דער פאמיליע אויף אויסהאלטונג.

יוסף גיט אָבער נישט אויף דעם געדאנק וועגן ווייטערדיקער בילדונג. ער לערנט זיך אַליין. דער עיקר לייענט ער זייער א סך. ער באקענט זיך אזוי ארום גרינטלעך מיט דער רוסישער, פּוילישער און יידישער ליטעאטור, באזונדערס מיט די קלאסיקער. ספּעציעל האָט יוסף ליב פּאָעזיע, אויף וועלכער ער איז געווען א גרויסער מבין.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן פון דער דייטשישער

אָקופּאַציע (1915—1918), אַרבעט יוסף ביי שווערער צוואַנגס־אַרבעט אין די וועלדער און ביי ברוקירן שאָסייען. ביי יוסף וואַקסט אָן דאָס געפיל און פאַרלאַנג פון ווידערשטאַנד. ער טרעט צו צו אָרגאַניזירן די וואַלד־און שאָסיי־אַרבעטער קעגן דער ברוטאַלער אויסנוצונג פון דער דייטשישער אָקופּאַנטישער מאַכט.

די מלחמה־יאָרן און אירע שרעקלעכע פאָלגן פאַר די פּוילישע, ווייסרוסישע מאַסן, און באַזונדערס פאַר דער יידישער אָרעמקייט, פּאַראַלעל מיט די פּער־זענלעכע דערפאַרונגען פון יוספן, ברייטערן אויס זיין קוק אויף די סאָציאַלע פּראָבלעמען פון זיין סביבה און שטויסן אים צו רעוואָלוציאָנערן קאַמף. די פּועלי־ציון, וועלכע האָבן אונטערן דרוק פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, געשאָטן מיט קאָמוניסטישע פראַזן פון אָנשליסן זיך אין קאָמינטערן אאַוו. — ציען אריין יוספן אין זייער פּאַרטיי. דאָס האָט אָבער ביי יוספן נישט לאַנג געדויערט.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, דאָס אַנטשטיין פון אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַטן אין פּוילן, די פאַראייניקונג פון דער ס.ד.ק.פּ.ל. מיט דער פּפּס־לינקע אין איין קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן, די נייע שפּאַלטונג אין דער רעכטער פּפּס, דער פערמענט אין „בונד", די אויספאָרמירונג פון „קאָמבונד", די ערשטע שפּאַלטונג אין דער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע, די פערמענטן, שפּאַלטונגען אין אַנדערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער געשטאַלטונג פון יוספס באַוווּסטזיין אין דער ריכטונג פון לעניניזם.

אין 1920 האָבן די באָלשעוויקעס פאַרכאַפּט שטיקער פּוילן. אויך ביעלסק ווערט אָקופּירט.

יוסף איז פון די ערשטע, וועלכער שטייט אויף דער זייט פון דער ראַטנ־מאַכט. ער טרייסלט אָפּ פון זיך דעם ציוניזם און דערנענטערט זיך צו די קאָ־מוניסטישע גרופּן, וועלכע האָבן שוין עקזיסטירט אין ביעלסק. שוין אויף דעם ערשטן גרויסן מאַסן־מיטינג איינגעאָרדנט דורך דער רויטער אַרמיי, טרעט יוסף אַרויס מיט אַ וואַרעמער רעדע, רופנדיק די אַרבעטנדיקע פון שטאָט און דאָרף צו העלפן דער רויטער אַרמיי אין איר באַפרייונגס־מאַרש און צו שטיצן די ניי־אַנטשטאַנענע פאָלקס־מאַכט. יוסף ווערט אויסגעוויילט אין דעם צייטווייליקן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט („רעווקאָם"), דעם מאַכט־אָרגאַן פון דער באַפעל־קערונג.

יוסף ווערט באַשטימט אַלס פאַרוואַלטער פון דער אָפּטיילונג, וואָס דאַרף אויסבויען די סאָוויעטישע אָרגאַנען. ער איז זער פּאָפּולער און באַליבט ביי די אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. ער האָט פאַר אַלץ און פאַר אַלעם געהאַט צייט. דער צוטרוי און ליבע צו יוספן איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג.

אין 1921 קומט פּוילן צו דער מאַכט.

די פּאָליציי זוכט אַרום יוספן. ער באַהאַלט זיך אויס, אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה, אָבער שוין רייך מיט אינערלעכע איבערלעבונגען, מיט אַ רייף־ווערנדי־קער קאָמוניסטישער אידעע קומט יוסף קיין וואַרשע.

יוסף גרופּירט אַרום זיך די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן און אין יאָר 1921

רייסט יוסף איבער אויך אָרגאַניזאַציאָנעל מיט דער פּועלי־ציון. צוזאַמען מיט א גרופּע ארבעטער טרעט ער אריין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

יוסף האָט פאַרמאָגט די יעניקע מעלות, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר א פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער. אין די שווערסטע באַדינגונגען פון פּאָליצייאישע רדיפות. פון זיין שטענדיק אומלעגאַל, געיאָגט און גערודפט פון פּילסודסקי־ענדעקישן רעזשים און פון זייערע אַגענטורן אין דער ארבעטער־באַוועגונג — איז יוסף שטענדיק א באַהערשטער, לאָזט זיך נישט באַווירקן פון שטימונגען, האַלט איין שטענדיק די גלייכגעוויכט. טיף אנאַליטיש אין דער אָפּשאַצונג פון דער לאַגע, וועלכע קאָן זיך אויסבילדן מאָרגן, גיט יוסף שטענדיק א קלוגן אָנשטעל. שטרענג פּרינציפּיעל אין דער אידעאָלאָגיש־פּאָליטישער איינשטעלונג, איז אָבער יוסף נישט שאַבלאָניש אין דער טאַקטישער האַנדלונג. צו יעדער נייער סיטואַציע האָט ער שטענדיק צוגעפּאַסט א נייע אַנטשפּרעכנדיקע טאַקטיק. יוסף איז געווען ענטוזיאַסטיש אין דער ארבעט. אָבער גלייכצייטיק האָט ער אָן היץ, קאַלט, רואיק באַטראַכט יעדן ענין.

אַ וויכטיקער כאַראַקטער־שטריך פון יוספן איז געווען זיין מעכטיקע איבערצייגונגס־קראַפט. יוסף האָט שטענדיק געלאָסן, רואיק פאָרמולירט זיינע פאָרשלאָגן, פאַרבעטערט געקעמפט פאַר דער ריכטיקייט פון דער פּאַרטיי־שטעלונג, פאַרמאָגט די פעיקייט צו באַגייסטערן מאַסן.

אין 1־טן סעפּטעמבער 1939, רייסן זיך די קאָמוניסטן ארויס פון די תפיסות. נאָך 10 טעג און נעכט וואַנדערן פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט, כסדר אונטער באָמבעס, קומט יוסף קיין וואַרשע מיט געשוואָלענע פיס פול מיט וווּנדן, אויסגעשעפּט פון די לעצטע העכער 5 תפיסה־יאָר אין מאָקאָטאָוו און אין ראַוויטש. נישט געקוקט אָבער אויף דעם אַלעם, איז ער גרייט צו פאַרטיידיקן די הויפּט־שטאָט וואַרשע, וואָס איז געווען באַדראָט דורך די היטלעריסטן, וועלכע זענען געשטאַנען ביי אירע טויערן.

נאָך 19 יאָר אָפּגעריסן זיין פון דער פאַמיליע, האָט יוסף ווידער געהאַט דאָס גליקגעלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט דער מאַמען, ברודער און שוועסטער. אָבער דאָס איז געווען נישט אויף לאַנג.

אזוי האָבן אויסגעזען די 18 יאָר לעבן פון קעמפער און רעוואָלוציאָנער לעוואַרטאָווסקי אין דעם צייט־אָפּשניט צווישןביידע וועלט־מלחמות. 18 יאָר רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט און אין דעם 10 יאָר הינטער די תפיסה־מויערן.

אָט ווי עס כאַראַקטעריזירט אים איינע פון די, וואָס האָבן זיך געטראָפן מיט יוספן אין געטאָ ביים מאַנטירן דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק.

„איך האָב אים באַצייכנט אלס דעם מענטש פון געדאַנק, פון ווילן, פון גרויסער דעציזיע־קראַפט, פון אומבויגזאַמען כאַראַקטער — איז נאָך פון שפּליטערס פון אומפאַרגעסלעכע געשפּרעכן, אויסגעוואַקסן דאָס בילד פון א געשטאַלט מיט דעם האַרץ פון א טויב, מיט אָן א שיעור ליבשאַפט צו מענטשן, פאַר וועמענס פרייהייט און נשמה ער האָט געקעמפט דאָס גאַנצע לעבן. אַמשטאַרקסטן טאַקע אין די קאָשמאַרע יאָרן" („דאָס נייע לעבן" נר' 68).

עס שרייבט אן אָנטיילנעמער אין דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע:

„מיר האָבן געטרוימט וועגן דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע וואָלט צעמענטירט אונדזערע פלענער און וועלכע וואָלט אין די טראַגישע באַדינגונגען געגעבן אַ געהעריקע ריכטליניע אונדזערע געדאַנקען און אונדזערע צילן. אין דער דאָזיקער פאַרלאַנגקייט האָט אונדז אין אָנהייב פון 1942, ווי עלעקטריזירט די ידיעה, אַז עס האָבן זיך באַוויזן אויפן געביט פון געטאָ עטלעכע מענטשן, וועלכע זאַמלען צונויף אונדזערע חברים און אָרגאַניזירן זיי אין קרייזן פון דער נייער פּאַרטיי" („דאָס נייע לעבן" נר. 16). איז טאַקע יוספס באַווייזן זיך אין געטאָ „געוועזן אַ העלער ליכט־שטראַל געוואָרפן אין דער פינצטערניש פון אונדזער געטאָ־ווירקלעכקייט" (דאָרט).

נאָך עטלעכע מאָנאַטן אַרבעט פון חבר לעוואַרטאָווסקי „סטאַרי", „פינקעל־שטיין" איז די פּאַרטיי אויסגעוואַקסן געוואָרן צו דער גרעסטער און שטאַרקסטער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ, וועלכער ס׳האָבן געשאָנקען זייער צוטרוי און אויף וועלכער ס׳האָבן געלייגט זייער האָפענונג די נאָך לעבן־געבליבענע יידישע רעשטלעך.

אָט וואָס עס דערציילט וועגן יוספן אַן עדות פון דער זיצונג אויף וועלכער ס׳איז מאָנטירט געוואָרן דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק:

„ער האָט גערעדט שטיל, קוים וואָס מען האָט אים געהערט. זיין פּנים האָט קיינמאָל נישט אויסגעדריקט קיין שום ליידנשאַפטן, קיין עמאָציעס, אָבער אין אָט דער רואיקייט זיינער, אין דער דאָזיקער ביישפּיללאָזער, אין יאָרן פון תפיסה־פּיין אויסגעאַרבעטער באַהערשטקייט, איז געלעגן אַ אויסטערלישער כישוף. יעדעס וואָרט זיינס אַן אָפּגעמאָסטנס, אַן אַרויסגעזאָגט כלומרשט אָן פּאַטאָס, האָט זיך אַריינגעפּרעסט מיט אַ גרויסער קראַפט אין די מוחות. ער האָט קודם כל איבערצייגט".

אין מאַי 1942 גייט יוסף אַרויס מיטן רוף:

„די יידישע מאַסן טאָרן אָבער זיך נישט אונטערוואַרפן דעם געפיל פון יאוש, פאַרצווייפלונג און פּאַסיוון אָפּוואַרטן אויף דעם, וואָס דער גורל וועט זיי ברענגען. זיי מוזן אָנשטרענגען אַלע זייערע כוחות און צושטיין צום אַנטיפאַ־שיסטישן קאַמף פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער. זיי מוזן פּונקט ווי יענע אויפנעמען אַ בלוטיקן קאַמף מיטן שונא... אין אָט דעם אַנטיפאַשיסטישן גע־ראַנגל פון די אונטערדריקטע פעלקער מוזן די יידישע מאַסן פאַרנעמען מיט זייער אַקטיוון קאַמף אַ וויכטיקן אָרט".

„דער רוף" האָט געשריבן: „נאָר די פאַרניכטונג פון דער מערטיקער, היטלע־ריסטישער קריגס־מאַשין דורך די אַנטיפאַשיסטישע אַרמייען און די מיט זיי פאַרבונדענע מאַסן פון די אונטערדריקטע פעלקער וועט ענדלעך מאַכן אַ סוף צו אונדזער פאַרשקלאַפונג און שאַפן באַדינגונגען פאַר דער פולער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אויסלייזונג פון די יידישע מאַסן."

אָרגאַניזירנדיק מיליטערישע גרופּן צו געטאָ־קאַמפן, האָט יוסף גלייכצייטיק אָרגאַניזירט גרופּן אויף אַרויסצופירן זיי אין וואַלד אין פּאַרטיזאַנער־גרופּן. מיט יעדן באַזונדער שמועסט יוסף, זאָגט אָן, שטעלט איין פאַר אים זיינע אויפגאַבן

אַליין בלייבט יוסף אין געטאָ אויף צו אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד. ער אָרגאַ־ניזירט דעם קאָלפּאָרטאַזש פון ליטעראַטור, דעם שמוגל פון געווער.

אין דער דאָזיקער שווערער צייט, הגם דאָס געטאָ איז נאָך נישט געווען גרייט צו אַ באַוואָפנטן מאַסן־אַרויסטריט (דאָס זענען געווען די ערשטע חדשים פון דער עקזיסטענץ פון דער פּפּר אין געטאָ), הגם ס'איז געווען נאָך די גרויסע אַרעסטן פון טוער פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, האָט יוסף נישט געזען קיין אַנ־דערן אויסוועג פון דער לאַגע, ווי אָנצוהייבן דעם ווידערשטאַנד. זיין לאָזונג איז געווען: מיט די פאַראַנענע כוחות שטורמען די געטאָ־מויערן, רייסן זיך צום אַרויסגאַנג, נישט גלייבן קיין שום סטאַביליזאַציע־אַקציע.

יוסף האָט אויף די זיצונגען און אין די אויפרופן געשריבן דורך אים — גערופן די יידישע באַפעלקערונג צום ווידערשטאַנד, צום קאַמף פאַרן אייגענעם לעבן און פאַרן לעבן פון די קינדער און פרויען, נישט לאָזן זיך פרייוויליק פאַנגען און נישט גיין צו דער שחיטה.

אין דעם אויפרוף וועגן זעלבשוץ שרייבט דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי:

„די דייטשן האָבן שוין אויסגעהרגעט 700 טויזנט יידן... פון געטאָ קומען אָן ידיעות וועגן איינצלנע פאַלן פון אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן גירוש און גזילה. די איינציקע רעטונג איז אַרויסרייסן זיך מיט כוח פון געטאָ. די איינציקע ריכטיקע שטעלונג אין אַזאַ דראַמאַטישן מאָמענט איז — אַקטיוו ווערן זיך קעגן אויסזידלונג. אָרגאַניזירן קאַמפּס־גרופּן און אינדיווידועלע אַרויסטרעטונגען. די זעלבשוץ מוז אָננעמען אַ מאַסן־כאַראַקטער. אין קאַמף וועלן אומקומען יחידים, אָבער ראַטעווען וועלן זיך טויזנטער.“

אין דער צייט ווערן אונטער יוספס אָנפירונג אַרויסגעפירט פיל יידן פון געטאָ אין וואַלד אַריין אין די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען.

נאָך די אַרעסטן פון די וויכטיקסטע פּפּר־טוער און פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק האָט יוסף צוריק אויפגעשטעלט די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, באַזונדערס זייער אָנפירונג. דאָרט ווו עס זענען זיינע נאָענטסטע מיטקעמפער אַרויסגעריסן געוואָרן פון די קאַמפּס־רייען, האָט יוסף אַוועקגעשטעלט אַנדערע אויף זייערע ערטער. שטיקער האָט דער שונא געריסן פון דער אָרגאַניזאַציע, דאָס פאָלק איז אין בלוט פאַרגאַנגען. יוסף אָבער איז געשטאַנען ווי דער שיפס־קאַפּיטאַן אויף זיין קאַמפּס־פּאָסטן. טריי דעם באַפעל פון דער פּאַרטיי, פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי, טריי זיין אייגענעם געוויסן.

לעוואַרטאָווסקי ווערט געזוכט דורך דער געסטאַפּאָ און פון דער יודענראַ־טישער פּאָליציי. די חברים באַהאַלטן אים אויס. אין די סאַמע שווערע מאָמענטן רופט ער זיצונגען און קאָנפערענצן. אין די קעלערן און אויף די בוידעמער פירט יוסף ווייטער די פּאַרטיי־אַרבעט. ער צעמענטירט דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק.

די לאַגע ווערט פאַר יוספן געפערלעך. אים איז שווער זיך אויסצובאַהאַלטן. יעדע באַוועגונג, יעדער טראָט איז באַדראָט. די חברים גיט זיך איין איינצו־אָרדענען אים אין אַ סטאָליער־שאַפּ. פון דאָרט שיקט יוסף דירעקטיוון צו די

פאַרטיי־קרייזן, צו די קאַמפּס־גרופּן און צו די אַנטיפאַשיסטן. פון דאָרט פירט ער אָן מיט דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, מיט דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

דאָס אומגליק איז דאָך געשען.

גרייטנדיק דעם ווידערשטאַנד, זאַמלענדיק געווער, אינסטרואירנדיק די חברים, צעמענטירנדיק דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק און דער עיקר זאָרגנדיק אומאויפהערלעך פאַרן אויסבויען די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע — אין דעם אָנגעשטרענגטן און מיפולן אַרבעטס־מאָמענט, וואָס איז געוואָרן דעצידירנדיק פאַרן גורל פון וואַרשעווער געטאָ, פאַר דער ווירדע פון די נאָך לעבן־געבליבענע יידן — איז יוסף אַרויסגעריסן געוואָרן פון זיין אָנפירנדיקן פּאָסטן. די היטלער־ריסטישע הענקער האָבן אַרעסטירט דעם פירער, דעם קאָפּ און די נשמה פון קעמפנדיקן געטאָ. יוספס אַרעסט איז געווען א ריזיקער קלאַפּ פאַר דער פּאַרטיי, פּאַר דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, פאַר דער וואַרשעווער געטאָ־באַפעלקירונג.

### דער וועג, ווס האָט געפירט צו דער באפרייונג

שוין פון ערשטן טאָג פון איר עקזיסטענץ האָט די פּפּר — די פּאָרזעצערין פון די שיינע, הערלעכע טראַדיציעס פון קפּפּ — אָנגעקניפּט אַ פּאַרבינדונג מיט די געוו. טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין וואַרשעווער געטאָ. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּפּר באַשילסט אַראָפּצוברענגען יוסף לעוואַרטאָווסקין, דעם לאַנגיאָריקן אויסגעפּרוּווטן פּאַרדינסטפולן רעוואָלוציאָנערן טוער פון ביאַליסטאָק קיין וואַרשע, ווו ער ווערט באַשטימט אלס באַפולמעכטיקטער פון צענטראַל־קאָמיטעט צו אָרגאַניזירן די פּפּר אין געטאָ.

די לויזע קאָנטאַקטן מיט דער אַנטיפאַשיסטישער באַוועגונג מחוץ דעם געטאָ זענען פון דאַן אָן אָרגאַניזירט און צענטראַליזירט געוואָרן דורך דעם געשאַפענעם ראַיאָן־קאָמיטעט פון פּפּר אין וואַרשעווער געטאָ, אין וועלכן ס׳איז אַריין יוסף לעוואַרטאָווסקי אַלס סעקרעטאַר.

אונטער דער אָנפירונג פון יוסף לעוואַרטאָווסקי און זיינע טרייע קאַמפּס־חברים האָט די ניי־אַנטשטאַנענע פּאַרטיי געזאַמלט די בעסטע און געטרייסטע זין פון די עקזיסטירנדיקע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס אונטער איר פאָן.

יוסף לעוואַרטאָווסקי און זיינע חברים פאַרשפּרייטן אין געטאָ דעם ערשטן אויפרוף פון פּפּר, וואָס איז אייגנטלעך אַ פּראָגראַם־מאַניפעסט פון דער פּאַרטיי, אַקצענטירנדיק די מאָמענטן, וועלכע זענען נוגע דער פאַרשמאַכטער יידישער באַפעלקערונג:

„היטלער־דייטשלאַנד — לייענען מיר צוו״אַנד אין דאָזיקן דאָקומענט — האָט באַפלעקט די פּוילישע ערד מיט דעם שענדלעכסטן פאַרברעכן פון גרויל־אַקטן איבער מיליאָנען יידן — פּוילישע בירגער איינגעזעסענע זינט דור־דורות אויף אונדזער ערד, פאַרטרייבנדיק זיי אין געטאָס. קיינער איז נישט אימשטאַנד צו באַזיגן אַ פאָלק, וואָס האָט געקעמפט אויף אַלע שלאַכטפעלדער פאַר פרייהייט

פון די פעלקער, וואָס האָט אויף זיין פאָן מיט אייגענעם בלוט אויפגעשריבן דעם לאָזונג „פאַר אייער און אונדזער פרייהייט"..."

**יוסף לעוואַרטאָווסקי האָט אָרגאַניזירט דאָס ארויסגעבן אין דער יידישער שפּראַך „צום קאַמף" (אַזאַ נאָמען האָט געטראָגן אין יידיש דער צענטראַל־אָרגאַן פון צ"ק קפּפּ). ער רעדאַגירט די צייטונג, שרייבט אַרטיקלען, שאַפט די טאָג־צײַטונג פון פּפּר אין דער יידישער שפּראַך „איינִיקייט", ווי אויך די צייטשריפט „דער פונק", „דער האַמער" און אַנד.**

**ער געפינט זיך אין ענגן קאָנטאַקט מיטן צענטראַל־קאָמיטעט, וואַזונדערס מיטן גענעראַל־סעקרעטאַר מאַרצעלי נאָוואָטקאָ, וועלכער גיט די יידישע חברים אָנווייזונגען, ווי אזוי צו פירן די פּאַרטיי־אַרבעט, וויאזוי אָרגאַניזירן דעם קאמף קעגן אָקופּאַנט. לויט דער איניציאַטיוו פון פּפּר, אַדאַנק די באַמיאונגען פון יוסף לעוואַרטאָווסקי, איז אַנטשטאַנען אין געטאָ אַן אַנטיפאַשיסטישער בלאָק, אין וועלכן עס זענען געווען פארטראָטן צוזאמען מיט די יידישע קאָמוניסטן די קעמפער פון השומר־הצעיר, פון דער לינקער און רעכטער פועלי־ציון א"א פּאָליטישע ריכטונגען. דער בלאָק האָט מאָביליזירט די געטאָ־מאַסן צום קאמף קעגן היטלעריסטישן אָקופּאַנט.**

**דער אָרגאַן פון אנטיפאַשיסטישן בלאָק, דער „רוף" ווענדעט זיך אין מאַי 1942 צו די אונטעריאָכטע יידן, אַז זיי זאָלן**

„פאַרוואַרפן דאָס געפיל פון יאוש, פאַרצווייפלונג און פּאַסיוון אָפּוואַרטן אויף דעם, וואָס דער גורל וועט זיי ברענגען. זיי מוזן אָנשטרענגען אַלע זייערע כוחות און צושטיין צום אנטיפאַשיסטישן קאַמף פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער. זיי מוזן פונקט ווי יענע אויפנעמען אַ בלוטיקן קאַמף קעגן שונא... אין אָט דעם אנטיפאַשיסטישן געראַנגל פון די אונטערגעדריקטע פעלקער מוזן די יידישע מאסן פאַרנעמען א וויכטיק אָרט."

**דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק האָט פאַרבונדן דעם קאמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון פוילן מיטן קאַמף פאַר דער סאָציאַלער איבערגעשטאַלטיקונג פון לאַנד, וואָס וועט שאַפן אַנטשפּרעכנדיקע באַדינגונגען אויך פאַר דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אויסלייזונג פון די יידישע מאַסן. די פּפּר איז אויסגעוואָקסן אין געטאָ צו דער שטאַרקסטער אָרגאַניזאַציע. אויב אין יולי האָט זי געהאַט 30 קעמערלעך צו 5 מענטשן, איז זייער צאָל אין אַפּריל 1943 שוין דערגאַנגען צו 100 קעמערלעך. די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אין איר רשות 500 אַקטיווע מיטגלידער, איבערגעגעבענע אנטיפאַשיסטישע קעמפער.**

**גרייטנדיק זיך צום אַקטיוון ווידערשטאַנד אין געטאָ, צום שאַפן די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון מענטשן פון פאַרשידענע פּאָליטישע אָנשויונגען, אָרגאַניזירט די פּפּר אייגענע יידישע קאַמפּס־גרופּעס, וועלכע ווערן אויסגעשולט מיליטעריש.**

**דער פאַרשטאַרקטער היטלעריסטישער טעראָר, די כסדרדיקע גאַסן־לאַפּאַנקעס, און באַזונדערס די ערשטע ליקווידאַציע־אַקציע פון יולי 1942 יאָר, פאַרשאַפט דער פּאַרטיי בכלל, און דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע בפרט, גרויסע פאַרלוסטן. אין דער אויסערסט־שווערער צייט וואַרפט יוסף לעוואַרטאָווסקי דעם לאָזונג**

פון אָרגאַניזירן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אויף ביידע אָפּשניטן: סיי אין געטאָ, סיי אין וואַלד צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער. ער רופט צום אַרויסרייסן זיך מיט כוח פון געטאָ, דורכשלאָגן זיך דורך די געטאָ־מויערן צו די פּאַרטיזאַנער־מחנות. עס איז באַקאַנט זיין רוף: „יחידים וועלן אומקומען, אָבער טויזנטער וועלן זיך דורכרייסן"...

אין אויגוסט 1942 יאָר געלינגט דער געסטאַפּאָ צו אַרעסטירן יוסף לעוואַרטאָווסקין. ער קומט אום העלדיש אויף זיין קאַמפּס־פּאָסטן.

## גאַס אויפן נאָמען פון יוסף לעוואַרטאָווסקי אין ביעלסק־פּאָדלאַסקי

אין דער „גאַזעטאַ ביאַלאָסטאָצקאַ" — אָרגאַן פון וואָיעוואָדישן קאָמיטעט פון דער פּוילישער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי איז דעם 9־טן פעברואַר ד. י. געווען פאַרעפנטלעכט אַן אָפנער בריוו פונעם תושב פון ביעלסק פּאָד־לאַסקי, יוסף לעוו, היינט מיטגליד פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד פון די יידן אין ביאַליסטאָק. ער האָט פאָרגעלייגט צו באַערן דעם אָנדענק פונעם רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־טוער און אָרגאַניזאַטאָר פון העלדישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ — יוסף לעוואַרטאָווסקי, דורך אָנרופן איינע פון די גאַסן אין ביעלסק־פּאָדלאַסקי אויף זיין נאָמען. עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז ביעלסק־פּאָדלאַסקי איז די געבוירן־שטאָט פון יוסף לעוואַרטאָווסקי.

די טעג האָט די דערמאָנטע צייטונג פאַרעפנטלעכט אַן ענטפער פונעם סעק־רעטאַר פון פּאָוויאַטאָוון קאָמיטעט פון פּזפּר, י. פּיעכאָווסקי, אין וועלכן מיר לייענען צוו. אנד.:

„מיר דאַנקען פאַרן דערמאָנען וועגן דער טעטיקייט פון יוסף לעוואַרטאָווסקי, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרבונדן מיט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און געהערט צו די צענטראַלע פּאַרטיי־טוער אין צווישנמלחמה־פּעריאָד און אין די יאָרן פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. נעמענדיק אין אַכט, וואָס יוסף לעוואַרטאָווסקי איז קודם כל געווען אַ טוער פון דער קפּפּ, האָט דער פּאָוויאַ־טאָווער קאָמיטעט פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי באַשלאָסן צו באַערן זיין אָנדענק בעת די פייערונגען לכבוד דעם 30־טן יאָרטאָג זינט דער אַנטשטיי־אונג פון דער קפּפּ, ד. ה. אין קומענדיקן יאָר. מיר האַלטן אָבער אויך פאַר נייטיק אָנצורופן אויף זיין נאָמען איינע פון די גאַסן פון שטאָט נאָך היינטיקס יאָר".

א.

רבקה ליטמאנס (פעלנער)

## צום אנדענק פון ביעלסק און מיינע זעקס חברטעס

ביעלסק ליגט איינגעטונקט אין גרינס און אין בוימער. סעדער און לאַנקעס אין שטאָט און פעלד און וואַלד — הינטער דער שטאָט.

אַז מ׳קומט אַן מיטן וואָקזאַל, וואָס האָט צוויי באַן־ליניעס, איינע פון ביאַליסטאָק און איינע פון בריסק, גייט מען גלייך דורך אַן אַלייע צו דער הויפּטגאַס — מיצקעוויטש, וואָס ציט זיך העכער אַ קילאָמעטער איבער דער גאַנצער לענג פון שטאָט. איר האַקן איבער גאַסן און געסלעך אין דער ברייט און טיף פון שטעטל.

ביעלסק איז דער מיטלפונקט פון דער גאַנצער אומגעגנט און דער מאַרק איז דער מיטלפונקט פון שטאָט. אַ גאַנצע וואָך איז אויפן מאַרק פלאַץ שטיל, רואיק. דערפאַר אָבער ווען ס׳קומט דאָנערשטיק, לעבט אויף דער מאַרק, לעבט אויף דאָס גאַנצע שטעטל מיט אירע קליינע און גרעסערע געוועלבער. עס לעבן אויף די שפּייז און שיך געשעפטן. די שענקער און תבואה סוחרים. די פּויערים ברענגען פון דאָרף קעז און פּוטער, הינער און אייער, תבואה און קאַרטאָפל, און קויפן איין הערינג און זאַלץ, צוקער און בוימל, געבלומטע ציץ אויף קליידער, הויזן און בורקעס פאַר די מענער.

מיטוואָך שטעלט זיך אַ יריד אין גאַינעווקע, פאָרן די ביעלסקער אויף פורן אַ גאַנצע נאַכט, כדי צו פאַרקויפן דאָרט זייער סחורה, און אַזוי יאָר איין יאָר אויס.

אין מיטן גאַס קוקן אַראָפּ מיט חשיבות די שיינע צוויי שטאָקיקע מויערן פון באַרכאַטן, קאַפּלאַנסקי, אייזנשטאַט, לאַנדאַן, דער אַפּטייקער און אַנדערע. די איבעריקע הייזער — הילצערנע, וואָס שפּאַרן זיך אָן איינע אין דער אַנדע־רער, ווער מיט אַ שינדל דאַך און ווער מיט אַ וואַנט, אַ ביסל אין אַ זייט, טיפער אין גאַס געפינט זיך דער יפה־עינים בית המדרש, אַרומגערינגלט מיט אַ גאָרטן, וואָס אינעווייניק ביי אַ לאַנגן טיש, קען מען טרעפן אין די פאַרנאַכטן לערנען דעם רב ז״ל און אַרום אים זיצן מיט הכנעה און דרך ארץ עטלעכע יידן. לערנען חשובע בעליבתים, חסידישע יידן, לערנט אויך דער פּראָסטער עולם, הערט זיך אַ זיפץ, גיט עמיץ אַ קרעכץ, זיצן יידן איינגעזאַפּט מיט זאָרגן, טיילט מען זיך מיט אַנדערע — ווערט גרינגער אויפן האַרץ, שעפּט מען כוח צו דעם מאָר־גנדיקן עול.

און גייט מען ווייטער מיט דער הויפּטגאַס, קען מען אויך נישט אויסמיידן דאָס בית מדרש געסל (בערעק יאָסעלעוויטש גאַס) מיט אירע קרעפּטיקע הויכע געזונטע קצבים, וואָס האָבן געשמט מיט זייערע שיינע טעכטער.

ווי־נען דאָרט שניידערס, די קיסרימלעך, וואָס נייען בלויז הויזן פאַר די פּויערים. שוסטער און שניידערס, בעלי עגלות און פערדהענדלער, כליזמרים און דאָרפסגייער, וואָס זומער צייט זענען זיי סעדערס און אויפקויפערס. אויף דער גאַס געפינט זיך די באָד און די מקוה, דאָס שעכטהויז און דער הקדש, וואָס

אָפּטמאָל האָט מען געקענט דאָ טרעפן איבערנעכטיקן פרעמדע אָרימעלייט. דאָ האָבן זיך געפונען עטלעכע בתי מדרשים און חסידים שטיבלעך. דאָ האָט מען אויך געזען לייבקען (גאטשן) איילנדיק זיך מיט צוויי העמערס וואסער. באזאָרגן די אלע באלעבאָסטעס, וועמען מיט גוטע וואסער פון קריניצע אויף טיי און וועמען מיט וואסער פון ברונים. און געשמועסט האָבן אנדערע, אז לייבקע האָט עפּעס אין זיך פון א למד וואָווניק, והראיה: גוט איז ער תמיד, שמייכלט ער טאַמעוואטע, קיינמאָל קען מען אים נישט ארויסברענגען פון כעס. איז ווער געשטאָרבן אין שטעטל, האָט ער געלאָזן שטיין די העמערס און נאָכגעגאנגען די לויה. און געוווּסט האָט ער ווו יעדער איינער ליגט באהאלטן אויפן גוטן אָרט.

און האָט ער געענדיקט טראָגן וואסער אויף בית מדרש גאס, איז ער געקומען צו לויפן אויף אדלער גאס, צו באזאָרגן מיט פלאָמפּוואסער צאלקע דעם בעקער, דעם אָפּיצירל, דעם שמש, איצעלע בית מדרש, און געגאָסן האָבן שוין אויך פון זיינס א העמער וואסער די איזוואָשטשיקעס, וואָס זענען געשטאנען מיט זייערע בריטשקעס אויף אָרלער גאס און געווארט צו פירן פּאַסאַזשירן צום באן און פון באן.

אנטקעגן דער ארלער גאס ציט זיך ווייט און ברייט די 3־טער מאי גאס. רחבותדיק און מיוחסדיק מיט בוימער און גערטלעך ביי די שטיבער. דאָ האָט געוווינט דער אפּטייקער, דאָ האָט געוווינט מוזיקאנט דער אדוואָקאט און לאוווניק פון שטעטל, דאָ האָט געוווינט דער הארציקער טייערער רב ז״ל, וואָס איין טאָכטער זיינע איז געווען א קורצע צייט לערערין אין דער יידישער שולע און דער יינגסטער זון האָט געענדיקט די יידישע שולע. דאָ האָט זיך אויך געפונען דער שטאָט גאָרטן ווו קינדער האָבן זיך לוסטיק געשפּילט, זומער געזען קינאָס און „גוליאניעס”!

גייט מען ארויס פון שטאָט, זעט מען א סך פרייע פלאַץ פון פעלד און לאָנקעס, מיט בלומען און בוימער, וואָס שאַפט פון דערווייטנס א הערלעכע פּערספּעקטיוו: שטייען גלייכע שטאָלצע הויכע סאָסנעס, שלאנקע און קרעפּ־טיקע, ס׳ציט זיך אויך א יונג וועלדל, וואָס טיילט אויס פון זיך זאפטיקע ריחות און אין אלע זינגען די פויגל, אלע שיינען מיט גרינס און זון. דאָ האָבן קינדער פון שולע צוזאמען מיט זייערע לערערס, געמאכט שפּאַצירן, אויספלוגן, אין דערוואָכן און אין די שבת פרימאָרגנס. דאָ האָט מען אויך געהערט הילכיקע פריילעכע געלעכטערס פון יוגנטלעכע — פול מיט שפּאנונג מיט דראַנג צו ליכט, צו דער נאטור. דאָ זענען מיר חברטעס פון שולע, אָפט געקומען, גע־לייענט צוזאמען, געטיילט זיך מיט די איינדרוקן, דיסקוטירט, דערמאָנט זיך זכרונות פון שולע און פון שטעטל. און זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן אייניקע פון מיינע חברטעס, וואָס צוזאמען זענען מיר אָנגעקומען אין שולע און צוזאמען איר פארענדיקט. זעקס מיידלעך, זעקס חברטעס. עטל סוקעניק, בעלטשע שיינבוים, שבע גאלאוועסקי, ריטשע לעווארטאָווסקי, דאָבע זינגער און רבקה ל. נאר די לעצטע צוויי פון זיי זענען לעבן געבליבן. די איבעריקע האָט דער דייטש אומגעברענגט, פארשניטן, דערשטיקט און איבערגעריסן זייערע לעבנס.

נאָך זיצנדיק אויף דער שול־באנק האָבן די זעקס חברטעס געטרוימט צו

לערנען זיך ווייטער. באהערשט פון א שטענדיקן דורשט צו וויסן, צו קענען, צו זען די גרויסע וועלט, פאָרן זיי מיט באגרענעצטע מעגלעכקייטן אין ווילנע, אין לערער סעמינאר. אָבער לאנג זיך אויפהאלטן אין דער פרעמד קענען זיי נישט. צוליב די שווערע מאטעריעלע באדינגונגען, רייסן זיי איבער אינמיטן דאָס לערנען, ווער מיט א יאָר פריער, ווער מיט א יאָר שפּעטער. עס בלייבן נאָר כייטשע און רבקה, צוליב זייער עקשנותדיק אמביציעזן און שטארקן ווילן. זיי ברעכן זיך נישט איין, זיי האלטן אויס פינף יאָר ביזן ענדיקן דעם סעמינאר. אזוי איז דאָבע, וואָס שטאמט פון א טראדיציאָנעלע פרומע שטוב, קומענדיק צוריק פון ווילנע, געגאנגען זיך לערנען ביי דוקסינען פאר א פאָטאָגראפיסטין. זייענדיק פעיק צו צייכנען, לערנט זי זיך שנעל אויס דעם פאך. לייענענדיק א סך ביכער ווערט זי באהערשט און באגייסטערט פון א גרויסע מענטשלעכע אידיי. פּראָטעסטירט קעגן יעדע סאָציאלע אונגערעכטיקייט. פּאראכטעט יעט־ וועדע אונטערדריקונג, פארטראָגט נישט די אַטמאָספער פון דער בירגערלעכער סביבה, צו וועלכע זי וויל זיך נישט צובויגן און צופּאסן. זי האָפט און בענקט צו א וועלט פון גערעכטיקייט און מענטשן פארברידערונג. מיט דער זיכערקייט אז אָט דעם יושר און אמת וועט זי געפינען אין רוסלאנד, פארלאָזט זי פּוילן, אָבער אָט דער טרוים אירער, איז בלי שום ספק, נישט פארווירקלעכט געוואָרן. דאָרט קומט די גרויסע אנטוישונג. באלד ווערן אירע שפּורן פארשוווּנדן. ערשט אין די לעצטע 60 יאָרן געפינט מען איר אָפּ — אָבער שוין אין ווילנע.

די צווייטע חברטע עטל, א שיינע, א שטאָלצע, וואָס איז שטענדיק געגאנגען מיט א הויך אויפגעהויבענעם קאָפּ, און וואָס האָט געפילט אז זי איז ווערט באוווּנדערט צו ווערן, איז איר גאנצע האלטונג געווען פון א מענטש וואָס האָט א הויכן ווערט, נאָר האלט זיך עניוות׳דיק, צוליב איר שיינעם טאקט. זי ווערט אָפּט באהערשט פון שטימונגען, זי איז א אומרואיקע נאטור, אָבער שטארק געוואגט. באצאַלט אָבער טייער פאר איר געוואגטקייט. זי פּרוווט נאָך אמאָל איר מזל צו פאָרן אין סעמינאר, אָבער נאָך א יאָר איז זי געצוווּנגען דעם סע־ מינאר צו פארלאָזן. אָט דער קלאפּ האָט איר דעם שטאָלץ צעבראָכן. אין 1940 טרעפט מען איר ארבעטן אין קינדערגאָרטן, אָבער נישט אלס לערערין, נאָר אלס בוכהאַלטערשע. שבע — א שיין, הויך, סימפּאטיש מיידל, מיט א סך חן און ווירדע. רופט ארויס צו זיך ליבשאפט און אכטונג. א ווארימער שמייכל איז תמיד צוגאָסן אויף איר געזיכט און אירע טיפע גוטע אויגן פינקלען מיט ליב־ שאַפט. זי זינגט זעלטן שיין. איז נאָנט צו דער שולע, אָפּט לערנט זי די קינדער טאנצן צו די פאָרשטעלונגען. די טענץ טראכט זי אליין צו. זי שפּילט שפּעטער טעאטער אין דער ביעלסקער אמאטאָרן גרופּע; צוזאמען מיט אברהמ׳ל קאש, געווירצן, מיט מיניען, עטלען, ליבע אוזשיצקי א. א. פאָרן זיי אַרום איבער די קלענערע שטעטלעך ווי ארלע, בראַינסק, מילייטשיץ, און די דאטשע ערטער און ברענגען אהין פרייד און געלעכטער. אין 1940 איז זי פארוואלטערין אין יתומים הויז. ווו מיט איר צוזאמען ארבעט אלס לערער חיים דאָמב, וואָס האָט אויך געענדיקט דעם לערער סעמינאר.

גאָר אנדערש האָט זיך אויסגעטיילט אין דער גרופּע בעלטשע, א שטילע

א באשיידענע, א שעמעוודיקע און צוריקגעהאלטענע, פארקערפערט זי אין זיך אלץ וואָס איז עטיש, זי זוכט דעם מענטש אין זיין דערהויבנקייט. נאָך א פּאָר יאָר לערנען אין ווילנע, קומט זי צוריק אהיים, הילפלאָז און צעטומלט און אָנגערירט פון לעבן: דער גורל שלאָגט איר פּיינלעך און די נויט גייט איר נאָך פוסטריט. זי פּרוּווט געבן פּריוואטע לעקציעס, זי שרייבט אויך לידער. אין וועלכע זי געפינט א גרויסע טרייסט און באפרידיקונג.

און פּונקט ווי בעלטשע איז געווען נישט זיכער אין זיך, ווייל אירע שטרע־בונגען דערגרייכט זי נישט, אזוי איז ריטשע געווען דער היפך פון איר. א לע־בעדיקע, פריילעכע, טעמפּעראמענטפולע. שטענדיק אין באוועגונג. זי איז א שפּרודלדיקער קוואל. זי האָט אָפּט געגערעדט און היציק דיספּוטירט. אין איר געזעלשאפט האָט מען נישט געקענט זיין אומעטיק. אין שטוב ביי איר האָט מען איר גערופן „קאָזע”, א פּנים פאר איר פריילעכקייט און רירעוודיקייט, מיט איר געזונטן חוש פאר דער ווירקלעכקייט און מיט איר וויטן קוק, דערגרייכט זי אלץ. אלע אירע פארלאנגען ווערן מקויים. זי איז א דערפאָלגרייכע לערערין און די קינדער האָבן איר ליב. זי לערנט א יאָר אין קאָנסק און שפּעטער שוין אַלע יאָרן אין ביאַליסטאָק. פון א שטוב פון פּשוטע עמך מענטשן, אָבער גוטע און הערלעכע, קומט זי אריין אין א אינטעליגענטער סביבה, אין א אינטעלעק־טועלער סביבה פון לערער, שרייבער, קיסטלער, ארטיסטן א. א. וו. צוזאמען מיט איר מאן און געראָטן שיין טעכטערל שולמית גייט זי דעם לעצטן וועג מיט איר קלאַס און שול קינדער צו די גאז קאַמערן. אַזוי זענען זיי אלע אומ־געקומען, פארשוואונדן, טראגיש אָפּגעווישט, אויסגעווייטיקטע אין יסורים.

זייער הייליקער אָנדענק זאָל בלייבן איינגעקריצט אין זכרון.

יהי זכרן ברוך.



קינדער־שוישפּילערס

# אפרופן פון אמעריקע נאכן חורבן

ניו־יאָרק, אָקטאָבער 11, 1945

**חשובער פריינט חנא טיקאָצקי!**

אייער בריוו, וואָס איר האָט געשיקט צו אונדזער חשובער לאנדספּרוי, ליבע עלסאָן, האָט אונדז זייער ווייניק נחת פארשאַפט. אין געגנטייל, עס האָט אונדז ביעלסקער לאנדסלייט אויפגערודערט ביזן ביין און מאַרך פון מח... דער בריוו איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, ווי איר זעט פון דער ביילייגנדיקער קאָפּיע, אין דער יידישער טעגלעכער צייטונג „מאָרגן־פרייהייט". עס וועט אויך געדרוקט ווערן אין „פאָרווערטס". „טאָג" און „מאָרגן־זשורנאַל".

דער שרייבער פון די שורות איז אַליין אַ ביעלסקער. איך בין אַ זון פון אברהם יצחק ש"ב ע"ה (דער האראדענקער שוחט). בין פארהייראַט צו אַ טאָכטער פון שמואל גורניאַנסקי ע"ה אייער אַ געוועזענער שותף.

אַ ביסעלע ווייטער אין מיין בריוו וועל איך אייך בעטן אַ טובה פאר מיר אַליין. נאָר איצט וויל איך רעדן פון אייך און די לעבן־געבליבענע יידן אין אונדזער היים־שטאָט ביעלסק.

מיר האָבן דאָ אין ניו־יאָרק אַ ביעלסקער הילפס־פאַריין, ווו אַלע יידישע אָרגאַניזאציעס זענען אַנגעשלאָסן אונטערן נאָמען „יונאַיטעד ביעלסקער רעליף". אונדזער אויפגאַבע איז, זינט מיר זענען אָרגאַניזירט, שוין אַ לענגערע צייט, צו זאַמלען געלט און מיטלען צו העלפן אייך, געראַטעוועטע פון דעם נאַצישן גהינום, צו קענען זיך ווידער שטעלן אויף די אייגענע פיס; איר זאָלט קענען צוריק אויפבויען אַלץ, וואָס די היטלערישע רוצחים האָבן צעשטערט. די קדו־שים, די אומגעקומענע, קען שוין קיינער נישט העלפן, אָבער די וואָס זענען דאָ, דאַרפן און מוזן ווייטער אָנהאַלטן דעם המשך, דעם קיום פון ביעלסק.

אַלזאָ, אין די מלחמה־יאָרן איז דאָך געווען אָפּגערעדט צו קענען עפּעס הערן פון ביעלסק, פון די אַלע טויזנטער שטעט און שטעטלעך, ווו יידן האָבן געלעבט. נאָר אפילו נאָך דער מלחמה, ווען די נאציס זענען באַזיגט געוואָרן, האָבן מיר, פון אַלע אָנשטרענגונגען אויסצוגעפינען עפּעס פון אייך, געווען אָן רעזולטאַטן. מיר האָבן זיך געווענדעט צום „רויטן קרייץ", צו ה׳ כאברוצקי אין מאָסקווע, ווי אויך צו דר. עמיל זאָמערשטיין, דער הויפּט פון צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע, ווי אויך צו אַ דעלעגאַט, וואָס איז דאָ געווען פון פּאַריז, איינער אברהם ראיסקי, וועלכער האָט אויך א שייכות מיט ביעלסק — אָבער, צום גרעסטן באַדויערן, איז אַלץ געווען אומזיסט — גלייך ווי דאָס שטעטל וואָלט געווען אָפּגעווישט (כאָטש עס איז באַלד אַזוי) — ביז מיר האָבן באַקומען אייער בריוו און אויך א בריוו פון ה׳ כראבאלאָווסקי׳ן.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מיר האָבן גאָרנישט געהערט פון אייך, דאָך האָבן מיר געזאמלט איבער זעקס טויזנט פונט געניצטע קליידער — פאַר מענער, פרויען און קינדער, און עס איבערגעשיקט (שוין איבער 8 חדשים) דורכן היגן „ראשיען וואָר רעליף", וועלכער האָט אונדז ערנסט פאַרשפּראָכן,

אַז די זאַכן וועלן גיין אויסשליסלעך קיין ביעלסק. ביז איצט האָבן מיר נאָך קיין ידיעה נישט וועגן דעם.

מיר האָבן אויך איבערגעגעבן דעם „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע", וויסנדיק אַז זיי האָבן פאַרטרעטער אין פוילן, אַז זיי זאָלן זיך שטעלן מיט אייך אין פאַרבינדונג. איצט געפינט זיך ביי אייך אין פוילן איינער אַ דר. שוואַרץ — האָבן מיר זיי געגעבן צוויי הונדערט און פופציק (250) דאָלאַר, אַז זיי זאָלן דורך זייער פאַרטרעטער אויסגעפינען, ווער און וואָס עס געפינען זיך אין ביעלסק, און עס גלייך איבערגעבן אין וועלכער עס איז פאָרם: קליידער, שפּייז, מעדיצין א. א. וו. אָבער נאָכאַמאָל, דאָס זעלבע — מען הערט נישט קיין וואָרט!

די מיטגלידער פון אונדזער רעליף־אָרגאַניזאַציע, פון וועלכן איך האָב דעם כבוד צו זיין דער סעקרעטאַר, האָבן זיך געפילט ווי פאַרצווייפלט — און מיט רעכט — ווייל ווי איז דאָס מעגלעך, עס זאָל זיך נישט דורכרייסן כאָטש איין בריוול? נו, ווען אייער בריוו איז געקומען, כאָטש אַז אַך־און־וויי וואָס פאַר אַ בשורות מיר הערן פון אייך, אָבער דאָך, ווייסן מיר אַרום פופציק אָדער פינף און פופציק יידן אין אונדזער שטאָט.

איצט, ה' טיקאָצקי, וויל איך זאָגן אָט־וואָס:

מיר דאָ, אַלע מיטגלידער פון אונדזער פאַריין (רעליף) וועלן טאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך, אייך צו העלפן אין אלצדינג: אויב איר דאַרפט שפּייז, קליי־דער, געצייג־מכשירים און אַנדערע זאַכן. לאָזט אונדז גלייך וויסן וועגן דעם, און מיר וועלן באַלד אויספילן אייער בקשה.

מיר פאַרשטייען זייער גוט, וואָס איר און אַלע יידן זענען אַדורכגעגאַנגען אין די לעצטע פינצטערע און חושכ'דיקע יאָרן; די ליידן און פיין און וואָגלע־ניש און רציחות, — אָבער איך וויל אייך זאָגן, אַז איר זאָלט נישט זיין פאַר־צווייפלט. דאָס יידישע פאָלק איז שוין דורכגעגאַנגען פאַרשידענע צרות און יסורים. אמת, דער איצטיקער חורבן שטייגט אַריבער אין אַלע פרטים, די גע־וועזענע אין דער געשיכטע פון אונדזער אומגליקלעך פאָלק. אָבער מען מוז זיין שטאַרק! מען דאַרף אויפהאַלטן דעם ווילן צו לעבן און עקזיסטירן — דאָס יידישע פאָלק וועט בלייבן לעבן!

מיין הויפּט־שרייבן צו אייך איצט, איז, אייך צו פאַרזיכערן, אַז מיר, די ביעלסקער לאַנדסלייט, וועלן אייך נישט פאַרלאָזן. מיר וועלן אייך העלפן און העלפן!

עס וואָלט געווען ראַטזאַם צוויי זאַכן:

1. איר, די אַלע יידן, וועלכע געפינען זיך איצט אין ביעלסק, זאָלן האָבן אַ פאַרזאַמלונג און דערוויילן פון אייך אַ קאָמיטעט, לאָמיר זאָגן, פון אַ אַכט אָדער צען פערזאָן, און אַז דער קאָמיטעט זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ, וואָס איר וועט באַשטימען. אונדז צושיקן אַ צעטל (רשימה) פון יעדן איינעם ייד, וואָס געפינט זיך ביי אייך. זיי זאָלן זיך אונטערשרייבן, אַז זיי האָבן דער־ווײלט דעם דאָזיקן קאָמיטעט. דאָס וועט אונדז געבן די מעגלעכקייט צו וויסן, אַז מיר האַנדלען דאָ מיט אַ פאַראַנטוואָרטלעכע קערפּערשאַפט, וואָס וועט האַנד־לען און אויסטיילן גערעכטיקייט און יושר צו אַלעמען.

2. ווען איר האָט שוין אַזאַ קאָמיטעט דערווײלט, דאַרפט איר פאַרלאַנגען פון דעם „דזשאָינט" פאַרטרעטער, פון דעם דר. שוואַרץ, וועלכער געפינט זיך איצט ביי אייך אין פוילן, אין וואַרשע, דוכט זיך, ער זאָל זיך שטעלן מיט אייך גלייך אין פאַרבינדונג, און אייך איבערגעבן די סומע, וואָס מיר האָבן דאָ אין ניו־יאָרק געגעבן דער „דזשאָיט דיסטריביושאָן קאָמיטע", אין געלט, אָדער אין שוה כסף: ווי קליידער, שפּייז און אַנדערע לעבנס־נויטיקע אַרטיקלען.

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז ער האָט עס שוין געטאָן, ווייל איך האָב גערעדט מיט אַ פאַרטרעטער פון דעם „דזשאָינט", און מען האָט מיר דערקלערט, אַז עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז דר. שוואַרץ איז שוין מיט אייך פאַרבונדן. אויב עס איז אַזוי, וואָלטן מיר געווען זער און זער צופרידן. ווייל מיר קענען זיך פאַר־שטעלן, ווי אַזוי איר ווערט פילן, ווייסנדיק, אַז איר זייט נישט אַליין. נישט עלנט. נאָר אַז דאָ, ווייט איבערן ים, זענען דאָ אייערע ברידער און שוועסטער, וואָס זייערע הערצער זענען וואַרעם און פול מיט יושר און רחמנות.

אַלזאָ, ליבער ה' טיקאָצקי: טוט וואָס איך בעט אייך און טוט עס באַלד! לייגט נישט אָפּ! ווייל וואָס פריער מיר וועלן איינשטעלן די ריכטיקע פאַרבינ־דונג, אַלץ בעסער וועט עס זיין פאַר אייך!

מיר זאָגן אייך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל: זייט מוטיק! האָט האָפענונג און גלויבן, און איר וועט זען, אַז ביעלסק וועט ווידער אויפגעבויט ווערן און דער ישוב ביעלסק מיט אַלע אירע אינסטיטוציעס וועט לעבן!

איצט, אַ פערזענלעכן פאַרלאַנג:

איך האָב געהאַט צוויי שוועסטער אין ביעלסק. די עלטערע, חיה שמש. איר מאַן, יחזקאל שמש מיט די צוויי זין זענען אין תל־אביב אין פאַלעסטינע. זי האָט נישט באַוויזן זיך אַרויסצוכאַפּן פון פוילן, ווייל די מלחמה האָט אויס־געבראָכן ריכטיק ווען זי איז געווען גרייט אַוועקצופאָרן.

די צווייטע שוועסטער, צביה זינגער, מיט איר מאַן יאנקל זינגער און די קינדער האָבן געוווינט אין בעלאוויעזש, אָדער לעצטנס אין גאַינאָווקע. איך ווייס נישט, וואָס מיט זיי איז געוואָרן. אפשר ווייסט איר עפּעס פון זיי, וועל איך אייך זער דאַנקבאַר זיין פאַר געבן מיר וועלכע עס איז אינפאָרמאַציע. טוט מיר די דאָזיקע טובה, ווייל איך בין זער אומרויק און פאַרצווייפלט וועגן זיי.

זייט אייך געזונט און שטאַרק און גיט איבער אַלע לאַנדסלייט אין אונדזער נאָמען אַ האַרציקן גערוס און אַ ווונטש צו בעסערע און רויקערע טעג און יאָרן אייך און אַלעמען.

מיר דערוואַרטן פון אייך אַ באַלדיקע תשובה!

אין נאָמען פון דעם ביעלסקער רעליף קאָמיטעט,

א ל י ה ו ס א מ א ל ס

קאָרעספּאָנדענץ סעקרעטאַר

חשובער פריינט י. קלעשטשעלסקי!

איך שרייב אייך אין נאָמען פון היגן פאַרייניקטן ביעלסקער רעליף קאָמיטעט (יונאיטעד ביעלסקער רעליף), פון וועלכן איך בין דער סעקרעטאַר.

אייערע קרובים דאָ אין אַמעריקע, מיטגלידער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. די חשובע פריינט קריסטאלס, האָבן מיר אויך געבעטן, איך זאָל זיך מיט אייך צוזאַמענשרייבן. און איך טו עס מיט פאַרגעניגן.

געוויס ווייסט איר, פריינט קלעשטשעלסקי, אַז אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט געהאָלפן אונדזערע פאָר צענדליק לעבן־געבליבענע לאַנדסלייט אין אונדזער היים־שטאָט ביעלסק, מיט וואָס עס איז אונדז נאָר מעגלעך געווען. מיר האָבן זיי איבערגעשיקט הונדערטער פעקלעך שפּייז און קליידער און אויך באַדייטנדיקע סומעס געלט. מיר האָבן אַלץ געדענקט. אַז זיי וועלן קענען צוריק נעמען זיך אויפבויען זייער לעבן און פאַמעלעך זיך נעמען איינאָרדענען און אויפבויען צוריק דאָס, וואָס איז צעשטערט געוואָרן פון די בלוטיקע נאַציס. צו אונדזער גרויסן באַדויערן, איז נישט ווי מיר האָבן געדענקט אָדער געוואָלט. נאָר די פאַקטן רעדן דאָרט פאַר זיך אַליין. דער לעבן זייערער, נישט גענוג, וואָס זיי האָבן אלצדינג פארלוירן, זייערע טייערע, ליבסטע און אייגענע, און אויך גאַנצע משפּחות — איז די לאַגע דאָרט איצט אַזוי שרעקלעך, אַזוי שווידערלעך, אַז מען איז פּשוט נישט זיכער מיטן איבערלעבן דעם טאָג אָדער די נאַכט...

איך גלויב, פריינט קלעשטשעלסקי, אַז איר ווייסט עס אַזוי גוט ווי מיר דאָ. איר לייענט אויך די צייטונגען, און איר קריגט אויך רעיעלע ידיעות פון דער אמת'ער לאַגע דאָרט.

אונדזערע לאנדסלייט אין ביעלסק, האָבן אונדז כסדר פאַרוואָרפן מיט איין געבעט, מיט איין פארלאנג — מיר זאָלן זיי ראַטעווען! מיר זאָלן זיי אַרויסנעמען פון דעם בלוטיקן נייעם גהינום, וואָס הייסט איצט פּוילן. מיר האָבן זיי געגעבן מוט און האָפענונג, אַז מיר וועלן טאָן אַלץ, וואָס נאָר מעגלעך זיי צו העלפן.

אַלזאָ, איצט קום איך צום פּונקט מיט מיין שרייבן צו אייך.

איר ווייסט זיכער דעם פאַקט, אַז די היגע „אַמעריקאַנער פעדעראַציע פאַר פּוילישע יידן” מיט דר. יוסף טענענבוים אין דער שפּיץ, איז געלונגען צו קריגן פון דער פראַנצויזישער רעגירונג טראַנסיט־וויזעס פאַר צען טויזנט יידן. אַזוי שנעל ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם. האָבן מיר זיך גלייך געשטעלט אין באַרבינדונג מיט דער אָרגאַניזאַציע און מיר האָבן איינגעצאָלט פאַר 22 פּערזאָן פאַר טראַנסיט־וויזעס קיין פראַנקרייך. אַ וויזע קאָסט אונדז הונדערט דאָלאַר. מיר האָבן געשיקט וויזעס נישט נאָר צו ביעלסקער אין ביעלסק, נאָר אויך צו אונדזערע לאַנדסלייט אין אַנדערע שטעט אין פּוילן, ווי צום ביישפּיל: אין שטעטין, ווראָצלאַוו, ביאַליסטאָק, וואַרשע א. אז. וו.

